# דער מענטש

.1

דער מענטש האָט קיינמאָל ניט געזען דעם טויט, — איז ניט געווען קיין טויט.

דער מענטש איז געווען אַ מויערער. צו פופצן יאָר איז ער שוין געווען אַן אַרבעטער בײַ זײַן מלאכה, און אין משך פון נאָך גאַנצע פופצן יאָר האָט ער מיט ליבשאַפט און ערנסט געטראָגן דעם יאָך פון דער אַרבעט — זײַן לעבן.

די אַרבעט איז געווען אַ געפערלאַכע. יעדן טאָג האָט איבער אים געלויערט דער טויט: — עס זײַנען געפאַלן ציגל פון די אויבערשטע גאָרנס. עס זײַנען געפאַלן ברעטער פון רעשטאַוואַניעס, אויף וועלכע זײַן פוס האָט זיך אָנגעהאַלטן. עס זײַנען געפלויגן איבערן בלויזן קאָפּ אײַזערנע שטאַנגען און וואָגיק געצייג. ס'האָט אויך אַ סך מאָל פּאַסירט, אַז, שטייענדיק אויף דעם העכסטן פּונקט פון אַ פילשטאָטיקן טורעם, פלעגט פּלוצלונג אַ שווינדל טאָן אין קאָפּ, און דאָס לעבן האָט זיך דאַן ממש געצאַפּלט אויף אַ דין הערעלע... דאָס הערעלע האָט זיך נאָר באַדאַרפט איבעררײַסן, און ער וואָלט געפלויגן אַראָפּ פון טורעם, ווי עס זײַנען געפלויגן די ציגל, וואָס האָבן זיך אַמאָל, דורך זײַנער אַן אומפאָרזיכטיקייט אַ וועלכער, אַרויסגעגליטשט פון זײַן האַנט און געפאַלן טיף אַרונטער און צעבראָקלט געוואָרן אויף שטיקלאַך און שטויב.

גאַנץ אָפט האָט דער מענטש אויך בײַגעוואוינט שרעקלאַכע צופאַלן, וואָס האָבן דורך די יאָרן פּאַסירט מיט זײַנע חברים אַרבעטער. מענטשן זײַנען פאַר זײַנע אויגן דערהרגעט געוואָרן. מענטשן זײַנען אויף אייביק געוואָרן קאַליקעס. און ער אַליין האָט אָפט אויסגעמידן דעם טויט דורך אַן אומפאַרשטענדלאַכן צופאַל, דורך אַ נס. ווען די געפאַר איז שוין געווען גאָר נאָענט, פלעגט שטענדיק

עפּעס פּאַסירן, וואָס פּלעגט אים ראַטעווען. אָדער ער פּלעגט אַליין דערפילן די געפאַר, אָדער אימיצער פון די חברים פּלעגט צו אים מיט שרעק אין דער שטימע אויסשרייען:

— העי, טרעט אָפּ!

און דער טויט פּלעגט אים אויסמיידן. די געפאַרן פון נעכטן און פון פאַראַיאָרן זיינען פאַרגעסן געוואָרן. זיינען ניט געווען. און די צוקונפט איז געווען האָפענונגספול און גלויביק. די אַרבעט האָט געהאַט אַ זין. דאָס לעבן האָט געהאַט אַ זין, און דערפאַר איז ניט געווען קיין מורא, און עס איז בלויז געווען אַ פעסטער, קלוגער, איינגעבוירענער גלויבן אין לעבן און אין דער אייגענער צוקונפט.

און עס איז ניט געווען קיין טויט.

ניט זעלטן האָט אויך פּאַסירט אַ זאַך, וואָס ער האָט קיינמאָל ניט געקאָנט פאַרשטיין. עס איז שטענדיק געווען אַ גרויסע פרייד צו אַרבעטן אין די געפערלאַכע ערטער, אויף העכסטע פּונקטן פון געביידעס און טורעמס, אויף משופּהדיקע רעשטאָוואַניעס. דאָס לעבן פּלעגט דאַן פאַרלירן דאָס ערדישע. דיווירקלאַכקייט פּלעגט זיך דערווייטערן. דאָס לעבן פּלעגט ווערן אַ חלום. אַזאַ זיסער חלום איז דאָס געווען, אַז די אַרבעט פּלעגט דורך אים פאַרלירן איר שווערקייט און ווערן, אינאיינעם מיטן לעבן — דערלייזונג. אַזאַ גייסטיקער צושטאַנד, וואָס האָט זיך געגרעניצט מיט אַ דערהויבנקייט, פון וועלכער עס וויסן, וואַרשיינלאַך, נאָר גרויסע שאַפער אין זייער העכסטער פרייד. אַזאַ העכסטער פּונקט אין לעבן, ווען עס איז ניטאָ קיין טויט.

ס'איז געווען אַ מורא אַ קוק צו טאָן אַרונטער. עס האָט אויך געשווינדלט אין קאָפּ. אָבער עס איז ניט געווען קיין מורא פאַרן טויט. עס איז געווען דער שרעק פאַר דעם אייגענעם גרויסן גענום און פאַר דער אייגענער גרויסער נייגעריקייט, ווען די געפאַר הויבט אָן צו רופן און פאַרפירן און פאַרשכורן. די טויטלאַכע ווייטקייט פון דער ערד און פון מענטשן האָט געבוירן אין האַרצן אַ שטאַרקן, כמעט באַצווינגענדיקן פאַרלאַנג אַ וואָרף צו טאָן זיך אין דעם אָפּגרונט, פאַרשלונגען ווערן פון דער אימה, וואָס האָט געלויערט און גערופן.

און שטענדיק האָט זיך געפונען אין דעם מענטשן געגנוג כּח בײַצושטײן דעם גרויסן נסיון.

און עס איז ווידער ניט געווען קיין טויט. און אַז עס פֿלעגט אַריבער אַ קורצע צײַט, פֿלעגט דער מענטש פֿאַרגעסן פֿון אָט־דער דערפֿאַרונג, ווי ער האָט פֿאַרגעסן פֿריִער וועגן טויזנטער אַנ־דערע דערפֿאַרונגען. ער פֿלעגט קומען אין די אָוונטן אַהיים, איבער־טאָן זיך אין בעסערע קליידער און גיין צו זײַן געליבטער, וואָס האָט געוואוינט ניט ווײַט, אין אַ שמאָל געסל, אויך אַן אַרבעטער־מיידל, אַ נייטאָרין.

זיי פֿלעגן ריידן פֿון זייערע אַרבעטן. זי — פֿון אירער און ער — פֿון זײַנער. זיי האָבן מערסטנס גערעדט פֿון אַרבעט. ווײַל אַרבעט איז געווען — לעבן. עס איז ניט געווען קיין מחיצה צווישן אַרבעט און לעבן. ביידע זײַנען געווען — איינס. און אַזוי ריידנ־דיק, פֿלעגט פּאַסירן, אַז ער האָט דערציילט וועגן אַ געפֿערלאַכן צופֿאַל, וואָס ער האָט דעם טאָג אויסגעמיטן בײַ דער אַרבעט. זי פֿלעגט אים מיט שרעק אויסהערן, קוקן אויף אים מיט אירע גרויסע גוטע אויגן, און זאָגן:

— באַדאַרפֿסט זיך היטן. עס איז אַ געפֿאַר צו פֿאַרלירן דאָס לעבן. דו מוזט זיך היטן.

ער פֿלעגט בלויז שמייכלען:

— היטן? אָט אַרבעט ער שוין אַזוי פֿיל יאָרן, און עס האָט נאָך קיין זאַך ניט פּאַסירט. און עס וועט ווײַטער אויך ניט פּאַסירן. ער קען אַ מויערער, וואָס איז שוין פֿינף־און־דרײַסיק יאָר בײַ דער מלאכה. ער קען אַ סך אַלטע מויערער. ניין. וואָס איז דאָ וואָס צו שרעקן זיך?

פֿון אירע אויגן פֿלעגט דאַן פֿאַרשווינדן דער שרעק, און איר האַרץ האָט געקלאַפּט מיט האָפֿענונג.

2.

און ווען דער מענטש איז קראַנק געוואָרן, און דאָקטוירים האָבן אים פֿאַרבאָטן צו אַרבעטן, האָט דער מענטש נאָך אַלץ ניט גע־

זען דעם טויט און ניט אויפגעהערט, רעגלמעסיק און פּאַרעקשנט, צו גיין צו דער ארבעט.

ביז עס האָט פּאַסירט דאָס שרעקלאַכע.

דאָס איז געווען דעם לעצטן טאָג פון זיין אַרבעט. מען האָט געהאַלטן אין פאַרענדיקן די אַכט־און־פערציק שטאָטיקע געביידע אין דעם פּאַרק־ראָו געגנט. די ארבעט ארום דער געביידע איז געווען אַן איילנדיקע. מען האָט די געביידע באַדאַרפט פּאַרטיק מאַכן אין אַ קורצער צייט. מען האָט געאַרבעט, געיאָגט פון אַן איילנדיקער, באַצווינגנדיקער האַנט. מען האָט געצוואונגען צו אַרבעטן איבער דער געוויינטלאַכער אַרבעט־צייט.

די קאָנסטרוקציעס פון די צוויי אויבערשטע גאָרנס זיינען נאָך ניט איינגאַנצן אַרומגעמויערט געווען, און אין די אונטערשטע גאָרנס האָבן זיך שוין אריינגעצויגן די אָפּיסעס פון פיל שטאָטישע קאָרפּאָראַציעס, סטאַק־בראָקערס און פאַרזיכערונג־געזעלשאַפטן. איבער די צוואַנציק ליפטן, וועלכע זיינען, פון אָנהויב אָן, איינגעאָרדנט געוואָרן אַזוי, אַז זיי זיינען געלאָפן אין לאָקאַלע און עקספּרעס דעסטינאַציעס, זיינען שוין אַרומגעפלויגן, אַרויף און אַראָפּ, טויזנטער איילנדיקע מענטשן. דער גאַנצער וועזן פון דער געביידע איז נאָך ניט איינגאַנצן געבוירן געוואָרן, און אין זיין אינגעווייד האָט שוין געזאָטן דאָס קאָכעדיקע לעבן פון דער גרויסער שטאָט.

עס איז געווען אַ שפּעטער נאָכמיטאָג. דער טאָג איז געווען אַ גרויער. אַ נאַסער. מענטשן זיינען געווען שווייגנדיק. מענטשן זיינען געווען טרויעריק אפילו באַ דער אַרבעט.

דער מענטש האָט אויך געאַרבעט שווייגנדיק. איבער דער מאָדנער שווערקייט, וואָס האָט געדריקט די ברוסט, האָט ער ניט געקענט אויסריידן אַ וואָרט מיט די חברים אַרבעטער, וואָס זיינען געווען אַרום אים. ער האָט געטאָן די אַרבעט מעכאַניש, ניט טראַכטנדיק, און נאָר געפילט אַזאַ מידקייט און אַזאַ אומעט, אַז די אַרבעט איז מיט שווערקייט אַרוים פון אונטער זיינע הענט.

און פאָראויס זיינען נאָך געשטאַנען שווערע שעהן פון אַרבעט, און דער מענטש האָט נאָר געוואָלט, אַז דער טאָג זאָל זיך שנעלער ענדיקן.

און דאַן האָט עס פּאַסירט. פון אָנהויב איז עס געווען בלויז אַ הוסט, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן טיף טיף אין ברוסט און אָנגעצויגן אַלע מוסקולן אויף זיין פּנים און האַלז, אַרויסרופנדיק אַ שאַרפן, פּיינלאַכן ווייטיק אין רוקן. ער האָט גלייך דערפילט אַן אומבאַזיגבארן פאַרלאַנג אָנצושפּאַרן זיך אָן עפּעס, אָדער אַרונטערצולאָזן זיך אויף די ברעטער, וואָס זיינען געווען אונטער די פיס. עס האָט געצויגן צו אָנשפּאַר .ער האָט זיך קוים געקענט ראַנגלען מיט אָטדעם באַצווינגענדיקן פאַרלאַנג.

און פּלוצלונג האָבן זיך די בלוטן, אין אַ הייסער יאָגעניש, אַ לאָז געטאָן צום קאָפּ, צום האַלז, צו די אויגן, צו די אויערן. עס איז פינצטער געווען אין די אויגן. ער האָט קיין זאַך ניט געהערט. געפילט נאָר, ווי ער פאַלט אויף די ברעטער, צווישן אָפּגעבראָקלטע ציגל און פאַרשמירט, ליימיק געצייג, און אַז די וועלט איז פינצטער, פינצטער.

ער האָט אין זיין שרעק ניט געשריען, ניט גערופן צו הילף, נאָר אַליין, אין שטומען שווייגן, געוואַרט, ביז דאָס, וואָס איז אויף אים אָנגעפאַלן, זאָל אָפּלאָזן, אָפּטרעטן.

דאָס איז געווען דער ערשטער גרויזאַמער בלוט־שטורעם.

אַז ער האָט, שפּעטער אַ ווײַלע, געעפנט די אויגן, איז אַרום געווען אַלץ דאָס זעלביקע בילד. קיין זאַך האָט זיך ניט געביטן: די הויב־מאַשינען האָבן געראָדערט, די הויב־שטאַנגען האָבן אַרויפגעצויגן שטאָלענע קאָנסטרוקציע־טיילן, ברעטער און ציגל־שטיינער. מענטשן האָבן געהאַוועט, געטראָגן און געשלעפּט. און דער מענטש האָט עטלאַכע רגעס ניט געקענט באַנעמען די ווירקלאַכקייט. אָט איז, דאַכט זיך, פאַר זיינע אויגן אונטערגעגאַנגען די וועלט, פאַרבלינעט געוואָרן אין בלוט, און פאַר די אויגן איז גאָר אַלץ געווען, ווי אַלע מאָל, ווי פריער.

בלויז איינער, דער נאָענטסטער אַרבעטער לעבן אים, איז מיט נעמאָסטענע טריט צוגעגאַנגען צו אים, איבערגעבויגן זיך, דערזען, וואָס עס האָט פּאַסירט, און געזאָגט:

— אך, ברודער, שלעכט — דאָס איז שלעכט!

און אַז דער מענטש האָט ניט געענטפערט, האָט דער ארבעטער
אַ זאָג געטאָן שוין צו זיך:

— אָט דאָס גאָר?.. אַזאַ מעשה, אַזאַ מעשה!...

און איז אַוועק רופן מענטשן און דעם אויפזעער.

דאָס איז געווען דעם מענטשנס לעצטער טאָג בײַ דער אַרבעט.
דער מענטש איז מער קיינמאָל ניט געקומען פאַרענדיקן די ריזיקע
אַכט־און־פערציק־שטאָקיקע געביידע: אַן אַנדערער האָט פאַרנומען
זיין פּלאַץ.

אָבער די ריזיקייט פון דער געביידע, די הויך, ביז וועלכער ער
האָט זי געהאָלפן דערהויבן, די לעצטע אָנגעשטרייגטע פרייד פון
שטייגן איבער רעשטאָוואַניעס און טרעפּ, פון גאָרן צו גאָרן, אַלץ
העכער און העכער, די רעגנדיקע הויך און די וואונדערלאַכע בילדער
פון דער שטאָט, וועלכע ער האָט מיט זיינע אייגענע צוויי הענט
געהאָלפן בויען און דערהויבן, — דאָס אַלץ האָט ער צונויפגענומען,
ווי אַ טייערע גאָב, פאַרבאָרגן טיף אין זיך און אַרומגעטראָגן זיך מיט
דעם ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן.

און אַרומטראָגן זיך מיט דעם איז געווען אַ גרויסע פרייד,
ווי עס איז פריער געווען אַ פרייד אַרויסצוגיין מיט דער געליבטער,
מיט לאָרען, אין די זונטיקס, אָנקוקן די פאַרענדיקטע געביידעס. עס
איז עפּעס שטענדיק אין אים געווען אַ געפיל, אַז די געביידעס זיינען
זיינע. ער האָט, דאַכט זיך, געקענט דאָן זיין כלה אָנווייזן אויף יעדן
שטיין, וואָס זיין האַנט האָט אַוועקגעלייגט, אויף יעדן קאַרניזל, וואָס
זיין האַנט האָט אויסגעלייגט. און עס איז קיינמאָל ניט געווען
קיין קנאה אין הארצן, קיין פאַרדראָס, וואָס אַנדערע, רייכערע,
גליקלאַכערע, האָבן פאַרנומען די געביידע. עס איז סיי־ווי־סיי
געווען זיינס. ער אַ ל יי ן איז געווען רייך און גליקלאַך.

לאָרע, וואָס האָט פּשוט, אָן אַ וועלכער עס איז פאַרטיפונג,
באַנומען זאַכן, פלעגט טאַקע אַמאָל אַ זאָג טאָן:

— וואָס איז דער גליק? מיר דאַרפן נאָך אַלץ וואוינען אין
אַלטע הייזער — — —

פלעגט דאָן דער מענטש אַביסל אין כעס ווערן אויף איר:

— עס איז מיינס! דורך דער ארבעט איז עס מיינס. דורך דער צוקונפט איז עס מיינס. און דו פאַרשטייסט עס ניט. דער, וואָס האָט געגעבן דאָס געלט, האָט ניט געגעבן קיין זאַך, וואָס איז אייגנס. דאָס געלט איז ניט זיינס. די אַרבעט איז ניט זיינע. קיין זאַך איז ניט זיינס. ס'איז אונזערס, דעם אַרבעטערס. מיר האָבן דאָס אויפגעבויט, מיר, מיר, מיר! בלוט און האָרעוואַניע!

ער פלעגט אַ קלאַפּ טאָן זיך אין האַרצן. און זיין פּנים איז דאַן געווען שטרענג, און די אויגן שטעכעדיק. לאָרע פלעגט שוין ניט מאַכן די נאַאיווע באַמערקונגען. זי פלעגט שווייגן און באַוואונדערן. און נאָכדעם, אַז זיי האָבן פאַרלאָזן דעם פּלאַץ, זיינען זיי שטענדיק געווען אַביסל אומעטיקע און פאַרטראַכטע.

שוין אין סאַנאַטאַריום פאַר שווינדזיכטיקע, אַז מ'האָט אים געפרעגט וועגן זיין באַשעפטיקונג, פלעגט ער נאָך אַלץ מיט אַ מאָדנעם שטאָלץ זאָגן:

— אַ מויערער בין איך. אָט וואָס איך בין. געבויט הייזער, גרויסע געביידעס, מויערן.

און ער פלעגט אָנרופן די נעמען פון די גרעסטע געביידעס אין שטאָט. און ריידנדיק אַזוי וועגן די געביידעס, פלעגט ער זיך דערפילן אַף אַ ריזיקער הויך, ערגעץ אַף אַ טורעם, אַרום אַ קונציקן קאַרניז, אַריבער מענטשן, אַריבער דער שטאָט.

די אַרומיקע קראַנקע סביבה פלעגט דאַן פאַרשווינדן און אין האַרצן פלעגט אויפלעבן דער באַקאַנטער, פאַר'שכורנדיקער, מאָדנע־זיסער געפיל פון שטייגן צו אַ רעגעדיקער הויך. די הויך האָט ניט געהאַט קיין סוף און דאָס שטייגן צו איר איז געווען אומענדלאַך.

.3

מיט זיין לאָרען האָט דער מענטש אָפּגעריסן די באַציאונגען, זייענדיק בלויז עטלאַכע וואָכן אין סאַנאַטאַריום.

ער האָט פון איר געקראָגן אָפּטע בריוו און אַ בילד, ספּעציעל פאַר אים גענומען. און אַז ער האָט ניט געענטפערט, ניט אַף די בריוו און ניט אַף דעם בילד — איז זי געקומען אים זען פערזענלאַך.

האָט ער איר טאַקע דאַן געזאָגט:
— פאַרגעס מיך, לאָרע, האָב חתונה.
זי האָט פון אָנהויב ניט פאַרשטאַנען:
— חתונה? מיט וועמען — חתונה?
ער האָט אין קאַלטן בלוט, געזאָגט:
— אַט, מיט וועמען דו וועסט וועלן. און מיך — פאַרגעס. כ'וועל לאַנג ניט לעבן. כ'וועל שטאַרבן.

זי האָט אים פּרובירט טרייסטן, האָט אַ סך לעבן אים געוויינט און אַוועקגעפאָרן אַהיים מיט געשוואָלענע אויגן פון ביטערן קלאָגן. אָבער ער איז געבליבן פאַרעקשנט, און האָט שוין פאַר'ן געזעגענען זיך אויך ניט פאַרגעסן צו דערמאַנען:

— דו הערסט, לאָרע? — זאָלסט פאַרגעסן!

נאָכדעם איז ער אַוועק אין זיין ווינקל, האָט איבערגעלייענט אַלע אירע בריוו, האָט זיך צו זאַט אָנגעקוקט אַף איר בילד, און ערשט ווען ער האָט אויפגעהויבן די אויגן פון בילד, האָבן אַלע געזען, אַז זיינע אויגן און זיין פּנים זיינען נאַס פון טרערן. דאָס האָט ער זיך צום ערשטן מאָל אין פיל יאָרן געלאָזט פריי זיין האַרץ, און האָט זיך גוט אויסגעוויינט.

אָבער אַף לאָרעס בריוו האָט ער קיינמאָל ניט געענטפערט.

אַזוי האָט ער אויך אָפּגעריסן מיט אַלע זיינע אַמאָליקע פריינט, און איז געבליבן איינער אַליין אַף דער וועלט נעדולדיק וואַרטן אַף זיין טויט. — אַ מענטש, וואָס האָט געוואַרט אַף זיין טויט.

אָבער איין מאָל, בלויז איין אנציקן מאָל, האָט פּאַסירט, אַז דער מענטש איז אָנגעצונדן געוואָרן מיט אַ פאַרלאַנג צו זען זיין געוועזענע כלה, לאָרען. דאָס איז שוין געווען ניט לאַנג פאַר זיין טויט. אָבער ווען ער איז געקומען אין שטאָט און אויסגעפונען וואו זי וואוינט, און האָט זיך שוין זאָגאַר אויפגעהויבן איבער די טרעפּ ביז איר דירה, האָט ער פאַרלאָרן דעם מוט. זיין האַרץ האָט אין אים אָנגעהויבן שטאַרק צו קלאַפּן. איז ער אַ ווײַלע געשטאַנען לעבן לאָרעס טיר און האָט ניט אָנגעקלונגען. אָבער אַרויסגייענדיק, האָט ער דאָך, פאַרזיכטיק, בא אַ שכנה, אויסגעפרעגט אַלע, וואָס עס האָט אים אינטערעסירט. ער האָט זיך טאַקע דאַן אויך דער־

וואוסט, אז לאָרע איז א פרוי פון א שווערן ארבעטער און א מוטער פון צוויי ליבע קינדערלאך. און אז ער האָט דאָס דערהערט האָט אים שטאַרק פאַרקלעמט באַם הארצן, אזוי שטאַרק, אז ער איז שיר ניט אומגעפאַלן. אָבער ער האָט זיך געשטאַרקט און שוין פאָרנדיק צוריק, אין סאַנאַטאָריום, האָט ער זיך באַרואיקט. ער האָט נאָר צו זיך געזאָגט:

— נו, הייסט עס, אוים. פאַרפאַלן!

און דאָס האָט געמיינט א סך זאַכן אינאיינעם, דאָס גאַנצע לעבן. און פון דעם איז געווען אי גוט אי לייכט אַפן הארצן, און דער מענטש איז ווידער געווען אין סאַנאַטאָריום און ווידער געוואָרט אַף זיין טויט, געדולדיק און קאַלט.

דער טויט איז שוין ניט געווען, וואָס אַלע מאָל — א ווייטער, אומקלאָרער, אביסל שרעקעדיקער באַגריף פון א גרענעץ, וואו עס לאָזט זיך אויס דאָס לעבן און עס הויבט זיך אָן דער טויט. דער טויט איז שוין געווען אין אים. איז אין אים אריין ווי א צווייטע נשמה, האָט פול געמאַכט מיט זיך זיין יעדן גליד, באַשטימט זיין יעדן ריר און צאַפּל, און אָפּגעמאָסטן מיט זיין מאָס, און אָפּגעוואוינגן מיט זיין וואָג די טעג פון דעם מענטשנס לעבן.

און דערפאַר איז שוין ניט געווען אינם מענטשן קיין מורא פאַרן טויט. און עס איז ניט געווען קיין שרעק פאַרן אומבאַוואוסטן. און נאָר דער שרעק, וואָס איז אין אים געבוירן געוואָרן באַ דער ערשטער בלוטונג, האָט זיך פאַרבאָרגן אין דעם מענטשנס בלוט, פלעגט גאַנץ אָפט, ווי א לעבעדיקער ווען, באַוויייזן זיין פנים, איבערשרעקן, און ווידער פאַרבאָרגן זיך אין לויערנדיקן שווייגן.

דאָס איז געווען די מורא פאַרן ערשטן שטומען אָנזאָג, וואָס ווערט ער נאָר איין מאָל געבוירן, — בלייבט ער לעבן אייביק. דאָס איז געווען די מורא פאַר די אייגענע צעשראָקענע בלוטן, וואָס לאָזן זיך אין פאַנישער יאָגעניש ארויס פון די ברעגן פון זייער לעבן צו פרעמדע אויסגעלאָשענע אָפּגרונטן.

דער הוסט האָט דעם מענטשן אויסגעמאַטערט. ער פלעגט זיך פאַרהוסטן, הוסטן לאַנג און ווייטיקדיק. די אָדערן אַפן האַלז און אַפן שטערן פלעגן זיך אָנציען, שטייף ווערן, ביז צום פּלאַצן.

די בלוטן פלעגן זיך אַ לאָז טאָן מיט אימפּעט צום אויפגעפלאַמטן קאָפּ, אויפוועקן די אָפּגעטונקלטע געהירן, און אין דעם אויפגעשראָקענעם האַרצן פלעגט געבוירן ווערן דער שרעק פאַר דעם אָנזיכט פון אייגן בלוט, וואָס איז געווען שרעקלאַכער פון טויט.

.4

און אַזוי האָט דער מענטש גאַנצע פינף יאָר אָפּגעלעבט אין דעם סאַנאַטאַריום פאַר שווינדזיכטיקע. די דאָקטוירים האָבן אויפגעגעבן אַלע האָפנונגען. און ער אַליין האָט קיינמאָל ניט געגלויבט, אַז ער וועט ווען עס איז צוריק געזונט ווערן. איז דער שיקזאַל זיינער געווען ווי פאַרזיגלט. דער מענטש האָט איצט באַדאַרפט נאָר וואַרטן אָפן טויט. אָבער דער מענטש האָט ניט געוואָלט וואַרטן. ער האָט אים געוואָלט קומען אַנטקעגן, אונטעראײַלן זיין קומען.

עס איז נאָך דאָן געווען פריער אָוונט. אָבער יענע נאַכט איז געקומען עפּעס פּלוצלונג, האָט זיך, ווי אַ היטל, אָנגערוקט אויף דער וועלט, און געלאָזן די צעשראָקענע מענטשן אין שווערע קאַלאָשן און מיט נאַסע שירעמס יאָגן זיך, קריכן, און זוכן אין דער פינצטערניש זייערע וואַרימע היימען.

דער מענטש האָט דאָן, עפּעס ווי צום ערשטן מאָל דערפילט די נאַכט. ווי פון דער טיפעניש פון דער ערד איז זי צו אים אַרויסגעקראָכן, און מיט שטאַרע אויגן אַריינגעקוקט אין זיין פענצטער. ער האָט אַרויסגעקוקט אין דרויסן, אַריינגעקוקט אין די אויגן פון דער נאַכט, און קיין זאַך ניט געזען, נאָר פינצטערניש. נאַכט. אָבער אַהינטער דער נאַכט, אַהינטער דער פינצטערניש איז געווען, ווי אַ ליכט: — לאָרע, זיין אַמאָליקע געליבטע, זיין כלה, לאָרע.

האָט דער מענטש אַרויסגענומען פון אַ קליין שאַכטעלע אירע בריוו און דאָס בילד אירס. איבערגעלייענט די בריוו, גוט אָנגעקוקט דאָס בילד און האָט זיך פאַרטראַכט:

לאָרע האָט חתונה געהאַט. די איצטיקע לאָרע האָט געהאַט אַ מאַן און צוויי קינדער, אָבער זיין אַמאָליקע געליבטע, לאָרע, איז

געווען אַלעמאָל מיט אים. ער האָט זי געזען פון נאָנט און פון ווייט, דורך ליכטיקייט און דורך פינסטערניש. איין לאָרע, זיין לאָרע.

— לאָרע, איין־איינציקע. לאָרע, איין־איינציקע.

און דאַן איז אים אַלץ קלאָרער געוואָרן. ער האָט שוין געוואוסט וואָס צו טאָן. די פינצטערניש פון דער נאַכט האָט קיין זאַך ניט פאַרשטעלט. אַ ליכטיקייט, וואָס איז געקומען פון אַן אומגעהייער־רער הויך האָט דורכגעשניטן די נאַכט, און עס איז ניט געווען קיין נאַכט.

ער האָט צונויפגענומען די בריוו מיטן בילד, באַהאַלטן זיי אין קעשענע. פּאָרזיכטיק, ניט אַרויסרופנדיק קיין פּאַרדאַכט באַ די ארומיקע, האָט ער אָנגעטאָן זיין מאַנטל, אָנגעשטעלט דעם קאָלנער אַראָפּגערוקט דעם שוואַרצן הוט ביז אַריבער די אויערן, און געלאָזט זיך גיין צום טיר.

שוין באַם טיר האָט ער זיך דערמאָנט, זיך צוריקגעקערט, און אָנגעשריבן אַף אַ שטיקל פּאַפּיר:

„איך קאָן ניט וואַרטן אויפן טויט. בין איך אַוועק". און האָט אונטערגעשריבן דעם נאָמען.

און ווי נאָר ער האָט דאָס געטאָן, האָט ער דערפילט אַזאַ לייכט־קייט אין דעם גאַנצן וועזן, אַזאַ פרייד, וואָס האָט פון זיינער אַן אייגענער טיפעניש געשטראָמט צו זיין האַרצן, איבער אַלע גלידער און צום מאַרך. דער טויט איז נאָך ניט געקומען, און ער איז שוין געווען טויט. דאָס, וואָס האָט נאָך באַוועגט זיינע גלידער איז שוין געווען ניט זיינס. ער אַליין איז שוין געווען ליכטיקייט, הויך און אומענדלאַכקייט.

אין דרויסן איז געווען אַ קאַלטע האַרבסטיקע נאַכט. און ווי נאָר דער מענטש האָט געמאַכט דעם ערשטן טראָט אין דרויסן, איז די נאַכט אים באַפאַלן, פונקט ווי זי וואָלט שוין, פון וועך ווייס ווי לאַנג, געוואַרט, אין באַהעלטעניש, אַף זיין אַרויסקומען. זי האָט גלייך מיט איר קאַלטן אָטעם באַהויכט זיינע ברעמען, אָפּגעשוועוערט זיינע קליידער מיט איר שווערקייט און געצוואונגען זיך, די שווערע און קאַלטע, טראָגן איבער די קויטיקע געסלאַך צו דער פאַרוואָר־פענער באַן־סטאַנציע.

ער האָט קיינעם ניט געטראָפן אין זיין וועג. אַלע זיינען אין אַזאַ נאַכט געזעסן אין די וואַרעמע היימען. ער האָט זיך געאיילט. ער האָט געגנוי געוואוסט ווען די באַן דאַרף אָנקומען צו דער סטאַנ־ציע. ער האָט אויך געוואוסט, אַז אין שטאָט וועט ער אָנקומען צען אַזייגער באַנאַכט. און אַלץ איז טאַקע געווען אַזוי, ווי ער האָט, אין פאָראויס, אויסגערעכנט.

צען אַזייגער איז אין דער גרויסער שטאָט ניט געווען קיין צו־שפּעטע שעה. אָבער ער האָט נאָך באַדאַרפט גיין אַ גרויסע שטרעקע. ער איז געגאַנגען צו לאָרען. ער האָט אָבער צו איר גע־מוזט, נאָך היינט, קומען. דאָס איז איצט געווען אַ הייליקע אויפ־גאַבע. ער האָט זיך געלאָזן האַסטיק טרעטן איבערן טראָטואַר. ניט געפילט די מידקייט, ניט געזען די נאַכט. געגאַנגען ווי אַ געטריבענער פון אַ פרעמדן כח. און נאָר דער אָטעם איז געווען קורץ און האָט יעדע רגע גערופן פון זיין ברוסט אַ פיינלאַכן ווייטיק.

עס איז שוין געווען אַרום האַלבע נאַכט, ווען ער איז צוגע־קומען צו דעם הויז, וואו לאָרע האָט געוואוינט. איר דירה איז געווען אויפן פינפטן שטאָק. ער האָט געוואוסט געגנוי, וועלכע פון די דרויסנדיקע פענצטער זיינען געווען אירע.

ער האָט אויפגעהויבן די אויגן. אין צוויי פון אירע פענצטער איז געווען ליכט. זיין האַרץ האָט אָנגעהייבן קלאַפּן פון רעגעדיקער פרייד: ער האָט ניט פאַרשפּעטיקט. אַלץ איז געגאַנגען גוט. נאָר דער קאָפּ האָט שטאַרק וויי געטאָן. און די פיס האָבן מיט שווער־קייט געטראָגן דעם קערפּער.

דער מענטש איז אַריין אין דעם קאָרידאָר פון אַלטן הויז. און גלייך האָט אַ שפּאַר געטאָן אַנטקעגן דער ריח פון אַלטע טעפּיכער אָפּגעשוויצטע ווענט און טרוקענעם שימל. דער מענטש האָט זיך שטאַרק פאַרהוסט. אָבער ער האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט, געהייבן זיך איבער די טרעפּ., געהאַלטן זיך פאַר דער ברוסט, און אַלץ געקלעטערט, אָנהאַלטנדיק זיך פאַרן פאַרענטש מיטביידע הענט. און ערשט, ווען ער האָט דערגרייכט דעם פינפטן שטאָק האָט אים דער הוסט פאַרלאָזן. און אַנשטאַט אים איז געקומען מידקייט.

ער האָט ניט געקענט שטיין אויף די פיס. האָט ער זיך אַראָפּ־

געלאָזן אפן דיל, לעבן לאָרעס טיר, און שווער, ווי א דערשטיקטער, געאָטעמט. מיט שווערקייט געצויגן דעם אָטעם. געווען אין א צו־שטאַנד פון האַלבער פארגעסונג.

אויב דאָס איז געווען טויט איז עס געווען א מילדער, באַפריי־ענדיקער טויט, און דער מענטש האָט געוואָלט, אָט אזוי, מיט צוגעמאַכטע אויגן, אויסגיין, שטאַרבן לעבן לאָרעס טיר. אָבער דאָס וואָלט ניט געווען ז י י ן טויט.

## .5

דער מענטש האָט זיך אויפגעכאַפּט, ווי פון שלאָף, האָט זיך קוים געקאָנט דערמאָנען, וואָס מיט אים טוט זיך. אזוי שווער איז געווען דער קאָפּ אָף די פּלייצעס.

פון באַלקן האָט געלויכטן א טונקל, פארגעלט ליכט דורך א קויטיקן גלעזל פון אויבערשטן לעמפּל. עס איז געווען אומהיימלאך און שווער פון דער צוזאַמענגעדריקטער לופט.

דער מענטש האָט זיך ארומגעזען, באַמערקט די טיר פון לאָרעס וואוינונג. די אַלטע טיר איז געווען אביסל פארשמאָלצן ארום דעם הענטל. עס האָט דערמאָנט פון אָרעמקייט און נויט. לאָרע איז געווען אָרעם. און דער מענטש האָט דערפילט א צער צו לאָרען און צו איר מאַן, צום שווערן ארבעטער, און צו זייערע קינדערלאַך.

ער האָט זיך אויפגעהויבן. ער האָט נאָר באַדאַרפט צודריקן דאָס עלעקטרישע קנעפּל, און אימיצער וואָלט ארויס פון אהינטער דער טיר — לאָרע אָדער איר מאַן. ער האָט שטיל אָנגעדריקט דאָס קנעפּל. הינטערן טיר האָט גענומען ציטערן און צאַפּלען זיך אַן אויפגעשראָקענע שטילקייט.

עס זיינען פאַריבער עטלאַכע רגע'ס, ביז די טיר האָט זיך געעפנט, שטיל און פאָרזיכטיק. עס האָט זיך באַוויזן א מאַן, איינ־געוויקלט אין אַן אָפּגעטראָגענעם שלאָפראָק, א מידער, א פאַר־שלאָפענער. די מידע אויגן האָבן שטום געקוקט א רגע:

— וועמען באַדאַרפט איר?

— לאַרען... קען איך זען לאַרען?
— לאַרען?!
— יע, לאַרען...
דער מאַן אין טיר האָט זיך אביסל פארלאָרן און ביטער א שמייכל געטאָן:
— לאַרע איז ניטאָ... הם... געשטאָרבן. שוין דריי חדשים.
און צוגעגעבן:
— יע. געווען אמאָל א לאַרע, און מער ניטאָ. —
דער מענטש האָט ניט גלייך באגריפן, וואָס זיינע אויערן האָבן געהערט. ניט געקענט פארשטיין. ער האָט א ווײַלע געטראַכט און געזאָגט:
— הייסט עס, אַז איך וועל זי ניט קענען זען?
יענער, וואָס אין טיר, האָט ברייט א שמייכל געטאָן:
— ניט קענען זען? כע! פון דער ערד קומט מען ניט צוריק...
— הייסט, עס, געשטאָרבן? — — —
— איך זאָג דאָך אייך: שוין דריי חדשים!
און ווידער צוגעגעבן:
— אָט אזוי מוטשע איך זיך מיט די צוויי פּיצעלאך קינדער־לאך. דערצו איז מיר נאָך א קינד אויך קראַנק געוואָרן. א גאַנצע נאַכט ניט צוגעמאַכט מיט קיין אויג... יע, זי האָט מיר אָפּגעטאָן, מיין לאַרע — אוועקגעשטאָרבן און פארטיק...
ערשט איצט איז אַלץ קלאָר געוואָרן. דער מאַרך האָט אויפגע־בליצט אף א רגע, און איז ווידער טונקל געוואָרן. ער האָט עפּעס געוואָלט זאָגן, אָבער די ווערטער זיינען געבליבן שטעקן אין האלדז, ניט געבאָרענע.
דער מאַן אין טיר האָט שוין מיט א קאַלטן טאָן געזאָגט:
— און ווער זענט איר? עפּעס האָב איך אייך קיינמאָל ניט געזען. מסתמא לאַרעס א קרוב? איך געדענק אייך עפּעס ניט — —
דער מענטש האָט געוואָלט ענטפערן. אָבער דאָס מאָל האָט ער זיך שטאַרק פארהוסט, מיט וויַיטיק און מיט ספּאַזמען, און האָט א לאַנגע צייט ניט געקענט אָפּהאַלטן דעם הוסט. דער מאַן אין טיר איז געשטאַנען א פארלאָרענער, און ניט געוואוסט וואָס

צו טאָן. און ערשט, ווען דער מענטש איז געבליבן שטיין, אַן אויס־געמאַטערטער, נאָכן הוסטן, האָט ער געזאָגט:

— איר האָט זיך היבשלאַך צוגעקילט. די וועטערן זייגען די לעצטע וואָכן — ערגער קאָן ניט זיין. ווי אויף דער נשמה.

דאַן האָט שוין דער מענטש געזאָגט:

— יע. דאָס וועטער איז שלעכט, זייער שלעכט... און וויפיל קען איצט זיין דער זייגער?

— צוויי אַזייגער. אַ פערטל נאָך צוויי.

— נו, וועל איך שוין גיין. אַזוי שפּעט. איך האָב ניט געוואוסט.

דער מאַן איר טיר האָט אים אָנגעקוקט:

— זאָגט־זשע מיר, ווער איז אַ מאַן? און צו וואָס האָט איר באַדאַרפט האָבן לאָרען?

דער מענטש האָט זיך איצט עטוואָס געקוויינקלט. האָט אַ ווײַלע אַ טראַכט געטאָן און ענדלאַך אַרויסגעשאַמלט:

— איך... האָב... איך האָב דאָ באַ זיך לאָרעס בילד, ווען זי איז נאָך געווען אַ מיידל... געוואָלט איר אָפּגעבן, ווייל...

ער האָט ניט געענדיקט. אַרויסגענומען פון קעשענע דאָס בילד און דערלאַנגט דעם מאַן. יענער האָט מיט ציטערדיקע פינגער גע־נומען דאָס בילד, געקוקט אַפן בילד און אויף דעם מענטשן, און נאָכדעם פאַרשטיינערט געוואָרן בלויז אויפן בילד.

דער מענטש האָט זיך אויך איבערגעבויגן איבערן בילד. ביידע זיינען אין דער האַלב־פינצטערניש צוגעפאַלן צום בילד, געקוקט, געקוקט און ניט געקענט אָנזעטיקן זיך. און עס איז געווען אַזוי, ווי די צוויי מענטשן וואָלטן אין אָט דער שפּעטער שעה, אָפּגע־ריכט עפּעס אַ הייליקן ריטואַל.

דער מאַן אין טיר האָט ענדלאַך געזאָגט:

— קומט אַריין. וועלן מיר אַ ווײַלע רעדן, וועגן לאָרען... איצט ווייס איך שוין ווער איר זענט. לאָרע האָט מיר דערציילט... פיל מאָל דערציילט... קומט־זשע אַריין.

און ער האָט מיט וואַרימקייט אָנגענומען דעם מענטשנס האַנט, געוואָלט אים אַריינגעמען אין די צימערן, אַ געריר־טער.

אָבער דער מענטש האָט זיך פּלוצלונג אָנגעהויבן צו איילן:

— ניין, אַ דאַנק. עס איז שוין אַזוי שפּעט. איך מוז גיין.

דאַן האָט דער מאַן אין טיר מיט געבעט געזאָגט:

— און דאָס בילד? איר וועט דאָך דאָס בילד אַוועקנעמען...

— דאָס בילד? ניין. נעמט אייך דאָס בילד. זאָל עס זיין בא אייך.

דער מאַן איר טיר האָט אָנגעכאַפּט דעם מענטשנס קאַלטע האַנט מיט די דאַרע פינגער און האָט זיי וואַרעם געדריקט:

— אַ דאַנק! אַ גרויסן דאַנק!

און נאָך אַמאָל מיט דאַנקבאַרקייט אַ קוק געטאָן אויף דעם נאַכטיקן באַזוכער. און נאָך אַמאָל געזאָגט:

— אַ דאַנק! אַ דאַנק!

און דער מענטש האָט זיך דאַן לאַנגזאַם גענומען אַרונטערלאָזן אַראָפּ די טרעפּ. צו דער דרויסנדיקער טיר, צו דער גאַס.

און ווידעראַמאָל האָט אים די נאַכט אַרומגענומען מיט איר נעץ און מיט איר קעלט. אָבער דער מענטש האָט שוין געוואוסט, וואוהין ער איז געגאַנגען.

ער האָט זיך דערמאָנט אָן דעם צעטעלע, וואָס ער האָט אײַבערגעלאָזן אין סאַנאַטאָריום, און עס איז אים געווען גוט פון דעם, וואָס ער וועט זיך שוין קיינמאָל ניט צוריקקערן. און פאַר די אויגן איז נאָך אַלץ געשטאַנען לאָרעס מאַן, אינם שלאָפראָק, און גערעדט, אַז לאָרע איז שוין ניטאָ. ניטאָ לאָרע. געשטאָרבן לאָרע.

אין האַרצן האָט זיך געקליבן אַ צער. דער צער איז געוואָקסן. געוואָרן גרעסער: לאָרע איז געשטאָרבן. טרערן זיינען אונטער־געלאָפן צום האַלדז און געוואָרגן. עס האָט געווייטיקט דאָס האַרץ פאַר די קליינע קינדערלאַך, די צוויי, און פאַר דעם מאַן, לאָרעס מאַן.

האָט דער מענטש געזאָגט אַזוי אין דער נאַכט אַריין:

— קינדערלאַך מיינע, לאָרעס קינדערלאַך....

ער האָט דאָס געזאָגט, און טרערן האָבן פאַרגאָסן זיינע אויגן. האָט ער ניט אָפּגעווישט די אויגן, און נאָר איבערגע׳חזר׳ט: לאָרעס קינדערלאַך — —

מער האָט ער ניט געקענט זאָגן.

דער מענטש האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ ראָג פון אַ גאַס.

אין דעם טונקל־גרויען נעפּל זיינען אַרומגעשוואומען די עלעקטרישע גאַס־לאָמפּן, ווי לעבעדיקע פּאַרטונקלטע זונען. געשוואומען, און צעוואָרפן אין דער גרויער נאַכט אַריין העל־נעפּלדיקע פלעקן, לעבעדיקע, ציטערנדיקע און קאַלטע, ווי אַליין די נאַכט. און נאָר פון ביידע זייטן זיינען געשטאַנען די געביידעס, ווי טונקעלע וועזנס, ענלאַכע צו ריזיקע סילועטן פוןביימער אין אַ געדיכטן באַנאַכטיקן וואַלד, אָדער צו וואָלקנס, וואָס זיינען געפאַלן צו דער ערד, און טוליען זיך איינער צו דעם אַנדערן, און וואַרטן, און וואַרטן, געדולדיק, ביז דער גרויער טאָג וועט קומען.

דאָס זיינען געווען זיינע געביידעס, וועלכע ער האָט ניט דערקאַנט, דאָס איז געווען זיין שטאָט, וואָס ער האָט אויסגעבויט, און זי האָט אים איצט געלאָזן וואָגלען אין איר פינצטערניש. ער האָט אפילו געזאָגט:

— שטאָט מיינע. שטאָט מיינע.

און אַליין ניט געוואוסט וואָס פאַר אַ זין עס האָבן זיינע אייגענע ווערטער געהאַט אין יענער נאַכטיקער רגע.

ער איז געווען זייער מיד. קוים געפּלאָנטערט מיט די פיס. אַ שטאַרקער כח האָט אים געצויגן צו דער ערד. די ערד האָט אים גערופן צו זיך... ער האָט נאָר באַדאַרפט אַוועקפאַלן, צופאַלן צו איר, צו דער שוואַרצער און קאַלטער, און גאָרניט וואָלט שוין אים ניט אָפּגעטיילט פון איר. אַזאַ נאָנטקייט האָט ער אין זיך דערפילט צו דער ערד.

אָט, נאָר אַוועקפאַלן, און ער וועט צעשאָטן ווערן, אַליין ווערן רויע, האַרבסטיקע ערד, אָדער פאַרשטיינערט ווערן אין קאַלטן גאַסיקן שטיין.

פון אָט דעם געפיל וואָס האָט, ווי אַ וואונד, גענאָגט דאָס האַרץ און יעדן גליד באַזונדער, איז געווען גוט. און עס האָט זיך געוואָלט בענטשן די קאַלטע, פינצטערע האַרבסטקייט פאַר איר קעלט און פאַר איר פינצטערניש.

אָבער דער מענטש האָט זיך ניט אונטערגעגעבן. ער האָט באַדאַרפט גיין ווייטער. זיין וועג איז נאָך געווען פאָראויס צו אַ ליכטיקן ציל, וואָס האָט, ווי אַ פייערדיקער זייל, אַרויסגעגליט פון

דער פינצטערניש און נעפּל. דאָס איז געווען דער וועג צו דער פּאַרק ראָו, וואו עס איז געשטאַנען, אין אַנגסטיקן וואַרטן, די ריזגע, אַכט און פערציק 'שטאָקיקע געביידע. עס איז נאָך געווען ווייט צו גיין, אָבער דער מענטש האָט שוין געזען פאר די אויגן דעם ריזיקן בנין, מיט זיין אימפּעטיקן שטייגן צו דער הויך, וואָס האָט ניט געהאַט קיין סוף.

.6

זיין מאַרך איז געווען טונקל, און עס איז ניט געווען קיין גרעניץ צווישן זיין טונקלקייט און דער טונקלקייט פון דער נאַכט. און ווען ער איז, אַן אויסגעמאַטערטער, געפאַלן אַף אַ טרעפּל פון אַ „סטופּ", האָט ער ניט געוואוסט און אַלץ געדיינקט, אַז ער גייט צו דעם בנין אַף דער פּאַרק ראָו.

דער מענטש איז אַזוי לאַנג געזעסן, אַן איינגעקאָרטשעטער, אַפן נאַסן טראָטואַר. די קעלט האָט געגליווערט יעדן אבר. עס איז אָבער געווען גוט צו זיצן. אַלע גלידער האָבען מיט אַמאָל אָנגעהייבן צו גליווערן אין אַ זיסן, פּיינלאַכן גליווער. די אויגן האָבן זיך גענומען קלעפּן אין פּיינלאַכן דרימל. דער שלאָף האָט אים אַרומגענומען, ווי מיט ווייכע וואַרעמע הענט.

פּלוצלונג — אַ שטויס. איינמאָל און אַ צווייטן מאָל.

דער מענטש האָט קוים אויפגעעפּנט די אויגן. דערזען איבער זיך אַ ריזיקע געשטאַלט, אַ מורא'דיקן מענטשן אין אַ שוואַרצן, פּייכטן רעגן־מאַנטל, און ווידער צוגעמאַכט די אויגן.

— העי, דו, שיכור'ע פעל. וואָס וואַלגערסטו זיך אַרום אין אַזאַ נאַכט? גיי אַהיים! זעסט ניט וואָס פאַר אַ נאַכט עס איז אין דרויסן?... שטיי אויף און גיי, זאָגט מען דיר!... ווער דאַרף זיך מיט דיר אַרומשלעפּן אין אַזאַ נאַכט? גיי, זאָגט מען דיר!

דאָס האָט מען גערעדט צו דעם מענטשן, און ער האָט ניט פאַרשטאַנען. ניט געוואוסט. אַ שטאַרקע האַנט האָט אים נאָך אַמאָל אַ טרייסל געטאָן און במעט אויפגעהייבן פון טרעפּל. דער מענטש האָט, מיט אַ גוואַלדיקער אָנשטרענגונג, אויפגעעפּנט די אויגן, געוואָלט אויפהייבן זיך, און איז צוריק געפאַלן.

און פונקט אין דעם מאָמענט האָט אַ שטאַרקער הוסט צונויפ־געדריקט דעם גאָרגל און גענומען טרייסלען דעם קערפּער, ווי אין קאָנוואולסיעס. דער מענטש האָט קיין זאַך ניט געזען. אַלץ איז געווען אין אַווירבל.

די פינצטערניש האָט זיך אַ וויג געטאָן, און זיך אין אַ ווילדן געיעג, אַ לאָז געטאָן אין אַלע זייטן, ווי אַן אויפגעשטורעמטער וואַסער־באַרג אין מיטן פון אַ צאָרנדיקן ים.

דער מענטש האָט געהוסט לאַנג און פּיינלאַך. דער פּאָליציי־מאַן איז געשטאַנען איבער אים און געדולדיק געוואַרט, און ווען דער מענטש האָט אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם, האָט ער האַלב שטרענג און האַלב פאַרדראָסיק געזאָגט:

— זעסט, אָט האָסטו זיך טאַקע פאַרקילט... עך, דו! אין אַזאַ וועטער זיצט מען אינדערהיים, אָדער מען ליגט אין בעט אונטער אַ קאָלדרע. אַ הונט וויל אויך ניט ווייזן זיין נאָז אין דרויסן אין אַזאַ וועטער... און דו —

דער פּאָליציי־מאַן האָט, מיט פאָרוואורף, אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט.

דער מענטש איז געשטאַנען ווי אַ שולדיקער, ניט געוואוסט וואָס צו זאָגן. האָט דער פּאָליציי־מאַן, שוין שטרענג, אַ זאָג געטאָן:

— נו, גיי! וואָס שטייסטו? פאַרשטייסט ניט וואָס מען רעדט צו דיר?!

דאַן האָט דער מענטש מיט צער אין זיין קול אַרויסגערעדט:

— לאָרע אין געשטאָרבן. צוויי קינדערלאַך איבערגעלאָזן.

דער פּאָליציי־מאַן האָט ניט פאַרשטאַנען:

— ווער, זאָגסטו, איז געשטאָרבן?

— לאָרע, לאָרע איז געשטאָרבן.

— לאָרע? דיין ווייב?

— ניין, לאָרע... זי איז געווען מיין געליבטע...

— המ... אַ געליבטע מיט צוויי קינדער. און ווען איז זי דיר אוועקגעשטאָרבן?

— שוין דריי חדשים

אַ טראַכט געטאָן אַ רגע און פאָרטגעזעצט:

— איבערגעלאָזן דעם מאַן מיט די צוויי פּיצלאַך, און אוועק־געשטאָרבן. אזא יונגע, אזא שיינע געווען. בין ערשט געווען באַם אָרימען אלמן. א קינד, א יתומ׳ל, איז בא אים קראַנק געוואָרן. שלאָפט ער ניט נעכט. וואָס קאָן א מאַן טאָן מיט א קאַרנקען קינד? א מאַמען דאַרף האָבן א קראַנק קינד. א מאַמען! א גוטע, איבער־געגעבענע מאַמע!

דער פּאָליציימאַן האָט נאָך אַלץ ניט אינגאַנצן פאַרשטאַנען, און ער האָט, כמעט אומבאַוואוסטזיניק, געזאָגט:

— יע. א גוטע, איבערגעגעבענע מאַמע... מיר, מאַנספּאַר־שוינען, וואָס ווייסן מיר אין די זאַכן?...

איצט האָט דער מענטש דערפילט א פאַרלאַנג צו ריידן. א סך צו ריידן:

— א קינד אָן א מאַמען... וואָס איז א קינד אָן א מאַמען?

— יע. שלעכט. —

— און דאָ איז זי נאָך געווען אזא מאַמע. אזא מאַמע! א היי־ליקע! איר וועט ניט גלויבן, אָבער אזעלכע מאַמעס זיינען גאָרניט איבערגעבליבן אויף גאַטס וועלט. הייליקע מאַמעס. איר ווייסט דאָך, הייליקע מאַמעס! און זי איז געווען גאָר אַן אַנדערע. א גוטע ווייב און א גוטע מאַמע. אָט וואָס זי איז געווען!

דער פּאָליציימאַן האָט ניט געענטפערט. איז געשטאַנען אין א פאַרלעגנהייט, ניט געוואוסט וואָס צו זאָגן און וואָס צו טאָן.

דער מענטש האָט ווידער אָנגעהויבן:

— און א שיינע איז זי געווען! גאַט, וואָס פאַר א געטלאַך פּנים זי האָט געהאַט! אויגן ליכטיקע. אז זי פלעגט א קוק טאָן, פלעגט ווערן גוט צו לעבן אויף דער וועלט... אָט וואַרט, איך וועל אייך ווייזן איר בילד... אָט, וואַרט נאָר א רגע...

דער מענטש האָט גענומען זוכן דאָס בילד. געטאַפּט און גע־נישטערט אין אַלע קעשענעס. פאַרגעסן, אז ער האָט דאָס בילד אוועקגעגעבן דעם אלמן.

— מאָדנע. אָט ערשט, דאַכט זיך, האָב איך געהאַט דאָס בילד, און אָט איז עס שוין ניטאָ. וואוהין האָט דאָס בילד געקענט אהינ־קומען? געווען, און ניטאָ. גאָר אזוי, ווי לאָרע: געווען, און ניטאָ!

דער פּאָליציימאַן איז געשטאַנען איבער אים, אַ גרויסער, און פון דעם גאַנצן געשפּרעך אַרויסגענומען איין זאַך: אַז דער מענטש איז „ניט מיט אַלעמען“. און קלאָר איז געווען, אַ אַט־דער מענטש איז אומגליקלאַך, פירט זיך ניט אויף ווי אַ שכור, נאָר ווי אַ משוגענער, און אַז מ׳דאַרף אים „צושטעלן“ אין דער פּאָליציי־הויז סיי־ווי־סיי.

ער האָט געזאָגט:

— אָבער וואָס טוסטו דאָ אַליין באַנאַכט?

— כע! וואָס איך טו? זאָג איך דאָך אייך: — איך בין געגאַנגען זען לאָרען. איך בין געקומען — ערשט זי איז שוין ניטאָ. געשטאָרבן. איר פאַרשטייט נאָך אַלץ ניט? זי איז טויט. זי איז געשטאָרבן!

אין דעם מענטשנס לעצטע ווערטער איז געווען אומגליק און כעס. אין קאָפּ האָבן אַ קלאַפּ געטאָן די אויפגערעגטע בלוטן. זיינע געדאַנקען זיינען ווידער פאַרטונקלט געוואָרן. ער האָט אינגאַנצן פאַרגעסן, אַז לעבן אים איז געשטאַנען אַ מענטש. האָט ער זיך געלאָזן גיין צום ראָג פון גאַס. באַם ראָג האָט ער פאַרקירעוועט לינקס, און איז שוין גלייך געגאַנגען, אָן אָפּשטעל.

דער פּאָליציימאַן האָט זיך געלאָזן נאָך אים, אַ ווײַלע אים נאָכגעפאָלגט. נאָכדעם האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, געקוקט אויף דעם איילנדיקן מענטשן, וואָס איז ביסלאַכווייז געזונקען אין דעם געדיכטן נעפּל, אויסגעשפּיִיט אין דעם מענטשנס ריכטונג: טפו!... און איז אַוועק זיין וועג.

7.

דער מענטש האָט ניט געוואוסט ווי לאַנג ער איז אַזוי געגאַנגען. אָבער געפילט האָט ער, אַז די נאַכט איז געווען אומענדלאַך לאַנג. און ער האָט זיך ניט געקענט דערמאָנען, ווען און ווי אַזוי זי האָט זיך אָנגעהויבן.

טאָג־ליכט איז געווען אַ ווייטער, האַלב־פאַרגעסענער חלום. און נאַכט איז וועוועט אייביק. אַלע מאָל און אייביק איז געווען

נאַכט, און עס איז געווען קאַלט און נאַס. און אַלע מאָל איז געווען אין אים אַט־דאָס אומבאַוואוסטע, וואָס דאַרף זיך נאָך, ווי פון שלייערן, אַלץ אויסשיילן און אויסשיילן, און עפּעס קלאָר מאַכן אַף אייביק.

אייביק.

דער מענטש האָט ניט געוואוסט וואָס דאָס איז — אייביק. די וועלט איז אומענדלאַך און אייביק. די נאַכט איז אומענדלאַך און אייביק. די קעלט גליווערט זיינע בלוטן אייביק. ער וועט גיין צו דעם בנין אַף פּאַרק־ראָו אומענדלאַך און אייביק. ער אַליין, איינער אַליין, וועט שטאַרבן אייביק.

דאָס איז געווען שרעקלאַך: — אייביק.

דער מענטש האָט געהאַט אַן אויער צו הערן און אַן אויג צום זען, און אַ לעבעדיקן, אַלץ אַרומכאַפּנדיקן מאַרך. אָבער באַנעמען דאָס איינציק וואָרט „אייביק" האָט דער מענטש ניט געקענט, און נאָר געפילט, ווי באַ דעם ערשטן געדאַנק וועגן אייביקייט ווערט פּוסט דער קאָפּ און אַ מאָדנער, קיצלדיקער געפיל רירט אָן דאָס האַרץ און אונטערן לעפּעלע. און ווען אַט־דאָס קיצלדיק־רעגנדיק געפיל פאַרגייט און לעשט זיך אויס, שרייט אויף דאָס האַרץ אין פּרוכטלאָזן, ביטערדיקן יאָמער.

די גאַס איז געווען פּוסט. קיין לעבעדיקער נפש איז ניט געקומען אַנטקעגן. אַלע זיינען געווען אין די היימען. און אפשר זיינען אַלע ניט געווען, און נאָר ער אַליין האָט זיך געוואַקלט, ווי אַ דערטרונקענער, אין די נעפּלדיקע כוואַליעס, אַף דעם טויטן טראָטואַר. אפשר זיינען אַלע אויסגעשטאָרבן? אפשר איז די נאַכט אריין אין יעדן הויז און האָט אַלעמען דערשטיקט אין אירע קאַלטע אָרעמס? ליגן אַלע אין די בעטן, טויטע, און ער אַליין וואָגלט אַרום אייביק. וואָגלט און קען ניט געפינען דעם וועג צו דער פּאַרק־ראָו.

און די וועלט האָט ניט קיין סוף. וואָלט זי כאָטש געהאַט אַ סוף, וואָלט דער מענטש געוואוסט, אַז הינטער מיליאָנען־מיליאַסן וועלטן, הינטער מיליאָנען־מיליאַסן הימלען איז אויס, אַ סוף, אַן עק!

און דאָ: ניטאָ קיין סוף און קיין אָנהויב. ווען האָט זיך זיין לעבן אָנגעהויבן? ווען וועט זיך זיין לעבן אויסלאָזן? שרעקלאַך!

דער מענטש האָט געהאַט דאָס געפיל, ווי ער וואָלט געפאַלן אין אַ טיפעניש אַריין, און דאָס פאַלן וואָלט געווען אייביק, אומענדלאַך און אייביק.

וואָס טוט מען? פאַלן צו דער ערד, גראַבלען מיט די הענט, מיט די נעגל די האַרטקייט פון שטיינער? בייסן מיט די ציינער דאָס אייגן לייב? ביז בלוטיקער נקמה, ביז געגוסיקער פאַרגעסונג דערפאַר, וואָס עס איז ניטאָ קיין סוף?

זאָל זיין אַ סוף! זאָל זיין אַ סוף!

און קיין סוף איז ניט געווען. דער מענטש האָט נאָך געהאַט כח צו גיין. ער איז נאָך געגאַנגען. זיין טראָט איז שוין געווען שווער. זיין טראָט איז שוין געווען שוואַך. אָבער דאָס אויג האָט געשניטן די פינצטערניש פאַראויס. געזען דאָס ניט געזעענע, געהערט דאָס ניט געהערטע. אָבער דאָס איז ניט געווען דער סוף.

.8

פלוצלונג האָט פון ערגעץ גענומען ציען אַ קאַלטער, שניידנדיקער ווינט. ווי אַ לעבעדיקער, איז ער אַרומגעלאָפן און אַרומגעפלויגן דורך די נאַכטיקע גאַסן. געטריבן די נעפלען פון צווישן די טויערן. געיאָגט זיי, ווי ריזיקע אויפגעשראָקענע סטאַיעס פלעדערמייז איבער די גאַסן, אַרויס פון שטאָט.

ס׳איז פאַרשוואונדן די פייכטקייט. די לופט האָט גענומען טריקענען, ווערן שטייף און שטעכיק. געגליווערט מיט פראָסט די בלוטן. דער ווינטער איז אָנגעקומען. געגאַנגען מיט ריזן־טריט אַף דער שטאָט. געגאַנגען מיט שטורעם. פאַרטיליקן און אומברענגען. פאַרגליווערן אין פראָסטיקע אָרעמס. דער מענטש האָט זיך צוגעטוליעט צו אַ וואַנט. איבערגעכאַפּט דעם אָטעם:

— גאָט אין הימל, באַשיץ און באַהיט די אָרימע קינדערלאַך מיינע. לאָרעס קינדערלאַך. ווער וועט זיי באַהיטן? ווער וועט זיי באַשיצן?

דער מענטש האָט ניט געוואוסט, פאַרוואָס ער האָט פלוצלונג תפילה געטאָן. אָבער ער האָט געשלונגען די טרערן און געבעטן זיך

באַ דער וואַנט, אַז לאָרעס קינדערלאַך זאָל ניט אָנרירן דער גרויזאַמער פראָסט, זאָל זיי אויסמיידן, זאָל זיי ארומגיין.

דער ווינט האָט פאַרטריבן די נעפּלען, און געקומען צוריק אין שטאָט. געקומען, און גענומען רייסן די שילדן, טרייסלען די פענצטער. געוואָלט אויפהויבן אַ שטויב פון די נאַסע טראָטואַרן און גאַסן, און ניט געקענט. איז ער ארומגעלאָפן ווי אַ צעווילדעוועטע חיה, אין דער לייַנג און אין דער ברייט פון גאַס.

דער מענטש האָט אָנגערוקט זיין היטל נאָך טיפער אריבער די אויערן און געוואָלט גיין ווייטער, געראַנגלט זיך מיטן ווינט.

צען־פופצן טראָט, און ווידער אָפּגעשטעלט זיך. די גרויע וואַנט האָט זיך ניט געוואָלט ענדיקן. זי האָט געצויגן צו זיך. ניט אָפּגעלאָזן. באַשיצט. האָט ער זיך נאָך אַמאָל צוגעשפּאַרט צו דער וואַנט, אַראָפּגעלאָזן זיך צום שטיין פון טראָטואַר, און גלייך דערפילט אַ קאַלטע שטייניקייט.

עס איז געווען אַ קאַלטע פאַרשטיינערטע וועלט. די ערד איז איצט געווען — אַן אייזיקער שטיין, און איבער איר, איבער דער־פאַרשטיינערטער, זיינען ארומגעלאָפן, ווי הונגעריקע וועלף, די ווינטן, געזוכט און גענישטערט. זיי האָבן ארומגעכאַפּט דעם מענטשן, ווי מיט שטאַרקע, מוסקולירטע הענט, געוואָלט אויפהויבן אים פון דער ערד, אוועקטראָגן זיך מיט אים. ווי מיט רויב, אריבער דער שטאָט, אהינטער דער שטאָט. אייזיקע הענט האָבן זיך איינגעקלאַמערט אין דעם מענטשנס שוואַכע ריפּן, און האָבן געהויבן. אָבער די ערד האָט ניט אָפּגעלאָזן. געצויגן צו זיך. געהאַלטן, ווי אין קלאַמערן. ניט נאָכגעגעבן. דאַן פלעגט דער ווינט אַף אַ ווײַלע אָפּלאָזן, און ווידער קומען, ווי אַ שפּילנדיקער רויב־פויגל.

— באַהיט און באַשיץ...

און אין אַ ווײַלע שפּעטער:

— די פּיצעלאַך קינדערלאַך... לאָרעס קינדערלאַך.

דער ווינט האָט פון ערגעץ געבראַכט פולע הויפנס מיט פראָסטיקע טראָפּעלאַך־גרייפּעלאַך. געשמיסן מיט זיי אין פּנים. ווייטיקדיק און שפּאַטיש. געדרייט זיי אין קופּעלאַך ארום דער

וואנט. אפן ברוק פון גאס, כדי די מענטשן זאָלן אין פרימאָרגן דער־
זען און זאָגן:

— זע, דער ווינטער איז שוין דאָ!

אָך, דער מענטש האָט געמוזט גיין! עס האָט באַדאַרפט
קומען אַ סוף.

מיט די דינע, פאַרגליווערטע פינגער האָט ער זיך אָנגעשפּאַרט
אָן די אייז־קאַלטע שטיינער, געשטעלט זיך אַף די ביינערדיקע קני,
געפּרוּווט זיך אויפשטעלן און גיין. ניט אויפגעשטאַנען. געפאַלן,
מיט אַ טעמפּן ווייטיק. דער מאַרך איז אַף אַ רגע אויסגעלאָשן גע־
וואָרן, און נאָכדעם האָט זיך אַליין פון זיך ארויסגעריסן אַ געשריי:

— ראַטעוועט!

דער מענטש האָט ניט געוואוסט, ווער עס האָט געשריען —
ראַטעוועט! ער אַליין האָט ניט געקענט שרייען. ניט געוואָלט
שרייען. זיין צונג איז געווען געליימט. זיין גומען — טרוקן. און
דער האַלז פאַרוואָרגן. און דאָך איז דאָס געווען אַ געשריי:

— ראַטעוועט!

און אין אַ ווייַלע אַרום איז געקומען דאָס שרעקלאַכע. דאָס
איז געווען אַ משונהדיקער כאָאָס פון קלאַנגען. אָט האָבן זיי זיך
אָנגעהויבן. און אָט זיינען זיי שוין ניט געווען. זיי האָבן געריסן
דעם מאַרך, געבראָכן די ביינער. געריסן דעם קערפּער מיט איי־
זערנע צוואַנגען. און קיין ווייטיק איז ניט געווען.

עס איז ניט געווען קיין סוף צו זייער קומען. פּונקט ווי טויזנ־
טער גלאָקן וואָלטן זיך אויפגעהויבן איבערן מענטשענס קאָפּ און
וואָלטן ניט אויפגעהערט צו ברעקלען די לופט מיט זייער קלינגען.

דער מענטש האָט ניט געוואוסט, אַז דאָס איז געווען זיין איי־
גענער הוסט. דער הוסט האָט אויפגערודערט די בלוטן און דער־
וואַרעמט.

אויפגעלעבט.

.9

ער האָט זיך אַרומגעקוקט און דערזען די שטאָט. דורך אַ גרוי־
קייט האָט זי זיך איבער אים דערהויבן. און האַרט לעבן אים איז

געווען אַ ריזיקער מויער. און ווייטער — נאָך אַ מויער. נאָך און נאָך. מויער לעבן מויער.

אַזעלכע ריזיקע מיערן זײַנען דאָס געווען. אַזעלכע ריזן, וואָס האָבן זיך געהויבן ביז די הימלען. אין אומענדלאַכקייט אַרײַן.

און דער מענטש האָט נאָך ניט דערקענט, ווי עס באַדאַרף צו זײַן, די פּאַרק־ראָו געגנט, און שוין געוואוסט, אַז ער איז דאָרטן. ער האָט נאָך ניט דערזען מיט די אייגענע אויגן די ריזיקע, אַכט־און־פערציק־שטאָקיגע געביידע, און ער האָט שוין געפילט אין זיך די הויך אירע און זײַן אײַנגענעם שטייגן צו אומענדלאַכע הויכן, וואָס האָבן ניט געהאַט קיין סוף.

דאָס איז געווען דער פּאַרק ראָו און די אייגענע געביידע. זײַן געביידע. זײַן לעצטע געביידע. די לעצטע אין אייביקייטן. די לעצטע אין אומענדלאַכקייטן.

און אין דעם מענטשנס קאָפּ איז געווען קלאָר. און דעם מענטשנס האַרץ איז געווען פול. און דער מענטש האָט אַזוי תפילהדיק געזאָגט:

— שטאָט מײַנע. שטאָט מײַנע!

און ניט מער.

נאָכדעם איז ער אויפגעשטאַנען. און עס איז ניט געווען שווער אויפצושטיין. געמאַכט עטלאַכע טריט, און עס איז ניט געווען שווער צו גיין. איז דער מענטש אוועק, ווי מיט אַ באַקאַנטן וועג, צו זײַן ציל.

ער האָט געוואוסט ווי צו געפינען אַ וועג צו דעם קעלער. פון דאָרט האָבן שוין געפירט הונדערטער טרעפּ צו דער הויך פון טורעם.

דער מענטש האָט ניט געוואוסט, ווי לאַנג ער איז אַזוי גע־גאַנגען איבער די טרעפּ, אָבער דאָס שטייגן איז געווען פריידיק. אַ טונקעלע ליכט פון לעמפּלאַך, וואָס ווערן דאָ קיינמאָל ניט אויס־געלאָשן, האָט באַלויכטן דעם וועג. עס איז געווען שווער און אויס־מאַטערנדיק. אָבער דער מענטש האָט אפילו דעם אָטעם ניט געוואָלט איבערכאַפּן. פיל מאָל האָט דער הוסט אים פאַרשטעלט דעם וועג. אָבער דער מענטש איז אים בייגעקומען.

שוין צו פֿאַרטאָג־צו איז דער מענטש געקומען צום סוף פֿון טורעם. די שטאָט האָט שוין דערטראָגן צו זיינע אויערן אַ ווייטן גערודער פֿון רעדער. אַ טומל, וועלכן דער מענטש האָט ניט פֿאַר־שטאַנען, ניט געקענט פֿאַרשטיין. אַ גרויע ליכט האָט זיך געשטאַרט דורך די פֿענצטער, וועלכע דער מענטש האָט ניט געזען. ער האָט קיין זאַך ניט געזאָגט. אָבער זיינע ווערטער האָבן שוין ווייט און ברייט אָפּגעקלונגען:

— איך וועל שטאַרבן. נעמט אַרום מיט שוואַרצן קרעפּ דעם מויער מיינעם. איך, זיין באַשאַפֿער, וועל באַלד שטאַרבן. ביז דעם העכסטן שטאָק נעמט אים אַרום מיט שוואַרצן. נעמט אַרום די גאַנצע שטאָט מיט שוואַרצן. זאָל טרויערן מיין שטאָט. זאָל וויינען מיין שטאָט.

דער מענטש האָט אַ קוק געטאָן אַרונטער. די ערד איז געווען ווייט. די ערד איז געווען טיף. דאָס אויג האָט ניט באַנומען די ווייטקייט, ניט געקענט באַנעמען. האָט נאָך אַמאָל אַ קוק געטאָן, און נאָך אַמאָל קיין זאַך ניט געזען. אָבער דערפֿילט מיטן גאַנצן וועזן, אַז ס׳איז שוין ניטאָ קיין אָנשפּאַר אונטער די פֿיס. דער־פֿילט, אַז ער פֿאַלט.

און אַזוי איז ער געפֿאַלן אין דעם שטח פֿון זיין שטייגן.

און אַלע קופּאָלן און טורמעס און אַלע מויערן האָבן אָנגעהויבן פֿאַלן. דאָס אייזן און דאָס שטאָל איז אַרויסגעריסן געוואָרן, ווי וואָרצלען, פֿון צעמענט און גאַרניט. עס האָט זיך געבראָכן דאָס שטאָל, ווי דינע צווייגן פֿון אַ בוים. עס האָט זיך געברעקלט דער שטיין, ווי פֿריש אויסגעבאַקן זעמל. מיט אים זיינען געפֿאַלן און איינגעפֿאַלן אין טיפֿע אָפּגרונטן די שטאָט און די וועלט.

ער איז נאָך ניט געשטאָרבן, און הינטער אים האָבן זיך שוין גענומען דערהויבן, פֿון כאַאָס, די מויערן. און, אַן אויפֿגעלעבטע, איז אויפֿגעגאַנגען די שטאָט אין ליכט פֿון דערוואַכונג.

ער איז נאָך ניט אינגאַנצן געשטאָרבן, און ער האָט שוין ווי־דער געלעבט, און, אַ טויטער, געזען זיין ווידערבורט אין דעם לעבן פֿון שטיין און פֿון שטאָל, אין וועלכע עס איז געווען איינגעמויערט זיין לעבן.

## ל. כאַנוקאָוו

עס האָט געלעבט דעם מענטשנס אָטעם אין קאַלטן שטיין. עס האָט געלעבט דעם מענטשנס בלוט אין פאַרעקשנטן שווייגן פון שטאָל. און עס האָט געלעבט זיין האַרץ, אַן איינגעמויערטע אין שטאָליקן גראַניט.

און עס איז ניט געווען קיין טויט.

און דאָס, וואָס מען האָט געפונען אין פרישן ווינטערדיקן פריי־מאָרגן איז ניט געווען ער, דער מענטש. אפן טראָטואַר איז געלעגן ערד, וואָס האָט זיך געוואָלט אומקערן צו ערד. אף דעם טראָטואַר איז געלעגן שטיין, וואָס האָט זיך געוואָלט אומקערן צו שטיין.

אָבער דער מענטש אַליין האָט געלעבט.

ווייל עס איז ניט געווען טויט.

# דער ים

1

...ים. איך האָב אַלע מאָל מורא געהאַט פאַרן ים. ווען איך בין נאָך געווען אַ קינד האָב איך שוין פאַר אים מורא געהאַט. איך בין מיט דער מורא, אַפּנים, געבאָרן געוואָרן און מיט דער מורא וועל איך, אפשר, שטאַרבן.

נאָך אין מיין פריער יוגנט האָט זיך אָט די מורא אין מיר אויף אַ מערקווירדיקן אופן דערקלערט.

דאָס איז געווען אין אַ שטילן זומערדיקן אָוונט. חברים האָבן מיך פאַרשלעפּט צום ים באָדן זיך. דער ים איז דאַן געווען רואיק, פינצטער, אָבער רואיק. די חברים זיינען, לוסטיקע מיט אָנגעזאַמלטער פרייד, געשטאַנען און געקוקט אין זיין פינצטערקייט אריין. זיי זיינען געווען ווי צוגעגרייטע צו אַ הייליקן ריטואַל. אין זייערע אויגן איז געווען בלויז אַנטציקונג פאַר ים און פאַר פינצטערניש. און נאָר איך אַליין צווישן זיי בין געשטאַנען און געקוקט אויפן ים און אויף זיין פינצטערקייט מיט שרעק און צעמישונג.

יע. דער ים איז דאַן געווען פינצטער. האָט זיך צונויפגעגאָסן מיטן הימל, וואָס איז אויך געווען שוואַרץ און שטערנלאָז. עס קאָן זיין, אַז איך האָב שלעכט געזען, אָדער איך האָב שוין פאַרגעסן, אָבער מיר דאַכט זיך, אַז דער ים האָט אינגאַנצן ניט געהאַט קיין פּנים. און אַרום איז ניט געווען קיין בילד. עס איז בלויז געווען אַ שטילער, איינגעהאַלטענער רוישן פון כוואַליעס און מער קיין זאַך ניט.

מיינע חברים האָבן זיך באַלד אַ לאָז געטאָן אין וואַסער אַריין. איך בין אָבער נאָך אַ לאַנגע צייט געשטאַנען אַ צעטומלטער, ניט געקאָנט אריין אין די כוואַליעס. איך האָב אינגאַנצן געציטערט.

די מורא האָט מיך אַרומגעכאַפּט ווי מיט שטאַרקע הענט, האָט מיך צוגעדריקט צו זיך און ניט אָפּגעלאָזן. עס איז געווען אַן אימה צו באָדן זיך אין אַזאַ ים. די געפאַר האָט געקוקט מיט גרויסע אויגן גלייך אין דער נשמה אַריין. און דאָך איז אין האַרצן געווען אַ שטאַרקער, באַצווינגנדיקער פאַרלאַנג אַריינצוּוואַרפן זיך אין דער אימה אַריין, אַוועקגעבן זיך, אויף אייביק אַוועקגעבן זיך, דעם רופנ־דיקן ים. עס האָט זיך געוואָלט מער מורא, אַזוי פאַרפירעריש, אַזוי פאַר׳שיכורנדיק איז געווען דער פאַרלאַנג צו ברענגען זיך אַלס קרבן דער געהיימנים, וואָס איז געווען אין די טיפענישן פון ים. עפּעס האָט אָפּגעהאַלטן דעם אָטעם. עפּעס האָט געצאַפּלט דאָס האַרץ אין אָרעמס פון זיסער, באַצווינגנדיקער געפאַר.

איך בין אַריין אין וואַסער. און גלייך האָט אַ שוואַרצע וואַסער־קאָלדרע מיך אַרומגעכאַפּט פון אַלע זייטן, איינגעוויקלט אין ווירבלענדיקע פאַלדן און אַ וואָרף געטאָן צום גרונט פון ים. איך האָב אויף אַ רגע פאַרלאָרן מיין פאַרשטאַנד, און אַז איך בין געקומען צו זיך האָב איך נאָר געהערט דעם יובלדיקן געשריי פון ים, וואָס האָט זיך אומגעטראָגן מיט מיר איבער די כוואַליעס, ווי מיט רויב. זיין געיעג מיט מיר איז געווען שרעקלאַך. איך האָב קיין זאַך ניט געזען. איך האָב בלויז געהערט אַ ווייטן קראַכן, אַזוי ווי ווייטע ריזיקע שטעט וואָלטן איינגעפאַלן, אַזוי ווי אַליין די הימלען וואָלטן איינגעפאַלן. אַזוי ווי די וועלט וואָלט איינגעפאַלן. און מער קיין זאַך ניט.

די חברים האָבן מיך, שוין אַ טויטן, דורך אַ נס אַרויסגעראַ־טעוועט פון ים. שעה׳ען לאַנגע האָבן דאָקטוירים געאַרבעט איבער מיר צו ברענגען מיך צום לעבן. נאָכדעם בין איך עטלאַכע חדשים געלעגן אַ קראַנקער, געראַנגלט זיך מיטן טויט, און נאָך אַלץ געפילט זיך ווי אַ געפאַנגענער אין די אָרעמס פון ים. און דאַן האָב איך צום ערשטן מאָל פאַרשטאַנען, אַז עס איז דאָ אַ גאָט פון ים, וואָס וויל קרבנות. שטענדיק זיינען שוין געווען פאַרשפּרייט זיינע נעצן אויף מיינע וועגן און שטענדיק האָבן איבער מיר געפאָכעט זיינע פליגלען. שטענדיק. איך בין געווען קראַנק מיט דער אייביקער מורא פאַר׳ן ים. און קיינמאָל איז די מורא ניט אויסגעלאָשן

געוואָרן. אַלע מאָל געלעבט אין מיינע בלוטן אין אייביקער ציטער־ניש פאַר אַ לויערנדיקער געפאַר.

איך האָב אַלץ געטאָן צו דערווייטערן זיך פון אָנבליק פון ים. איך בין אוועקגעפאָרן אין אַ ווייטער שטאָט, וואו עס איז ניטאָ קיין ים. איך האָב אַפילו אויסגעמידן צו לייענען אַזעלכע ביכער, אין וועלכע עס באַשרייבט זיך דער ים. איך האָב ניט געלייענט קיין לידער וועגן ים. איך האָב דערווייטערט פון זיך אַלע בילדער, וואָס האָבן פאַרגעשטעלט דעם ים אין קאָליר אָדער פאַרב. און דאָך האָב איך קיינמאָל ניט אויפגעהערט צו פילן זיין נאָענטקייט. די מורא אין מיר האָט ניט אויפגעהערט צו לעבן איר לעבן. אַמאָל — שוואַכער און אַמאָל — אינגאַנצן פאַרבאָרגן זיך אין אַ מאָדנעם לויערנדיקן שווייגן, וואַרטן ביז עס וועט קומען די געלעגנהייט נאָך אַמאָל באַווייזן איר פנים און איבערשרעקן.

2

ביסלאַכווייז בין איך קראַנק געוואָרן אויף אַ מאָדנער, אומ־דערקלערבאַרער קראַנקהייט.

דאָקטוירים האָבן ניט געקענט גענוי באַשטימען — ניט די סימפּטאָמען און ניט די סיבות, וואָס האָבן פאַראורזאַכט די קראַנק־הייט. זיי האָבן פשוט ניט געפונען קיין נאָמען פאַר מיין צושטאַנד, און האָבן, צוליב באַקוועמלאַכקייט, געמוזט אָנרופן זי מיט דעם צעשוואָומענעם באַגריף — נערוועזע דערשיטערונג. נאָך שווערער איז פאַר זיי געווען צו באַשטימען די הייל־מיטלען. זיי האָבן געמוזט אָנווענדן אויף מיר יענע געוויינלאַכע הייל־מיטלען, מיט וועלכע עס ווערן געהיילט אַלערליי נערוועזע מענטשן: — אַ סך רו, איזאָ־לירטקייט, אויסמיידונג פון אַלערליי אויפרעגונגען און אַזוי ווייטער.

אין דער פאַמיליע, און באַזונדערס מיין פרוי, האָט מען זייער מורא געהאַט איך זאָל זיך ניט רירן פונם זינען, ווייל אין די ערנסטערע צופאַלן פון דער קראַנקהייט האָב איך באמת זייער שטאַרק געליטן גייסטיק און אויפגעפירט זיך ניט אינגאַנצן נאָרמאַל.

איך ווייס ניט ווער עס איז געווען דער ערשטער צו ראָטן מיר אוועקצופאָרן צום ים. אפשר איז דאָס געווען אַ ראָט פון דאָקטאָר.

אָבער מיין פרוי האָט זיך פאַר אַט דעם פּלאַן אָנגעכאַפּט ווי פאַר א רעטונג. איר ברענענדסטער פאַרלאַנג איז געוואָרן — אוועקנעמען מיך פון דער רוישנדיקער שטאָט און ברענגען מיך צו די ברעגן פון ים. זי האָט פון דעם ניט אויפגעהערט צו ריידן. טאָג און נאַכט איז זי געווען פאַרנומען מיט דעם געדאַנק. זי האָט, פון אָנהייב גאַנץ פּאָרזיכטיק, איינגערעדט מיך, איינגעטענהט מיט מיר לאַנג און געדולדיק. זי האָט זיך בּאַראַטן מיט ספּעציאַליסטן, אָן מיין וויסן. זי האָט קיינמאָל ניט פאַרגעסן אין אַלע אונזערע טאָגנעשפּרעכן אריינצופּלעכטן אויך דעם פּלאַן אוועקצופאָרן צום ים. זי האָט זיך געקענט אוועקזעצן, און מיט דער מערקווירדיקער געדולדיקייט פון א פרוי, צום טויזנטן מאָל, איבערחזרן פאַר מיר אַלע איינצלהייטן פון אונזער צוקונפטיקן לעבן ביים ים.

שפּעטער האָב איך זיך אויך דערוואוסט, אַז דאָס און בכלל דער פּלאַן אוועקצופאָרן צום ים, איז געווע איינער פון די מעטאָדן, מיט וועלכע מ׳האָט אין מיר געוואָלט באַקעמפן די מורא פאַרן ים.

זי פלעגט זיך אוועקזעצן לעבן מיר, צוטוליען מיך צו זיך, ווי מען טוליעט צו א קינד, און אָנהייבן ריידן און איינריידן:

— אָך, לאָמיר פון דאַנענט אוועקפאָרן! דאָ איז אומערטערגלאָך. אומעטום מענטשן. אין הויז מענטשן. אפן גאַס מענטשן. ניטאָ וואוהין אהינצוטאָן זיך פון זיי. זיי זיינען ווי פּיאַווקעס וואָס זויגן זיך איין און מ׳קען זיי ניט אָפּרייסן. זיי לאָזן ניט רוען. לאָמיר פון אַלעמען אוועקפאָרן. דו וועסט דאָרטן געזונט ווערן. דאָ לאָזן דיך ניט מענטשן געזונט ווערן. דאָ לאָזט ניט די שטאָט. א געזונטער ווערט דאָ קראַנק. און דו דאַרפסט האָבן רו. איך זאָג דיר: דו ביסט גאָר ניט קראַנק. גאָר ניט קראַנק. דו ביסט נאָר מיד פון דער שטאָט און פון מענטשן. איך בעט דיך, נו, טו דאָס צוליב מיר. דו האָסט דאָך מיך ליב. דו האָסט דאָך מיך ליב. מיר וועלן וואוינען אין א פּויערש שטיבל ביים שטיין ברעג פון א פּיאָרד. ניין, דאָס וועט ניט זיין דער ים. בלויז א קליינער שטילער רואיקער אויסגוס פון ים. מיר וועלן שפּאַצירן. מיר וועלן ריידן זאָרגלאָזע רייד. דו וועסט נאָך מער ליב האָבן דיין ווייבעלע. און איך וועל נאָך מער ליב האָבן מיין מאַנעלע. דו וועסט זיך דאָרט אויסרוען. ניין, מיר וועלן

זיךביידע אויסרוען. דו זעסט — איך אַליין נויטיק זיך אין רו. איך אַליין בין קראַנק. איך בעט דיך. אָ, איך בעט דיך!

זי פלעגט אויפהערן צו ריידן, און איך פלעג באַמערקן אויף אירע אויפגערעגטע באַקן אַ הייסע לויפנדיקע טרער.

און אַזוי איז דאָס געווען טאָג נאָך טאָג. כמעט די זעלביקע ווערטער זיינען איבערגע'חזר'ט געוואָרן פון דער גאַנצער פאַמיליע. אַלץ אין הויז האָט זיך ביי מיר, ווי ביי אַ גזלן, געבעטן איך זאָל זיך אונטערגעבן, איינשטימען. אוועקגעבן זיך דעם אומפאַרמיידלאַכן שיקזאַל.

און איך האָב זיך אוועקגעגעבן. פאַר אַלעמען איז דאָס געווען דער גרעסטער גליק. מער פון אַלעמען האָט זיך געפרייט מיין פרוי. עס איז גאָר ניט געווען קיין גרעניץ צו איר פרייד. זי האָט פאַרגעסן אַלע פאַרזיכטיקייטן. זי האָט זיך אינגאַנצן געביטן. זי איז געוואָרן פרעמדער, זיכערער און אַנטשלאָסענער. זי האָט אפילו ניט געפונען פאַר נויטיק אַריינצוקוקן אין מיינע אויגן, זען דעם אויסדרוק פון מיין פנים, איינהערן זיך אין דעם קלאַנג פון מיין שטימע, ווען איך האָב אַרויסגערעדט די ווערטער פון מיין אייגענער פאַראורטיילונג. אין ווילדער באַגייסטערונג און פרייד האָט קיינער ניט באַמערקט, ניט אין מיינע אויגן, ניט אין מיין פנים און ניט אין מיין קול די שטראָף, וואָס איך האָב אויף זיך גענומען. איך געדיינק נאָר ווי אַלע האָבן זיך גענומען איילן, פּאַקן, טומלען וועגן יעדער קלייניקייט. און מיך אַליין אינגאַנצן פאַרגעסן. און נאָר די פרוי, ווען זי איז פאַרטיק געוואָרן מיט טויזנט און איין זאַך, איז צוגעלאָפן צו מיר מיט אַ שטראַלנדיקן געזיכט און אַ קוש געטאָן מיר אין באַק. און איידער איך האָב צייט געהאַט עפּעס צו זאָגן איז זי שוין ווידער ניט געווען. וואַרשיינלאַך, מורא געהאַט איך זאָל ניט אויסדריקן קיין חרטה.

### 3

מיר זענען צום ים אָנגעקומען אין אַ שיינעם זוניקן טאָג. די זון איז נאָך געווען הויך. די מעוועס זענען אַרומגעפליגן איבערן ים, געטונקט זייערע שנאָבלען אין וואַסער, געפּאַטשט מיט די פליגלען

איבער די ברויזנדיקע כוואַליעס און געפלויגן יעדע ווײַלע צוריק צום ברעג.

אונזער שטיבל איז געשטאַנען אַ פּופּציק טריט פון ים. אויף אַ פעלז. איבער דעם גאַנצן ברעג פון ים האָבן זיך דערהויבן אָפּגעריסענע, משופּה׳דיקע פעלזן, און אויף זיי — קליינע שיטער צעוואָרפענע שטיבלאַך. צום נאָענטסטן אײַנוואוינער איז געווען עטוואָס ווייניקער פון אַ מייל. מיר זײַנען געווען אָפּגעריסן פון דער וועלט, אינגאַנצן אין דער הערשאַפט פון דעם גרויסן ים.

אומעטום איז געווען זײַן הערשאַפט. דער ברעג איז געווען אויסגעקאַרבט און אויסגעפאָרמט מיט דעם לויף און פאָרם פון זײַנע כוואַליעס. די לופט איז געווען איבערגעפולט מיט דעם אייביקן גערויש פון זײַנע כוואַליעס. אויף אַלץ האָט ער אַרויפגעהויכט זײַן אָטעם, און וואָס מען האָט געזען האָט מען געזען אין זײַן ליכט. און וואָס מען האָט געהערט האָט מען געהערט אין דעם קלאַנג פון זײַן אייביקן גערויש. אַ ריזיקער, האָט ער גלײַך באַהערשט אונזערע געדאַנקען, אונזערע רייד, אונזער לעבן.

אין אַלץ איז געווען דער ים. אומעטום איז געווען דער ים.

גלײַך, ווי מיר זײַנען אָנגעקומען האָב איך דאָס דערפילט. די כוואַליעס האָבן געברומט, גערוישט און געריסן זיך ווי אין אנגסטן. אין ים האָט שטענדיק געשטורעמט, געיאָגט זיך און געטומלט. אָבער דער ים אַליין איז געווען רואיק. מאָדנע רואיק און צופרידן. איבער זײַן גאַנצער גרויס איז געווען אויסגעלייגט אַ צופרידענער שמייכל.

מײַן פרוי איז געווען אַנטציקט. אַזאַ ליכטיקייט האָב איך אויף איר פּנים קיינמאָל ניט געזען. זי האָט אויסגעשריען:

— זע, סאַראַ רחבות! גאָט, ווי שיין. ווי וואונדערלאַך! ים!

זי האָט מיך געלאָזן אויף דער וועראַנדע. און אַליין איז זי אַרונטערגעלאָפן, איבער די טרעפּ, צום ים. אַ יונגע, אין ווײַסן קלייד, איז זי בײַם ברעג, אויף די זאַמדן, געווען קליין, געווען ווי אַ קליין מיידעלע. זי האָט זיך אַוועקגעשטעלט מיטן פּנים צום ים און עפּעס געשריען אין זײַן ווײַטקייט אַרײַן. איר קול איז גלײַך אויסגעלאָשן געוואָרן, פאַרלאָרן געגאַנגען אין דעם ברויזן פון

כוואַליעס. זי האָט אָבער געשריען נאָך און נאָך. זי איז געשטאַנען לאַנג, ניט געקענט אָפּרייסן זיך פון ים. אירע האָר זיינען געווען צעפלאָסן. דער אָטעם פון ים האָט זיך מיט זיי געשפּילט, אָפּגע־טיילט יעדעס הערעלע באַזונדער, און האָט יעדע הערעלע אויס־געבאָדן אין ליכט פון זון, און אויסגעפּוצט אין קאָלירן פון גאָלד און בורשטין. ביז זי אַליין איז געוואָרן אַ שטראַלנדיקע. דער ים האָט זיך געשפּילט מיט אירע קליידער, געפּאָכעט מיט זיי, ווי מיט שיין גאָלירטע פאָנען.

זי האָט זיך אומגעקערט צו מיר אַ גליקלאַכע, אַ שטראַלנדיקע. אירע באַקן האָבן געפלאַמט, אויסגעקושטע פון ווינט און זונשיין. זי האָט ניט אויפגעהערט איבערצוחזרן:

— דאָ וועסטו זיכער געזונט ווערן. די זון וועט דיך אויס־היילן. דער ים וועט דיך אויסהיילן. די רואיקייט וועט דיך אויס־היילן. דו וועסט דאָ פאַרגעסן פון דיין קראַנקהייט.

זי האָט דאָס גע׳טענהט, און אין אירע אויגן איז געווען אַזוי פיל גלויבן, אַזוי פיל אויפריכטיקן גלויבן, אַז מיר, דעם אומגלויביקן, איז פון אירע רייד שטענדיק טרויעריק געווען.

דערווייל איז אָנגעקומען דער אָוונט. די זון האָט זיך געזעגנט אין ים אַריין, און דער גאַנצער מערב האָט זיך אָנגעצונדען אין רויטן צונטער און אויפגעפלאַמט דעם ים מיט אַ רויטן פלאַמען. עס האָט זיך געדוכט, דער ים האָט געברענט און איז מיט זיינע כוואַליעס, ווי מיט רויט־געפלאַמטע צונגען פון אַ ריזיקער שריפה, געלאָפן צו די ברעגן.

די כוואַליעס האָבן זיך געצונדען און געלאָשן, געווען שפּילעוו־דיק און רוישיק. אָבער דעם ים אַליין איז געווען ערנסט. ער איז געווען שווער און שרעקלאַך. און ווי נאָר די שריפה אויף אים האָט זיך אויסגעלאָשן, גלייך האָט פון אים גענומען בלאָזן אַ ווינט. דער ווינט איז, ווי אַ לעבעדיקער, אַרומגעלאָפן איבער די כוואַליעס און איבער דעם ברעג אין זיין גאַנצער לענג, און האָט, ווי שוואַך־ברענענדיקע ליכט, אויסגעלאָשן יעדן שטראַל, וואָס האָט נאָך גע־צאַנקט אין די ברויזנדיקע וואַסערן. נאָכדעם איז פּלוצלונג אָנגע־קומען די נאַכט.

איך בין געווען מיד פון טאָג. מיין האַרץ איז אין מיר געווען אומרואיק און דערשראָקן. איך בין געווען ווי אַ געפאַנגענער אין די אָרעמס פון ים. אומעטום איז געווען ים. אומעטום איז געווען זיין לעבן. עס איז געווען אַזוי, ווי אונזער שטיבל וואָלט געהאַנגען איבער זיינע כוואַליעס, וואָס האָבן, ווי לעבעדיקע ווענזס, געשריען און געצויגן זיך אין אַ דראָענדיקן מאַרש, איינע איבער די אַנדערע, איינע איבער די אַנדערע אין אַ ווילדן געיעג.

יע. איך בין געווען געפאַנגען פון ים. און ווי אַ געפאַנגענעם איז מיר געווען ענג ביי זיינע ברעגן. איך האָב געהערט נאָר דעם געשריי פון ים, און געווען פאַרטומלט. איך האָב קיין זאַך ניט געהערט אַ חוץ אָט דעם אייביקן געשריי וואָס האָט פאַר מיר געקלונגען אַמאָל, ווי אַ ווילדער געלעכטער און אַמאָל, ווי אַ צאָרנדיקער ברומען פון אַ חיה. און דורך דעם געברום האָט זיך פון דערווייטן געהערט אַ קראַכן, אַזוי ווי עס וואָלטן, ערגעץ וואו אין מיטן ים, ריזיקע שטעט איינגעפאַלן, געבראָכן זיך, אונטערגעגאַנגען.

מיין פרוי האָט צו מיר עפּעס גערעדט. איך האָב אָבער אירע רייד ניט געהערט און ניט פאַרשטאַנען. איך בין געפאַלן, אַ מאַכט־לאָזער, אויפן בעט און צוגעמאַכט די אויגן. אַ גאַנצע נאַכט האָב איך גיט נעקענט איינשלאָפן. מיין פרוי איז געזעסן איבער מיר אַ פאַרלאָרענע, אַ הילפלאָזע און געוויינט. ניט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט מיר. און איך בין געווען אין אַ טראַנס. איך האָב קיין זאַך ניט געפילט, אַ חוץ דער שרעקלאַכער נאָענטקייט פון ים. ער איז געווען לעבן מיר. ער איז געווען אין מיר.

ער איז געווען אומעטום, דער ים.

ערשט צו אינדערפרי צו האָב איך זיך פאַרגעסן און איינגע־שלאָפן. אַז איך האָב אויפגעעפנט די אויגן איז שוין די זון געווען הויך. איך האָב אַרויסגעקוקט דורכן פענסטער. דער ים האָט געשמייכלט, אַ צופרידענער, אַ באַשטראַלטער פון זון. מיין פרוי איז אַרומגעגאַנגען ביים ברעג און אין קוישל געקליבן ים־שאָלן. דער טאָג האָט געשיינקט זיינע מתנות מיט אַ ברייטער האַנט. עס איז מיר געווען לייכט אויפן האַרצן, און איך האָב ניט געוואוסט, וועלכע איז געווען דיווירקלאַכקייט — נעכטיקע, ביינאַכטיקע, אָדער

היינטיקע, די טאָגיקע. אין דער אמתן איז ביינאַכט און בייטאָג דאָס לעבן פון ים ווייט געווען פון ווירקלאַכקייט. עס איז געווען, ווי א חלום, וואָס האָט זיך געביטן, ווען דער טאָג האָט פאַרביטן די נאַכט. איך האָב געזען דעם חלום ניט נאָר ווען איך בין געשלאָפן, נאָר אויך ווען איך האָב געוואַכט. עס איז געווען בלויז חלום.

מיין פרוי איז צו מיר אריין מיט א גאַנצן פּאַק ים־שאָלן פון אַלערליי קאָלירן, א גליקלאַכע מיט דעם, וואָס איך האָב גוט א שלאָפגעטאָן און, א זוניקע, מיט דעם שיינעם פרימאָרגן. פון איר האָט געשמעקט מיט ים. זי האָט אויסגעשאָטן אויפן דיל די שאָלן, און האָט געזאָגט:

— ים!

איך האָב ניט געענטפערט. זי האָט אָפּגעוואַרט, און האָט טרויעריק געזאָגט:

— אַך, פאַרוואָס האָסטו אזוי פיינט דעם ים?

— איך האָב אים ניט פיינט. אָבער דאָ זע איך חלומות ניט נאָר ווען איך שלאָף, נאָר אויך ווען איך וואַך. שרעקלאַכע חלומות. און איך וועל מוזן פון דאַנען אוועקפאָרן. איך וועל מוזן. איך קאָן דאָ ניט זיין!

איך האָב דאָס אַרויסגעזאָגט, און געפילט די גאַנצע פאַרברע־כערישקייט פון מיינע ווערטער און די אומגערעכטיקייט צו מיין פרוי.

זי האָט אַראָפּגעלאָזן אירע הענט און אָנגעהויבן וויינען, ווי א קינד, וואָס מ'האָט בא אים געוואָלט צונעמען דאָס טייערסטע. אז זי האָט זיך אַביסל באַרואיקט האָט זי מיט א מאָדנעם אימפּעט אָנגעכאַפּט גאַנצע הויפנס מיט שאָלן, און גענומען זיי שטעקן מיר אין פּנים אריין:

— נאַ, זע. דאָס איז — ים! דער ים איז גוט. דער ים איז מילד. זע די שאָלאַכלאַך. ווי זיי לאַכן, ווי זיי שמייכלען. ווי זיי ווינקען. גאָט, ווי דו ביסט אומגערעכט! קום, טו זיך אָן. איך וועל דיך נעמען צום ים. וועסט גאָט דערזעען. וועסט דערזעען!

די באַקן אירע האָבן געפלאַמט. אין די אויגן האָט געברענט

אַ פייער. זי איז אַליין געווען ווייט פון ווירקלאַכקייט. זי אַליין איז שוין געווען חלום.

זי האָט מיך ארויסגעשלעפּט פון בעט, געהאָלפן מיר אָנטאָן זיך. זי האָט אינגאנצן געפיבערט מיטן געדאַנק צונויפצוברענגען מיך מיטן ים. שלום מאַכן צווישן אונז ביידן. איך האָב זיך, ווי אין אַ חלום, אָפּגעגעבן איר פאַרלאַנג. מיינע געדאַנקען און מיינע פאַרלאַנגען זיינען געווען טונקל.

אָנגעטאָנענע אין אונזערע באָד־קליידער זיינען מיר אַראָפּגע־לאָפן צום ים. ער האָט איצט אינגאַנצן געגלאַנצט אין די שטראַלן פון דער זון. ער איז געווען שיין, דער ים. ער האָט איצט געברענט אין אַ הייליקן פלאַמען. אין אים האָט זיך געשפּיגלט דער פּנים פון גאָט, דעם בורא.

די פרוי האָט צו מיר געזאָגט:

— קום, מיר וועלן זיך אויסבאָדן.

איך האָב זיך דערשראָקן פאַר אירע ווערטער:

— ניין. וואָס רעדסטו? ניין!

— אָך, איך בעט דיך, קום, קום.

איך בין ניט געגאַנגען.

זי האָט מיך איבערגעלאָזן אויפ׳ן זאַמד, און אַליין אימפּעטיק, מיט אַ מאָדנער הייסער באַגעריקייט, זיך אַ לאָז געטאָן אין זיינע כוואַליעס, ווי אין מעכטיקע אָרעמס. אין אירע באַוועגונגען, אין יעדן ריר און קער אירן איז געווען אַזוי פיל עראָטישקייט, אַזאַ ברענענדיקער פאַרלאַנג וואָס שנעלער איבערצוגעבן זיך דעם מעכ־טיקן רוח פון ים, אַז זי איז שוין אין מיינע אויגן מער ניט געווען די פרוי, וואָס איך האָב אַזוי גוט געקענט. זי איז געווען אַן אומ־באַקאַנטע, אַ פרעמדע.

אַז זי איז שוין געווען טיף האָב איך דערזעען ווי זיכער עס זיינען געווען אירע באַוועגונגען אין ים. די כוואַליעס האָבן זי געהייבן און געוואָרפן און געשליידערט, און זי האָט זיך מיט אַ מערקווירדיקער געשיקטקייט, געראַנגלט מיט זיי. עס איז געווען אַ מאָדנער, ליידנשאַפטלאַכער געראַנגל און אין דער זעלביקער צייט, אַ שפּיל, אַ פאַרטרוילאַכער שפּיל, צווישן אַ גרויסן, אַ מעכטיקן און

א קליינעם, אַן אומבאַהאָלפענעם. די געפאַר האָט אויף איין רגע ניט אָפּגעטראָטן.

אין עטלאַכע מינוטן אַרום איז זי אַרויס פון ים און צוגעלאָפן צו מיר. איר ברוסט האָט זיך געהייבן. אירע באַקן האָבן געפלאַמט. אירע ווערטער זיינען געווען אָפּגעריסענע, און איבער אַלץ איז גע־ווען איר פלאַמענדיקער אויסגעשריי:

— גאָט, ווי שיין, ווי וואונדערלאַך דער ים איז!

איצט האָב איך שוין אַליין געזען זיין וואונדערלאַכקייט. איך האָב שוין געוואָלט אַליין שליסן שלום מיטן ים. און אַז זי האָט מיך גענומען שלעפּן אין ים אַריין האָב איך שוין ניט געקעמפּט, נאָר געגאַנגען נאָך איר. עס איז געווען שרעקלאַך, אָבער איך האָב זיך מיט אַ מאָדערנער מוראַדיקער הנאה איבערגעגעבן דעם שרעקלאַכן.

---

4

איך האָב פון דאַן אָן גענומען פילן אין דעם ים אַ מאָדנע צווייענדיקייט. פונקט ווי עס וואָלטן געווען צוויי ימען, — אַ ביי־טאָגיקער און אַ נאַכטיקער. ביי טאָג בין איך מיטן ים געווען זיכער. איך האָב זיך שוין אים געקענט פאַרטרויען. איך האָב זיך זאָגאַר אָנגעהייבן באָדן יעדן אינדערפרי. אָבער ווי עס פלעגט אָנקומען די נאַכט פלעגט ער אין מיינע אויגן ווערן אַן אַנדערער. איך פלעג אין אים דערפילן אַ צאָרנדיקייט. עס פלעגט זיך בייטן זיין פּנים. עס האָט פון אים געוויי מיט אומצופרידנקייט, און איבער אים, איבערן גאַנצן, איז געהאַנגען אַ געהיימניס.

ביינאַכט פלעגן זיינע כוואַליעס ניט רוישן, נאָר ברומען, שרייען, יאָמערן. איך פלעג זיך פאַרקלייבן אין אונזער שטיבל, צו־מאַכן די לאָדן, פאַרהענגען די פענסטער מיט שווערע טיכער, כדי ניט צו הערן דעם געשריי פון ים. אָבער דער געשריי איז געקומען פון אַלע זייטן. אַזוי ווי די ווענט וואָלטן זיך פאַר אים געשפּאָלטן, און דורכגעלאָזן זיינע מוראַדיקע קלאַנגען.

גאַנצע נעכט האָב איך ניט געשלאָפן. איך האָב אַלץ געקענט הערן אין דעם געשריי פון ים, הערן און זעען. בילדער גאַנצע און

אָפּגעריסענע. אָט האָבן געשריען מענטשן, וואָס טרינקען זיך. און אָט האָט געזונקען אַ גאַנצע שטאָט. עס האָבן זיך געטרונקען ניט איינער און ניט צוויי, נאָר גאַנצע מחנות. שיפן מיט מענטשן האָבן זיך געטרונקען. גאַנצע שטעט זיינען אונטערגעגאַנגען. אונטער די צוגעמאַכטע אויגן־לעפלאַך האָבן זיך געצונדן די שרעקלאַכע ביל־דער. מענטשן טרינקען זיך און ראַנגלען זיך מיט כוואַליעס. אַלערליי געשרייען האָבן אָפּגעקלונגען אין די אויפגערעגטע אויערן. וויפיל מענטשן, אַזוי פיל געשרייען. מ׳שרייט. מ׳קוויטשעט. מ׳יאָמערט. יונגע און אַלטע. מענער, פרויען און קליינע קינדער. יעדער מיט זיין קול. יעדער שרייט אַרויס זיין אַנגסט אויף אַ באַזונדער אופן. צעקרימטע פּנימער. פּאַראַליזירטע מיילער, געליימטע צינגער. איינער כאָרכלט. דער צווייטער — שרייט. דער צענטער יאָמערט און מאַכט שרעקלאַכע גרימאַסן. און דער הונדערטער? ווער ווייס מיט וואָס פאַר אַ קול דער הונדערטער שרייט אַרויס זיין שרעק פאַרן טויט? און מענטשן ווערן משוגע פון שרעק. משוגענע קענען זיך פּלוצלונג פאַרגייען אין אַ ווילדן געלעכטער, וואָס איז נאָך שרעקלאַכער פון טויט. און אָט איבער דעם געשריי, און אָט אי־בער דעם יאָמער לאַכט און קייכט, אַ שיכורער, דער ים. וואָס האָב איך ניט געזען? וואָס האָב איך ניט געהערט אין דעם ביינאַכטיקן רויש פון ים? — און איינמאָל האָט פּאַסירט, אַז אַ שטורעם האָט זיך אויפגעהייבן אויפן ים. דער ים האָט דאַן געשריען, ווי אַ פאַרוואונדעטע חיה. אונזער שטיבל האָט זיך געשאָקלט, און איך האָב זיך געקייקלט אויפן בעט און געבעטן זיך ביי מיין פרוי זי זאָל מיך מיט עפּעס טויטן. און מיין פרוי האָט בלויז געוויינט און געבעטען גאָט, ווי אַ דערשראָקן קינד. אַ גאַנצע נאַכט האָט דער שטורעם געבושעוועט. ערשט צום אינדערפרי האָט זיך דער הימל אויסגעלייטערט און די זון איז אַרויס אויפן הימל, אַזוי ווי קיין זאַך וואָלט דורך דער נאַכט ניט פּאַסירט. מיר האָבן יענעם אינ־דערפרי באַשלאָסן אַוועקצופאָרן אַהיים. מיין פרוי איז שוין גע־ווען מיד פון די שלאָפלאָזע נעכט מיט מיר און פאַרצווייפלט.

מיר זיינען אַרויס צום ים. מיליאָנען שאָלן האָבן זיך אַרומ־געוואַלגערט אויפן זאַמד צווישן בערג מיט אויסגעריסענע ים־גראָזן

און קאַראַלן. איינער פון די גרויסע פעלזן, ביים ברעג, איז געווען אָראָפּגעשליידערט אין ים אריין. דער ים איז אָבער איצט געווען זייער רואיק. רואיקער ווי אַלע מאָל.

מיין פרוי איז עשטאַנען אַן אַנטציקטע. זי האָט זיך ביי מיר גענומען בעטן:

— לאָמיר דאָ פאַרבלייבן נאָך עטלאַכע טעג. בלויז עטלאַכע טעג. זע, ווי וואונדערלאַך דאָ איז!

איך האָב זיך אויך דאָס מאָל געלאָזט איבעררעדן. מיר זיינען פאַרבליבן. אָבער ניט אויף לאַנג. דעם זעלביקן טאָג האָט פּאַסירט אַזוינס, וואָס האָט פאַרענדיקט אַלץ.

דעם אָוונט זיינען מיר אַרויס שפּאַצירן צום ים. דער אָוונט איז געווען אַ שטילער. דער ים — רואיקער, ווי אַלע מאָל. מיר זיינען געגאַנגען און געטראַכט פון ים. אַז מען גייט ביים ברעג פון ים טראַכט מען נאָר פון ים. מ׳קען פון קיין זאַך ניט טראַכטן. מען פילט נאָר דעם ים. מען איז פול מיט אים. יענעם אָוונט איז דער ים געווען מאָדנע טרויעריק, אַזוי ווי אַ מענטש, וואָס וואַרט איינער אַליין אויף דעם אָנקום פון דער נאַכט. און אין דער אמתן איז דאָך דער ים אַליין. אייביק אַליין. און דערפאַר איז אפשר זיין רוישן אין דער נאַכט אַזוי טרויעריק, אַזוי סודותדיק. איך בין געגאַנגען זייט ביי זייט מיט מיין פרוי, אָבער מיינע אויגן זיינען געווען געווענדט צום ים, און וואָס פינסטערער עס איז געוואָרן, אַלץ מער האָב איך געזען דעם ים. איך האָב אים קיינמאָל ניט געזען אַזוי ווי יענע נאַכט. איך האָב צום ערשטן מאָל דערזעען, אַז דער ים האָט אַ פּנים. ניט אַ מענטשלאַך פּנים, אָבער אַ פּנים, וואָס אַז מען דערזעט אים איינמאָל קען מען שוין אים קיינמאָל ניט פאַרגעסן. איך האָב אים צום ערשטן מאָל געזען אַ שווייגנ־דיקן. ער האָט עגרוישט, און דאָך איז געווען אַזוי, ווי ער וואָלט געשוויגן. איבער אים איז געווען אַ טיפער שווייגן. אַ טיפער, שוואַרצער שווייגן. איך האָב אויף אים געקוקט מיט שרעק און מיט פאַרדאַכט. איך האָב אים ניט געגלויבט. איך האָב געוואוסט, אַז דער ים שווייגט קיינמאָל ניט. ער איז ווי אַ גרויסע, ריזיקע שטאָט: אָט, דאַכט זיך, זיינען שוין אַלע מענטשן איינגעשלאָפן. די פאַ־

בריקן האָבן אָפּגעשטעלט זייער ארבעט, זייערע מאַשינען. די באַ־וועגונג אין שטאָט איז איינגעשטילט. אָבער אַז מען זאָל צולייגן אַן אויער צו דער ערד וועט מען דערהערן אַ געקלאַפּ פון אונטער־ערדישע ווינט־האַמערס, אַ גערויש פון רעדער, וואָס רייסן אויף שטיקער די ערד. און אַז מען זאָל זיין געדולדיקער און נאָך מער איינהערן זיך וועט מען דערהערן געשרייען: אימיצער ווייגט, אימיצער אַנטלויפט און אימיצער יאָגט נאָך. אימיצער ווערט גע־באָרן און אימיצער שטאַרבט. עפּעס ווערט שטענדיק געלעסטערט. עפּעס ווערט שטענדיק באַרויבט.

ניין. ער איז געווען אַן אַנדערער, דער ים. עס האָט פון אים געוויייט מיט פרעמדקייט.

מיין פרוי האָט פּלוצלונג אַ זאָג געטאָן:

— דו ווייסט וואָס מיר איז איינגעפאַלן? דער ים איז רואיק. דאָס וואַסער איז וואַרעם. און איך האָב זיך נאָך קיינמאָל ניט געבאָדן ביינאַכט. איך וועל זיך גאָר נאָענט לעבן ברעג באָדן.

און זי האָט אַ קוק געטאָן אויף מיר מיט געבעט. און גלייך האָט מיך אַרומגעכאַפּט יענע אייביקע מורא, וואָס איז אין מיר לאַנגע יאָרן געלעגן פאַרבאָרגן און געלויערט. איך האָב מיט שרעק אַ קוק געטאָן אויפן ים. ער איז געווען רואיק. שטיל. ער איז גע־ווען זייער שטיל.

זי האָט, דאַכט זיך, ניט געוואַרט אויף מיין צושטימונג. זי איז באַלד אַוועקגעלאָפן צום הייזל, האָט זיך איבערגעטאָן, און איז געקומען צוריק אַ פריילעכע. זי האָט בלויז אַ זאָג געטאָן:

— דו זעץ זיך צו אויפן זאַמד. וועסט זען, ווי איך וועל זיין לעבן סאַמע ברעג. און האָב קיין מורא ניט. דער ים איז דאָך אַזוי שטיל.

זי איז גלייך אַריין אין וואַסער. און ווי זי איז אַריין האָב איך זי פאַרלאָרן פון מיינע אויגן. איר סילועט האָט זיך צונויפ־געגאָסן מיט ים און מיט פינסטערניש. אַזוי ווי זי וואָלט אין אים גאָר ניט געווען. איך בין אין שרעק צוגעלאָפן צו די שטילע כוואַ־ליעס, עטלעכע מאָל אויסגעשריען איר נאָמען. זי האָט ניט גע־ענטפערט. האָב איך נאָך אַמאָל גערופן איר נאָמען. און יעדעס

מאָל וואָס איך האָב אויסגעשריען איר נאָמען האָט זיך מיר גע־
דוכט, אַז מיין שטימע ווערט אָפּגעשטויסן צוריק דורך אַן אומ־
באַוואוסטן כח. מיין קול איז געפאַלן לעבן מיינע פיס ניט איבער־
שפּרייזנדיק קיין שטח. און דאַן האָב איך, אין לעצטער פאַרצווייפ־
לונג, נאָך שטאַרקער אָנגעהייבן צו שרייען. איך ווייס ניט וואָס
איך האָב געשריען. איך ווייס נאָר אַז מיין געשריי איז געווען
שרעקלאַך.

ענדלאַך האָב איך דערהערט איר אָפּרוף. ער איז געווען
שוואַך. איך האָב אים קוים אויפגעכאַפּט פון אהינטער די כוואַ־
ליעס, אַזוי ווי זי וואָלט געווען ווייט, זייער ווייט. אַזוי טונקל
איז געווען איר קול. האָב איך שוין ווידער גערופן צו איר און
ווידער איז געקומען איר ענטפער שוואַכער און שוואַכער. עס איז
געווען ווי אַ יאָמער וואָלט זיך געשפּרייט איבער ווייטע כוואַליעס.
וואָלט אויפגיין און פאַרגיין. אויפלעבן אויף אַ רגע און ווידער
פאַרגיין אין שטאַרבן.

מיינע אויגן האָבן געקעמפט מיט פינסטערניש. מיין בליק
האָט געשטאָכן אין טונקעלן קערפּער פון דער נאַכט. מיינע הענט
האָבן באַטאַפּט דעם זאַמד, אויף וועלכן מיין פרויס פיס האָבן
געטראָטן. איך האָב געזוכט דעם אָרט, וואו מיין פרוי האָט גע־
מאַכט דעם ערשטן טראָט אין ים אריין, און ניט געפונען. עס איז
פון איר קיין זאַך ניט געבליבן, פּונקט ווי זי וואָלט דאָ קיינמאָל
ניט געווען. דער ים האָט אַלץ אָפּגעווישט.

און אַט איז איר קול אויך אינגאַנצן פאַרשוואונדן. און גלייך
האָב איך מער דערפילט ווי פאַרשטאַנען, אַז איך וועל שוין קיינ־
מאָל מער ניט דערהערן איר קול און ניט זען זי לעבן זיך. איך
געדיינקט ניט גענוי וואָס איך האָב געטאָן, אָבער איך ווייס, אַז
איך האָב משונה'דיק געשריען. דאָס איז געווען אַזאַ געשריי, וואָס
האָט אין מיר אַליין אָנגעצונדן די בלוטן און אויפגעשראָקן יעדן
גליד אין מיין קערפּער. איך ווייס ניט ווי לאַנג איך האָב אַזוי
געשריען. איך בין אפשר פון אייגענעם געשריי משוגע געוואָרן,
ווייל ווען די אַרומיקע שכנים, דערשראָקענע מיט מיין געשריי,
זיינען זיך צונויפגעלאָפן מיט אַלערליי הילף־מיטלען בין איך שוין

געווען טיף אין ים. איך האָב געשריען און אַלץ טיפער געיאָגט זיך אין די אָרעמס פון ים.

מיך האָט מען צייט געהאַט צו ראַטעווען. די מענטשן וואָס האָבן דערהערט מיין געשריי זיינען זיך צוזאַמענגעלאָפן פון אַלע ריכטונגען און האָבן מיך, כמעט א טויטן, ארויסגעשלעפּט פון ים. מ׳האָט מיך, א באַוואוסטלאָזן, אַריינגעטראָגן אין שטיבל און אַריינ־געלייגט אין בעט.

מענטשן האָבן געמיינט, אַז איך שלאָף. אָבער דאָס איז ניט געווען קיין שלאָף און עס איז בכלל ניט געווען קיין פאַרגעסונג. דאָס איז געווען א מערקווירדיקער טראַנס, אין וועלכן מיין לעבן איז געשוואומען ווי אין א שיפל אין מיטן פון ים, וואָס האָט ניט געהאַט קיין ברעגן און דאָס שווימען איז געווען אומענדלאַך און אויביק.

און אַז איך האָב אויפגעעפנט די אויגן האָב איך זיך מיט אַלע חושים דערפילט אין דעם מערקווירדיק פאַר׳שיכורנ׳דיקן פּראָ־צעס פון זינקען, זינקען אָן א סוף. און אַזוי גרויס איז געווען איבער מיר דער ווילן פון ים און אַזוי שטאַרק איז געווען דער פאַרלאַנג אוועקצוגעבן זיך אים, אַז שוין דערזעענדיק פאַר זיך די מענטשן, האָב איך געזאָגט:

— לאָזט מיך צום ים. לאָזט מיך צום ים!

די מענטשן האָבן אפנים ניט פאַרשטאַנען מיינע רייד און האָבן געזאָגט:

— אונזערע זוכן נאָך אייער פרוי. א גאַנצע נאַכט שווימען זיי אַרום אויף שיפלאַך מיט נעצן. מען וועט זי געפינען. זאָרגט זיך ניט. מ׳וועט זי שוין געפינען.

אָט אַזוי האָבן מיך דאָן די מענטשן געטרייסט און ניט גע־וואוסט, אַז איך האָב געננצלאַך פאַרגעסן וועגן מיין פרוי און איר ביטערן שיקזאַל. איך האָב פאַרעקשנט נאָך אַמאָל א זאָג געטאָן:

— פאַרוואָס האָט איר מיך ארויסגענומען פון ים? פאַרוואָס? איך וויל שטאַרבן, און איר האָט מיך אַרויסגענומען.

און ווידער האָבן מיך די מענטשן ניט פאַרשטאַנען, ווייל זיי האָבן מיך ווידער אָנגעהויבן איינריידן, אַז מ׳וועט מיין פרוי סוף־כל־סוף געפינען, פּונקט ווי מיט דעם, וואָס מ׳וועט זי געפינען וועט

מען זי אויך ברייגען צום לעבן. זיי האָבן מיר געהאָלפן אָנטאָן מיינע קליידער און אויך נים פאַרגעסן אַרויפצוואַרפן אויף מיר דעם פעלד. ווייל אין דרויסן איז געווען פרימאָרגנדיק קיל.

מיר זיינען אַלע אַרויס פון שטיבל, און פאַרזיכטיק, מיט דער הילף פון די מענטשן, וואָס האָבן מיך געפירט אונטערן אָרעם, בין איך אַראָפּ פון די טרעפּ.

די מענטשן, וואָס האָבן מיך געפירט זיינען געווען ערנסטע, שווייגנדיקע, מיט נאָך נים אַראָפּגעווישטע נאַכטיקע שאָטנס אויף די ברוינע פּנים׳ער. און אַזוי זיינען מיר אַלע געגאַנגען אין אַ הייליקער, סודותדיקער שווייגעניש, פּונקט ווי ביים ים, אין אָט דעם גרויען פאַרטאָגן, וואָלט שוין געשטאַנען ערגעץ, אָן אָנגעגרייטער, אַ מזבח, און וואָלט געוואַרט אויף אונזער לעצטן טראָט און אונזער לעצטן אָטעם.

דורך דער טונקלקייט איז צו אונז אָנטקעגן געלאָפן אַ טונ־קעלע געשטאַלט. אַזוי ווי אַ שאָטן וואָלט געלאָפן. טעמפּע זאַמ־דיקע טריט האָבן זיך דערנעענטערט. אימיצער איז געלאָפן מיט אַן אָנזאָג. נאָך פון וויטן האָט שוין דער שאָטן אונז באַמערקט און אַ געשריי געטאָן:

— העי, דאָרטן! מיר האָבן זי געפונען.

צוגעלאָפן נעענטער און מיט אַ שווערן אָטעם, ווי אָנזאָגנדיק אַ פריידיקע בשורה, הויך אויפ׳ן קול, צוגעגעבן:

— מיר האָבן זי געזוכט באַ די צפון׳דיקע ברעגן, פון וואַנען דער ווינט האָט די גאַנצע צייט געבלאָזן, און זי איז גאָר געווען ווייטער צום דרום־ברעג פון אויסגוס. די כוואַליעס האָבן זי אַהין אַרויסגעוואָרפן. און מיר האָבן זי אַ גאַנצע נאַכט אומזיסט אַרומ־געזוכט.

זיין שטימע האָט הילכיק געקלונגען אין דער פרימאָרגנדיקער לופט. ער האָט בלויז צוגעגעבן:

— קומט איך וועל אייך פירן.

און עס איז טאַקע געווען ווי אַ פריידיקע בשורה, וועלכע איך האָב נים פאַרשטאַנען, ווייל מיינע באַגלייטער זיינען גלייך גע־

וואָרן אַנדערע. די נאַכטיקייט איז פאַרשוואונדן פון זייערע פּנימער. זיי האָבן פרום געזאָגט:

— נו, געלויבט איז גאָט! געפונען. געלויבט איז גאָט.

מיר זיינען געגאַנגען אין מענטשנס טריט. מען האָט פאַרשנעלערט די טריט. מען האָט זיך שוין געאיילט. איך בין מיט שווערקייט זיי נאָכגעגאַנגען. דער וועג איבערן זאַמד איז געווען אַ שווערער. די פיס זיינען געזונקען און געשלייכט.

עס איז שווער געווען צו באַנעמען דעם ציל, צו וועלכן מיר זיינען געגאַנגען. שווער געווען צו באַנעמען דעם טאָג, וואָס איז געקראָכן פון אַלע האָריזאָנטן, געהייבן זיך און געפּויזעט אַריבער בערג און אַריבער פעלזן, געשטעלט זיך העכער און העכער איבער דער ערד מיטן ליכטיקן קאָפּ גרייכנדיק דעם הימל. פון ים האָט באַדאַרפט אויפגיין די זון. עס האָט זיך שוין דאָרטן געררויטלט דער הימל און געמיניעט זיך אין קאָלירן פון גאָלד און פון פּורפּור.

לעבן ברעג האָבן זיך באַוועגט עטלאַכע לאַנגזאַמע, כמורע פיגורן. אַ צוויי־דריי זיינען געלעגן אויסגעצויגן אויפן זאַמד. מיטן פּנים אַרויף. האָבן זיך אָפּגערוט, אין דערוואַרטונג, פון אַ גאַנצער נאַכט שווערן רודערן איבער די רוקנס פון כוואַליעס.

אַ צענדליק טריט וויטער איז געלעגן דער טויטער קערפּער פון מיין פרוי. זי איז אויך געלעגן מיטן פּנים אַרויף. אַזוי ווי זי וואָלט געקוקט צום הימל. און נאָר די צונויפגעלייגטע הענט אויפן בויך האָבן זיך טויטלאַך געווייסט אויף דעם טונקעלן באָד־אַנצוג, אין וועלכן עס זיינען געווען איינגעפלאָכטן, אינאיינעם מיט ים־גראָזן, טויזנטער קליינע שאָלעכלאַך און שטיקלאַך אָפּגעבראָקלטע קאָראַלן. די בלייך־גרינלאַכע הענט און פיס און דער אויפגעבלאָזענער, אומגעלומפּערטער בויך זיינען געלעגן אויף דער ערד, קעגן הימל, אין אַן אומפאַרשעמטער, באַליידיקנדיקער, אומבאַהאָלפענער רואיקייט. בלויז דאָס פּנים, אַ בלויזלאַך־גרינער און אַן אָנגעשוואָלענער, האָט זיך מאָדנע פרעמד און חוצפה'דיק געקרימט אין פאַרגליווערטן שרעק און פּיין, ווי בא אַ מענטשן, וואָס מ'האָט ערשט אַראָפּגענומען פון דער תליה.

מיר זיינען אַלע, אין שטומען שוויגן, געשטאַנען איבער איר,

מיט געבויגענע קעפּ. און זי, די קליינע, איידעלע פרוי, וואָס איז ערשט מיט אַ נאַכט צוריק געווען מיין פרוי, מיין חבר, מיין נאָ־ענטסטער מענטש אויף דער וועלט, זי איז געלעגן, אַ פאַרפּיי־ניקטע, אין אָנזיכט פון רואיקן, עקשנות'דיקן ים, וואָס האָט ניט אויפגעהערט צו קייקלען זיינען לוסטיקע, פרימאָרגנדיקע כוואַליעס איבער די טרוקענע זאמדן.

דער צופלוס איז אָנגעקומען. דער ים האָט זיך געהייבן. ברייטער געוואָרן. מעכטיקער. און אַלץ איז עווען ווי אַלע מאָל, ווי קיין זאַך וואָלט ניט פּאַסירט.

איך האָב זיך אַרונטערגעלאָזן אויף די קני, אַריבערגעבויגן זיך איבער דער טויטער. געוואָלט נאָך אַמאָל דערזען איר פּנים. נאָך אַמאָל דערקענען איר אָנבליק. דאָס איז דאָך געווען מיין פרוי. איך האָב דאָך זי געקענט דערקאָנען צווישן טויזנטער מיט איין קוק. איך האָב זי געקענט דערפילן צווישן טויזנטער. איך האָב געקענט דערשפּירן איר אָטעם אומעטום וואו זי איז געווען, ניט זעענדיק איר פּנים, ניט הערנדיק איר קול. און דאָ איז פאַר מיר געלעגן אַ פרעמדע. ניין, דאָס איז ניט געווען איר פּנים! דער ים האָט אוועקגערויבט די שיינקייט פון איר פּנים. ער האָט אויס־געלאָשן דעם צאַרטן פייער פון אירע אויגן. אָפּגעווישט איר שמייכל. ער האָט אוועקגערויבט אויך די שיינקייט פון איר קער־פּער, די ציטערדיקע רירעוודיקייט פון אירע גלידער. ער האָט זי מיר צוריקגעקערט אַן אָרימע, אַן אויסגעשעפּטע, אַ קאַלטע. אָן אַ פּנים און אָן שיינקייט, אַ באַליידיקטע און אַ פאַרשעמטע.

איך בין אָפּגעטראָטן פון איר אין שטומען שווייגן און בין צוגעגאַנגען צום ים. אוועקגעשטעלט זיך נאָענט צו זיינע כוואַליעס און אָפּן, ווי צו אַ מערדער, וועמען מען האָט ערשט געכאַפּט באַ זיין בלוטיקער אַרבעט, געזאָגט:

— דו האָסט פאַרפּייניקט מיין פרוי. מערדער!

דער ים האָט אַן אָטעם געטאָן מיר אַנטקעגן, און מיינע ווערטער זיינען געפאַלן אויפן זאמד, ניט גרייכנדיק זיין אָפענעם צופרידענעם פּנים.

האָב איך נאָך אַמאָל אויסגעשריען, מיט סם אין מיין קול, דאָס בייזע וואָרט, וואָס האָט זיך געריסן צום אויסדרוק:

— מערדער, מערדער!

און נאָך אַמאָל איז דאָס וואָרט געפאַלן צו מיינע פיס, טויט און בלוטלאָז, פונקט ווי איך וואָלט אָט דאָס וואָרט מיט איין רגע צוריק גאָר ניט באַלעבט מיט דעם פייער פון מיין בלוט.

און אַ דריטן מאָל האָב איך אַ געשריי געטאָן:

— מערדער!

און ווידער איז דאָס וואָרט געפאַלן לעבן מיינע פיס, אָן אָטעם און אָן אויסדרוק.

אָבער דערפאַר האָט דאָס פּנים פון ים פּלוצלונג געקראָגן אַן אויסדרוק. ער האָט ברייט געשמייכלט קעגן דער אויפגייענדיקער זון און געשפּילט זיך מיט די ווייס־בלויע פּרימאָרגנדיקע וואָלקנד־לאַך, געלאַכט מיט אַ געזונטן און זאָרגלאָזן געלעכטער אַהינטער די האָריזאָנטן. געוועזן צופרידן, געוועזן צופרידן.

אַז איך האָב זיך צוריקגעקערט, זיינען די מענטשן שוין גע־שטאַנען אין באַזונדערע גרופּעס און האָבן שטיל גערעדט. דער־ציילט פון דערטרונקענע אין ים. דערציילט נסים.

עס זיינען אויך געקומען עטלאַכע פרויען, וואָס האָבן געווישט די טרערן פון די אויגן, קוקנדיק אויף דער טויטער. נאָר איך האָב ניט געקענט וויינען.

אַ פרוי האָט שטיל געזאָגט, דערזעענדיק מיין שטום פּנים:

— דער ים האָט גענומען אַ נייעם קרבן.

אַ צווייטע האָט צוגעגעבן:

— ווי אַ הונגעריקער, קען ער זיך ניט אָנזעטיקן.

אַ דריטע האָט אויך יצוגעגעבן:

— וויפיל ער קריגט איז אים ווייניק.

און אַ פערטע האָט אָפּגעוואַרט און מיט גיפט געזאָגט:

— דער מערדער.

און גלייך ווי דאָס לעצטע וואָרט איז אַרויסגעזאָגט געוואָרן, זיינען אַלע אַנשוויגן געוואָרן, מיט אַראָפּגעלאָזענע אויגן. ערשט אין אַ מינוט אַרום איז אַ פרוי צוגעקומען צו מיר און געזאָגט:

— מיט אַ יאָר צוריק האָט ער בײַ מיר צוגענומען מײַן זון, אַ שײנער געווען אַזאַ. אַ לוסטיקער. ער האָט אים בײַ מיר צוגע־נומען, דער מערדער!

זי האָט אַ וואָרף געטאָן אַ בײזן בליק צום ים, ווי זי וואָלט אָנווײזן אויף אים, אויפ'ן שולדיקן, און אַנטשוויגן געוואָרן.

## 6

דער ים פאַרגעסט קײן זאַך ניט. ער איז ווי אַ גאָט, וואָס זוכט קרבנות. און אַז מ'ברענגט אים ניט וועט ער אַלײן נעמען. ער איז, ווי אַ חיה, וואָס לויערט. ער קאָן, פּלוצלונג, אַנשוויגן ווערן, און, אַ שווײַגנדיקער, גרײטן געפאַר. אַזוי מילד און פאַרפירעריש שטיל, קאָן ער, ווי אַ צוגעלאַשטשעטע חיה, זיך ארויפוואַרפן און פאַרצוקן.

געטרויט אים ניט, דעם ים. ער וועט אײַך אָפּנאַרן. ער וועט אײַך פאַרפירן. ליגט צו אַן אויער, וועט איר הערן: — אונטן, אין זײַנע טיפן, גײט אָן אַ שטענדיקע אַרבעט. עפּעס קומט פאָר, וואָס מיר ווײסן ניט. ריזיקע וועזנס ריכטן אָפּ אַ געהײמנים. מ'קען הערן אַ געשרײ, אַזוי ווי אַ רוף פון אײַנגעשמידטע ריזן, הונגעריקע, אײַנזאַמע. זײ דאַרפן שפּײַז. זײ דאַרפן פלײש און בלוט. און דער גאָט פון ים דאַרף זײ אָנקאָרמענען.

דער גאָט פון ים דאַרף קרבנות.

# דער מאָרד

דאָס איז געווען אַ מאָרד. איך קאָן עס אַנדערש ניט אָנרופן.

דאָס איז געווען אַן אויסגעפּלאַנטער, דורכגעטראַכטער מאָרד, וועלכן איך האָב נאָך מיט יאָרן צוריק פאַרטראַכט אין אַ מאָמענט פון גרויסער פאַרלאָרנקייט און וועלכן דער שיקזאַל האָט מיר איצט געהאָלפן דורכפירן.

יע, אין דעם איז געווען מיין ווילן. און אַלץ האָט מיר אין יענעם אָוונט געהאָלפן: — דער אויסערגעוויינלאַך שטילער אָוונט, די שטימונג פון דער פרוי און מיין אייגענער אימפּולסיווער באַגער נאָך גערעכטיקייט און נקמה.

עס איז נאָך געווען פריער אָוונט. די קראַנקען־שוועסטער, וואָס האָט שוין זייט יאָרן באַהאַנדלט מיין קראַנקע פרוי, איז גראָד יענעם אָוונט אַוועק אויף איבער־נאַכט אַהיים, און איך בין פאַרבליבן מיט דער קראַנקער. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל אין יאָרן, וואָס איך בין פאַרבליבן מיט דער קראַנקער אַליין. איך האָב עס שטענדיק אויסגעמידן, וואָרשיינלאַך אונטערגעבנדיק זיך אַ פאַרבאָרגענעם געפיל פון פאָרזיכטיקייט און אומצוטרוי צו זיך אַליין. דאָס מאָל זיינען מיר אָבער געווען אינגאַנצן אַליין.

זי איז געלעגן אין איר בעט אין קראַנקן־צימער און איך בין געווען פאַרנומען מיט צוגרייטן אַלערליי קליניקייטן פאַר דער קראַנקער. און איך וויים ניט פאַרוואָס איר האָט זיך גראָד יענעם אָוונט פאַרגלוסט איך זאָל זי אויף אַ ווײַלע אַריבערטראָגן אין דעם גרויסן צימער, וואו עס איז געשטאַנען אונזער ווייכע מעבל. איך האָב זי פּרובירט אָפּריידן פון דעם. עס איז געווען אַ צו שווערע אונ־טערנעמונג פאַר איר. אָבער, אַז עס האָט ניט געהאָלפן, האָב איך זי גענומען אויף די הענט, ווי מען נעמט אַ קליין קינד, און זי איבער־געטראָגן אין צווייטן צימער, אוועקגעזעצט זי אין אַ ווינקל פון

דער גרויסער, ווייכער סאָפע, ארומגעוויקלט זי מיט א גרויסער וואַרימער שאַל, און אַזוי איז זי פאַרבליבן זיצן, ווי א קינד, וואָס מען האָט איינגעוויקלט אין א שאַל צו באַשיצן פון קעלט. אַזאַ קליינע און הילפלאָזע איז זי געווען.

מיר האָבן קיין וואָרט צווישן זיך ניט אויסגערעדט. איך בין בלויז אָפּגעטראָטן פון איר און אוועקגעזעצט זיך אנטקעגן איר אַזוי, אַז איך זאָל זי קאָנען זען. און אַזוי זיינען מיר געבליבן זיצן אין באַזונדערע ווינקלען, שוויינגנדיקע. איך — אין א ווייכן שטול, מיטן רוקן צום פענסטער, און זי — אויף דער גרויסער סאָפע. וואָס איז געשטאַנען טיפער אין צימער, א צען טריט ווייטער.

אין צימער אין ביסלאַכווייז געוואָרן טונקעלער. דאָס גרוי אָוונט־ליכט איז לאַנגזאַם געקראָכן דורך די פענסטער. אין שטאָט האָט זיך געשטילט דער גערודער. טאָג קלאַנגען זיינען אויסגעשטאָרבן. פון אומעטום האָט זיך, דורך לעצטע קלאַנגען, געריסן א שטילקייט, געוואָלט באַהערשן די וועלט. און אַזוי ווי מיר וואָלטן ניט געוואָלט צעשטערן די שטילקייט האָבן מיר אויך געשוויגן.

ס'איז ניט געווען פון וואָס צו ריידן. אַלץ איז שוין צווישן אונז געווען קלאָר און האָפנונגסלאָז.

ענדלאָך האָט זי געזאָגט:

— ביסט טאַקע געבליבן מיט מיר. ביסט טאַקע געבליבן.

איך האָב בלויז געזאָגט:

— יע. כ'בין געבליבן.

זי האָט ווי ניט געהערט מיין ענטפער.

— קיינמאָל בלייבסטו ניט מיט מיר. און היינט ביזטו פאַר־בליבן. קומסט זעלטן צו מיר אריין. אַלע מאָל פאַרנומען. אַלע מאָל. מיט וואָס ביסטו אַזוי פאַרנומען? וועסט אמאָל אריינ־קומען, און געפינען מיך א טויטע. וועט דיר לייכטער ווערן. וועסט פון מיר באַפרייט ווערן.

איך האָב ניט געענטפערט. אַלע מאָל דער זעלביקער געשפרעך. אַלע מאָל די זעלביקע רייד. שווערע ווערטער, אומגעלומפּערטע, וואָס ווערגן ווי מיט קאַלטע פינגער דעם גאָרגל. וויפיל מאָל קאָן

א מענטש ענטפערן? זי האָט אָבער דעם געשפּרעך ניט געוואָלט איבעררייסן.

— יע, אז איך וועל שטאַרבן וועט דיר ווערן גוט. אַך, וועט דיר זיין גוט! וועסט אָפּלעבן. אַ פרייער פויגל. וועסט חתונה האָבן. האָבן א געזונטע פרוי, וואָס דען? וועסט ניט חתונה האָבן? און איך וועל ניט זיין. אפילו קיין קינד וועט נאָך מיר ניט בלייבן צו דערמאַנען מיין נאָמען. און דו וועסט דאָך פאַרגעסן. וועסט זיך אָן מיר ניט דערמאַנען.

כ׳האָב שוין אָט די רייד געהערט צום טויזנטן מאָל. כ׳פלעג זי אַלע מאָל טרייסטן. אויפזוכן גוטע ווערטער, בארואיקנדיקע ווער־טער. און איצט זיינען שוין די ווערטער ניט געווען. אנשטאָט זיי האָט זיך געבעטן אויפ׳ן צונג א וואָרט. דאָס איז געווען א שרעקלאַך וואָרט. עס האָט מיך יאָרן לאַנג פאַרפאָלגט, האָט מיך אויף א רגע ניט אָפּגעלאָזן. פאַר זיך האָב איך אָט דאָס דאָזיקע וואָרט שוין פיל מאָל ארויסגעזאָגט און יעדעס מאָל געפילט א באַפרידיקנדיקן, נקמה׳־דיקן גענוס, אָבער פאַר איר האָב איך נאָך דאָס וואָרט ניט געזאָגט.

זי האָט ווייטער גערעדט:

— היינט איז געוואָרן צוועלף יאָר. האָסטו געטראַכט פון דעם? צוועלף יאָר! כ׳קאָן אפילו פון דעם ניט א טראַכט טאָן, ווי עס באַדאַרף צו זיין. א יאָר קומט, א יאָר גייט אוועק. און וואָס? ניטאָ קיין סוף צו די לײדן. גאָט, א סוף דאַרף דאָך קומען, א סוף!

אירע ווערטער זיינען געווען אויסגעצויגענע, כריפּנדיקע. זי האָט עפּעס גערעדט צו מיר, און ניט צו מיר. די ווערטער האָבן זיך פון איר מויל געצויגן ווי סטענגעס, האָבן, ווי שלאַנגען, ארומ־געוויקלט דאָס האַרץ און ביטער געמאַכט דאָס לעבן.

צוועלף יאָר! עס האָט מיך א שוידער געטאָן. צוועלף יאָר איז שוין פאַריבער זינט זי איז קראַנק געוואָרן. די יאָרן זיינען אין איין מאָמענט פאַרבייגעלאָפן אין זכרון, יאָר נאָך יאָר. עס זיינען געקומען פאַר די אויגן די פּנימער פון צענדליקער דאָקטוירים, קראַנקען־שוועסטער און סתם מענטשן, וואָס האָבן געהאָלפן קעמפן

מיט איר קראַנקייט. און אין צענטער פון אַלץ איז געווען זי, די פאַראורטיילטע צו ליגן אין דעם קראַנקען־צימער טאָג איין, טאָג אויס, יאָר איין יאָר אויס. מען האָט צו איר ניט געטאָרט ריידן. מען האָט זיך מיט איר ניט געטאָרט טיילן, ניט מיט פריידן און ניט מיט ליידן. מען האָט זי ניט געטאָרט אויפרעגן. ניט צוטיילן איר אפילו קיין ליבשאפט, ניט קושן, ניט האלזן, שוין אָפּגערעדט פון מאַן און פרוי פאַרהעלטעניסן. דאָס האָבן מיר געמוזט אינגאַנצן אויסמעקן פון אונזערע באַציאונגען פון דעם ערשטן טאָג, וואָס זי האָט געקראָגן די קראַנקייט. דאָס גאַנצע לעבן איז געווען קראַנק מיט איר קראַנקייט. אונזער גאַנץ לעבן האָט זיך קאָנצענטרירט אין די ווענט פון דעם קראַנקען־צימער. און פון אָנהייב, גאָר פון אָנהייב, איז נאָך געווען אַ האָפינונג, און עס איז געווען רחמנות און צער און אביסל גלויבן אין אַ וווייטן גליק. אָבער מיט יעדן יאָר איז צוגעקומען מער ביטערניש. דעם אָרט פון רחמנות און צער האָט פאַרנומען עקל און בייזער פאַרדראָס. אויף דעם אָרט פון גלויבן איז געבליבן פוסטקייט און פאַרביטערונג. און איבער אַלץ איז געקומען דאָס אוימפאַרמיידלאַכע — שנאה.

עס איז ניט געווען קיין גרעניץ צו אונזער שנאה. איבער אַלץ איז געווען די שנאה. מיין שנאה צו איר, צו דער קראַנקער. און איר שנאה צו מיר, צום געזונטן. מיר האָבן זי געפילט אין אונזערע בליקן, אין אונזערע רייד, אין אונזער יעדן ריר און קער, שנאה, שנאה.

זי האָט נאָך געצווינגן איר געשפּרעך. אָפּגעריסן, און ווידער געקניפּט. און אַליין האָט זי זיך אַלץ מער געטוליעט אין דער שווארצער שאַל, וואָס איז געלעגן אויף אירע דאַרע, שפּיציקע פּלייצעס. און איך האָב געטראַכט, אַז אירע ווערטער זיינען פּונקט אַזוינע שפּיציקע ווי אירע פּלייצעס, און די פאַרביטערונג און דער עקל צו איר איר אַלץ געוואַקסן. מען האָט זי קוים געקאָנט אַרויסזען פון דער שאַל. און וואָס געדיכטער עס זיינען געוואָרן די שאָטנס, אַלץ מער איז זי פאַרפאַלן געוואָרן אין דער טונקלקייט, האָט זיך ווי צונויפגעגאָסן מיט דער פינסטערניש. נאָר דער בלייכער פּנים און די פינקלענדיקע אויגן האָבן ניט געוואָלט פאַרשווינדן. האָבן

זיך אויסגעטיילט פון דער פינסטערניש, און דערמאנט, אַז זי איז נאָך דאָ מיט איר גרויסער שנאה.

אַזוי זיינען מיר לאַנג געזעסן. דאָס לעצטע וואָרט צווישן אונז איז שוין געשטאָרבן. מער האָט מען שוין ניט באַדאַרפט קיין רייד, און דאָך איז נאָך דאָס סאַמע לעצטע וואָרט, נאָך ניט געזאָגט געוואָרן. עס האָט נאָך געציטערט און געבעטן זיך, געוואָלט געבאָרן ווערן. דאָס איז געווען מיין וואָרט. מיין שרעקלאַך וואָרט: — שטאַרב!

מיין גאַנץ וועזן האָט געוואָלט אויסשרייען אָט דאָס וואָרט: — שטאַרב! שטאַרב!

פאַר מיר האָט שוין דאָס וואָרט, ווי געלעבט. עס איז געווען מיט מיר אין צימער און האָט געלעבט זיין וויכטיק לעבן. און אפשר האָט זי עס אויך דערפילט, ווייל זי האָט מער ניט אויסגערעדט קיין איינציק וואָרט.

די שאָטנס, וואָס זיינען אריין אין צימער, האָבן זיך אוועקגעשטעלט צווישן מיר און איר, ווי אַ הויכע וואַנט. און וואָלט אימיצער איצט אָנגעהויבן רייד, וואָלט זיין שטימע געקלונגען טונקל. וואָלט געקומען פון אַ ווייטקייט, פון אַן אַנדער, אומבאַקאַנטער וועלט.

און נאָר די שנאה איז געווען אַ נאָענטע. ווי אַ העמד האָט זי ארומגענומען דאָס לייב, האָט געריצט מיט פאַררעטערישער עקשנות יעדן נערוו, פון די שפּיצן פון די פוס־פינגער ביז די וואָרצלען פון די האָר. האָט זיך, ווי אַ בריק, אַוועקגעשטעלט צווישן מיר און איר.

עס איז געווען בלויז שנאה. שנאה צו איר, און איבער איר — צו דער וועלט. זי איז געווען ווי אַ טונקעלער פלעק אויף מיין זון. געשטאַנען צווישן מיין זון און מיין וועלט, און ניט געוואָלט אָפּטרעטן. ניט געוואָלט שטאַרבן. און איך האָב געוואָלט נאָר איר טויט. אַזוי גרויס איז געווען מיין שנאה צו איר. איך האָב ניט געזען קיין אַנדער ציל. איך האָב ניט געזען קיין אַנדער אויסוועג.

אין צימער איז געווען פינסטערניש, געפאַלנקייט און אַ פאַר־

גליוועטער שרעק פאַר׳ן וואָרט, וואָס האָט געקאָנט געזאָגט ווערן. די מורא פאַרן וואָרט האָט זיך אויסגעגאָסן אויף מעבל און ווענט, אויף סטעליע און דיל. האָט שווער געמאַכט דעם אָטעם. שווער געמאַכט די גלידער מיט רעגונג און פּיין. דאָס וואָרט איז נאָך ניט געזאָגט געוואָרן, און זיין כח האָט שוין געצונדן די בלוטן אין די אָדערן, געשפּיצט דעם בליק פון די אויגן און גערעגט דאָס הארץ מיט נקמה און פּיין. עס האָט נאָך ניט אָפּגעהילכט, און האָט שוין געטאָן דעם וואונדער פון באפרייאונג.

און דאָן האָט עס פּאַסירט. מיר זיינען געווען דערשראָקן און פאַרוואונדערט. דאָס, וואָס מיר האָבן אויף אַ רגע דערזען איז געווען מערקווירדיק. עס איז געווען אזוי, ווי אַ געהיימניספולער צייכן וואָלט זיך באוויזן, און גלייך פאַרשוואונדן, נאָך איידער מיר האָבן אים געקאָנט, ווי עס באַדאַרף צו זיין, באַנעמען, אָדער אויס־טייטשן: די טיר פון קראַנקען־צימער האָט זיך, אליין פון זיך, געעפנט, ברייט און שנעל, אזוי ווי עס וואָלט זיך דורכגעשלאָגן אַ שטורעם־ווינט אין שלאָס, און אַז זי איז שוין געווען אינגאַנצן אָפן, האָט זי זיך פּונקט אזוי לאַנגזאַם געמאַכט. קיינער איז אין צימער צו אונז ניט אריין. אין דער עפענונג איז געווען בלויז פינסטערניש. פינסטערניש האָט זיך צונויפגעגאָסן מיט פינסטערניש — און ניט מער. דאָס האָט געדויערט אַ האַלבע מינוט. און עס איז געווען מאָדנע, וואָס מיר האָבן, דאַכט זיך, נאָך פריער, אפשר אַ הונדערטל פון אַ מינוט פריער, ווי די טיר האָט זיך געעפנט, שוין געווענדט אונזערע בליקן צו דער טיר, כאָטש מיר ביידע האָבן ניט געהערט און ניט געקענט הערן קיין מינדסטן קלאַנג פון דאָרטן, ווייל קיין אנדער טיר איז צו דעם צימער ניט געווען און קיינער האָט אהין אָדער פון דאָרטן ניט געקאָנט אריין, אָדער ארויס.

אַז די טיר האָט זיך פאַרמאַכט זיינען מיר געווען דערשראָקן און פאַרוואונדערט.

זי האָט די ערשטע, שרעקעדיק, אויסגעשריען:

— זע, זע. די טיר... האָסט געזען?

איך האָב ניט געענטפערט. איך האָב בלויז אויסגעשריען צו דער טיר, אין דער פינצטערניש אריין:

— ווער איז דאָרט ?!

קיינער האָט, נאַטירלאַך, ניט געענטפערט. און מיר האָבן ביידע געוואוסט, אַז קיינער וועט ניט ענטפערן. האָט זי מיט אַ הייזעריקן קול געזאָגט:

— אפשר איז דאָס געווען דער ווינט?

מיך האָט אפּנים געפרייט, וואָס זי שרעקט זיך. האָב איך געזאָגט:

— ניין. אין דרויסן איז היינט שטיל און דיינע פענסטער זיינען צוגעמאַכט. ניין, עס איז מערקווירדיק. איך קאָן ניט פאַרשטיין.

דאַן האָט זי כמעט אָנגעהויבן שרייען:

— צינד אָן ליכט. צינד אָן ליכט!

און איך האָב באַמערקט, ווי זי האָט זיך מיט די לעצטע כחות גענומען נאָך מער טוליען אין דער שאָל. אירע אויגן האָבן, ווי די אויגן פון אַ דערשראָקענער קאַץ, געפינקלט און ארומגעלאָפן אין דער פינצטערניש. איך בין לאַנגזאַם צוגעגאַנגען צו דער וואַנט, און אָנגעצונדן ליכט. דאָס ליכט האָט אַלץ מיט איין מאָל ארומגענומען, און געבליבן לעבן אין יצימער, פאַרגליווערט, אומבאַוועגלאַך און זיכער. איך האָב געמאַכט עטלאַכע טריט צום קראַנקען־צימער, געוואָלט עפענען די טיר און אָנצינדן דאָרטן ליכט. האָט זי גענומען זיך בעטן בא מיר, איך זאָל ניט גיין:

— גיי ניט אוועק פון מיר! איך בעט דיך, גיי ניט אוועק פון מיר! לאָז מיך ניט אליין! כ'האָב מורא!

און ווידער האָט מיך געפרייט, וואָס זי האָט מורא. ערגער איז איצט געווען — בעסער. איך בין שוין ניט קוקנדיק אויף איר, אוועק מיט זיכערער טריט צום קראַנקען־צימער.

זי איז גלייך געוואָרן היסטעריש. זי האָט זיך גענומען וואַרפן אין איר שאָל, שרייען און בעטן:

— גיי ניט אוועק! אַך, איך בעט דיך! איך האָב מורא!

איך האָב זיך אפילו צו איר ניט אַ קער געטאָן. כ'בין פאַרעקשנט געגאַנגען צו דער טיר, געעפנט זי, אָנגעדריקט דאָס קנעפּל, און ווידער הויך, אויפן קול, אויסגעשריען:

## ל. באַנוקאָוו

— ווער איז דאָ ?!

איך האָב דאָס געזאָגט, און געוואוסט, אַז קיינער איז דאָרט ניטאָ. איך האָב זיך זאָגאר איינגעבויגן און אריינגעקוקט אונטער די בעטן, — פריער אונטער איינער און נאָכדעם אונטער דער אַנדערער.

איר בעט איז געשטאַנען, ווי אַלע מאָל אין די לעצטע צוועלף יאָר, ניט פאַרבעט. אַלץ האָט דאָ דערמאָנט פון דער קראַנקער. דאָס גאַנצע צימער האָט געטראָגן איר אַנבליק. אין קישן און אויפן ליילאַך זיינען געווען איינדרוקן פון איר קערפּער. אומעטום — זי. אומעטום — איר לאַנגע, אומענדלאַכע, געהיימניספולע קראַנקהייט. איך האָב אַלץ מיט מיין בליק און מיט איין געדאַנק דערזעען און באַנומען. נאָכדעם בין איך אַרויס פון צימער און גענומען גיין צו איר שרעקלאַכן געשריי הינטער מיין רוקן.

זי איז געשטאַנען אין מיטן צימער, א בלייכע, און האָט עפּעס מאָדנע געשריען ניט מיט איר קול, פּונקט ווי זי וואָלט זיך געוואָרגן מיט אירע קולות. אויפן דיל איז געלעגן די שאַל. די שפּיציקע פּלייצעס און דער גאַנצער קערפּער האָבן זיך געוואָרפן אין קאָנוואול־סיעס. אירע הענט האָבן זיך דאָס געוואָרפן צום קאָפּ, דאָס גע־שפּרייט זיך אין אַלע ריכטונגען, ווי וועלנדיק עפּעס כאַפּן, ווי פליגלען פון אַן אויפגעשראָקענעם פייגל. און די גאַנצע איז זי געווען ווי אַן איינגעוויקלטע אין א טונקעלן, אָבער דורכזיכטיקן געוועב. פּונקט ווי אימיצער וואָלט אַנגעהייבן מאָלן א בילד, אָנגע־וואָרפן שטריכן, און נאָכדעם, אין איילעניש, אַוועקגעוואָרפן, ניט פאַרענדיקט. איז געווען אין איר אויסזעען עפּעס קלאָר און ניט קלאָר, פאַרשטענדיק און ניט פאַרשטענדיק, ביז שווינדל אין קאָפּ. זי, די קראַנקע, וואָס האָט זיך יאָרן לאַנג ניט געקענט שטעלן אויף אירע פיס, איז איצט אליין אַראָפּ פון איר פּלאַץ, און איז געשטאַנען אין מיטן צימער. איך האָב בלויז געקענט אויסשרייען:

— וואָס טוסטו ? וואָס טוסטו ?!

און גלייך האָב איך באַמערקט, ווי זי האָט זיך גענומען וואַקלען, וואַקלען, ווי א שכורע, וואָס האַלט באַם פאַלן. כ'האָב זיך גלייך א לאָז געטאָן צו איר, געוואָלט זי אונטערכאַפּן. איך האָב אָבער

ניט געהאַט גענוג צייט. איך האָב געזעען ווי אירע פּיס האָבן זיך אונטערגעבויגן, און זי איז געפאַלן מיטן פּנים און מיט די הענט צום טעפּיך. אַז איך האָב זיך איבערגעבויגן איבער איר איז זי שוין געלעגן, ווי אַ טויטער פייגל, מיט פאַנאַנדערגעשפּרייטע פליג־לען, איינגעקאַרטשעט, מיט צוקנייטשטע לעבלאָזע גלידער, און איבערגעגבענע מיט יעדן אָטעם־צוג דעם מוראַדיק אומפאַרמייד־לאַכן — דעם טויט.

איך האָב זי שווייגנדיק איבערגעקערט מיטן פּנים אַרויף, אַרומגעכאַפּט אירע פּלייצעס אין מיינע אָרעמס און שטיל גערופן איר נאָמען עטלאַכע מאָל. אַז זי איז געבליבן אומבאַוועגלאַך האָב איך זי אויפגעהייבן און אַוועקגעטראָגן אין קראַנקען צימער צו איר בעט. זי האָט באַלד אויפגעעפנט די אויגן, און איך האָב דערזעען אין איר בליק אַ טויטלאַכן שרעק געמישט מיט שנאה.

זי האָט פאַרשטיקט אַרויסגערעדט:

— מער־דער!

זי האָט דאָס געזאָגט, און אירע אויגן האָבן זיך נאָך מער אָנגעפילט מיט שנאה. אירע הענט האָבן זיך גענומען הייבן צו מיין פּנים, און איידער איך האָב צייט געהאַט פאַרשטיין איר פאַרלאַנג, האָב איך דערפילט אַ שוואַכן, אָבער מאָדנע באַליידיקענדיקן פּאַטש. איך האָב בייז אַריינגעקוקט איר אין די אויגן. אונזערע בליקן האָבן זיך באַגעגנט אין אַ מוראַדיקער רגע. בליק האָט געוואָלט בליק פאַרצערן. שנאה האָט זיך געראַנגלט מיט שנאה. אַלץ האָט אין מיר געשריען:

— שטאַרב! שטאַרב! פאַרוואָס שטאַרבסטו שוין ניט?!

איך האָב ניט אַרויסגערעדט קיין איינציקן וואָרט. דער כח פון מיין פאַרלאַנג איז אָבער געווען אַזוי גרויס, דער האַס אין מיין בליק אַזוי שטאַרק, אַז זי האָט מסתמא דערפילט אַ שרעק פאַר מיר. ווייל מיר האָט זיך אויסגעוויזן, און אפשר איז עס טאַקע אַזוי געווען, אַז אירע אויגן זיינען טונקעלער געוואָרן, אַזוי ווי דאָס ליכט פון זיי וואָלט פּלוצלונג אויסגעלאָשן געוואָרן.

איך האָב געוואָלט איר טויט. איך האָב נאָר איר טויט גע־וואָלט. עס איז ניט געווען קיין אַנדער גליק, אחוץ איר טויט. עס

איז ניט געווען קיין אַנדער באַפרייאונג, אַחוץ איר טויט. און איך האָב שוין מיט מיין גאַנצער בייזקייט, מיט דער לעצטער מעגלאַכער אַנטשלאָסנקייט, אויסגעשריען איר אין פּנים אַריין, שרעקלאַך, מערדערלאַך:

— שטאַרב! שטאַרב! פאַרוואָס שטאַרבסטו ניט?!

אַזוי געשריען, און ניט אויפגעהערט צו קוקן איר אין די אויגן אַריין און לעשן דאָס לעצטע ביסל לעבן, וואָס איז נאָך אין זיי געווען:

— שטאַרב! שטאַרב!

און ערשט דאַן האָב איך דערזען די רויטע בלוט־סטענגע, וואָס האָט געזיגלט אירע בלייכע ליפּן און דעם קליינעם בלוט־שטראָמל, וואָס איז אַראָפּגעלאָפּן פון דעם אונטערשטן ווינקל פון אירע ליפּן, איבער דער קין־באַק צום האַלז און קישן, און ערשט דאַן האָב איך פאַרשטאַנען, אַז איך האָב זי מיט מיין גרעניצלאָזער שנאה דער־הרגעט. פאַרשטאַנען, אַז זי שטאַרבט.

אַזוי שטאַרבן קראַנקעביימער. אַזוי שטאַרבן קראַנקע גראָזן, ווען איבער זיי שפּרייט אויס זיינע פליגל דער טויט. אַזוי שטאַרבן בלומען, באַרירטע פון דער קאַלטער האַנט פון שפּעטן האַרבסט. אַזוי איז זי אויך געשטאָרבן אונטער מיין גרויזאַמען בליק.

איך האָב דאָס פאַרשטאַנען, ווייל דאָס צימער האָט פּלוצלונג פאַרלאָרן דעם אָנבליק פון דער קראַנקער. עס האָט זיך פאַרענ־דערט. אויף אַלץ איז געלעגן אויסגעשפּרייט דער טויט, צער און פרעמדקייט. שווייגן. און אין מיטן פון שווייגן — איך אַליין. אַ דערשראָקענער, אַן אויסגעניכטערטער, ווי פון אַ שיכרות. די שנאה איז אינגאַנצן פאַרשוואונדן פון צימער און אין מיר. אַנשטאָט דעם איז אָנגעקומען מורא. ניין, אַ שרעק. אַזאַ שרעק איז דאָס געווען, וואָס איז געקומען ניט פון דרויסן, ניט פון דער אַרומיקער סביבה און ניט פון איר, פון דער טויטער, נאָר אַזאַ, וואָס איז געקומען פון אינווייניק, פון מיר אַליין. ער איז געבאָרן געוואָרן אין מיר און האָט אָנגעפילט מיט אימה מיין האַרץ, מיין יעדן גליד באַזונדער.

און מערקווירדיק איז געווען, וואָס איך, וואָס איך האָב ערשט מיט עטלאַכע מינוטן צוריק אַזוי אויפריכטיק געוואָלט איר טויט,

אפשר גאַנצע צוועלף יאָר געוואָלט איר טויט און געדולדיק געוואַרט אויף איר לעצטער רגע, האָב איצט געטראָגן אין זיך אַ מוראדיקן פאַרדראָס פאַר איר טויט און אַ שרעק פאַר דעם, וואָס האָט פּאַסירט. איך האָב אינגאַנצן געציטערט. יעדער גליד האָט אין מיר געציטערט. און איך האָב ניט געוואוסט וואָס צו טאָן.

איך בין, אַ פאַרלאָרענער, יצוגעלאָפן צו איר בעט, צוגעפאַלן צו איר אומבאַוועגלאַכן קערפּער און געפּרואווט אָנרופן זי ביים נאָמען. פריער שטיל, נאָכדעם — העכער, מיט אַ צאַרטער פאַרקירצונג, אַזוי ווי איך פלעג זי רופן אין די גוטע מאָמענטן פון אונזער ערשטער ליבע. און נאָך שפּעטער — מיט אַ ליידנשאַפטלאַכער פאַרלאָרנקייט און בייזקייט אין קול:

— ענטפער! פאַרוואָס ענטפערסטו ניט?!

זי איז געווען אומבאַוועגלאַך. אַזוי אומבאַוועגלאַך קען קיין זאַך אויף דער וועלט ניט ליגן, אַפילו פון דער נאַטור טויטע זאַכן פאַרמאָגן אין זיך דעם אויסדרוק פון קאָסמישער באַוועגלאַכקייט, שאַפן די אילוזיע פון לעבעדיקייט. און דאָ איז געלעגן אַ מענטש, וואָס האָט נאָך ערשט מיט עטלאַכע מינוטן צוריק געלעבט, באַוועגט מיט אַלע לעבעדיקע אברים, וועמעס יעדער גליד האָט דערמאָנט פון דער לעבעדיקייט פון מענטשלאַכן קערפּער, געלעגן אין אַזאַ שרעקלאַכער אומבאַוועגלאַכקייט, וואָס איז געווען ווייט אַהינטער די גרעניצן פון אונזער פאָרשטעלונג וועגן טויטער מאַטעריע.

איך האָב אָבער אין משונהדיקער, אויפגערעגטער עקשנות ניט אויפגעהערט צו רופן זי און האָב זאָגאַר, אין לעצטער פאַרצווייפלונג, אָנגעכאַפּט זי פאַר די פּלייצעס און עטלאַכע מאָל שטאַרק אַ טרייסל געטאָן. און ווידער זיינען אירע גלידער געווען קאַלט, ניט נאָכגיביק אין זייער טויטער אומבאַוועגלאַכקייט. און מיר האָט זיך אָנגעהויבן דוכטן, אַז וואָס מער איך פּרוביר זי אויפוועקן צום לעבן, אַלץ טויטער איז זי געוואָרן אונטער מיינע הענט.

און אין צימער איז געשטאַנען אַ שטילקייט. אַזאַ שטילקייט האָב איך נאָך קיינמאָל ניט געפילט אין אַ מענטשנס וואוינונג. אַזוי ווי פון איר, פון דער טויטער, וואָלט געשטראָמט די שטילקייט און פאַרשפּרייט זיך איבער אַלע צימערן און איבער אַלע זאַכן.

ניין, דאָס איז ניט געווען קיין שטילקייט אין דעם געוויינלאכן זין פון וואָרט. דאָס איז געווען טויטער שווייגן. ווייל וואָס איז שטילקייט? — ניטאָ קיין קלאַנגען. קלאַנגען זיינען פריער געווען און זיינען איצט אנשוויגן געוואָרן. זיי זיינען ניט געשטאָרבן, זיי זיינען בלויז אנשוויגן געוואָרן. זיי זיינען נאָך דאָ אין צימער. מ'הערט זיי ניט — און זיי קלינגען נאָך אין צימער מיט זייערע אנשוויגענע שטימען. זיי קלינגען אין זיכרון פון מענטשן. זיי קלינגען נאָך אין פולס פון זיינע בלוטן. זיי קלינגען אין קלאַפּן פון זיין האַרצן. אָבער טויטער שווייגן — דאָס איז אַבסאָליוטע קאָסמישע רואיקייט, און נאָר טויטע מענטשן קענען פאַרוואַנדלט ווערן און פאַרשפּרייטן ארום זיך אַזאַ טויטע שטילקייט, אַזאַ פולקאָמען שווייגן, אַז דער אָנדענק פון זייער לעבן ווערט אינגאַנצן פאַרשוואונדן פונם געדעכעניש פון לעבעדיקן. עס כאַפּט אים ארום אַ שווייגן, וואָס איז שרעקלאכער פון טויט.

איך בין געווען טויטלאַך דערשראָקן. אַלע מאָל, נאָך פון דער פריער יוגנט, האָב איך ליב געהאַט צו לייענען וועגן טויט און מענטשלאַכע אומגליקן, און באַזונדערס וועגן מאָרד. עס פלעגט אין מיר דערוועקן אַן אנגענעמען שרעק, רעגן מיט אָנגענעמער מורא. און וואָס מיסטעריעזער דער מאָרד איז געווען, אַלץ מיט מער ציטער האָט זיך אָפּגערופן מיין האַרץ. איך האָב ליב געהאַט דעם גרויל אין זיך, די מאָדנע, כמעט עראָטישע, אויפרעגונג אין זיך. אַזוי איז עס מסתמא מיט אַלע מענטשן. עס רעדט דאָ דאָס אַטאַוויסטישע אין אונזערע בלוטן. דערפאַר האָבן מיר ליב צו הערן וועגן טויט, און באַזונדערס וועגן מאָרדן. פּונקט ווי צו יעדן מאָרד וואָלטן מיר אליין צוגעלייגט אַ האַנט, פּונקט ווי אין יעדן מאָרד וואָלט געווען אַ טייל פון אונזער אייגענעם מאָרד־טאַט. און דאָ איז אַלץ געווען אין קעגנזאַץ צו דער מענטשלאַכער נאַטור. עס איז ניט געווען קיין מענטשלאַכע באַפרידיקונג פאַרן מערדער. עס איז געווען בלויז פייגע מורא, פאַרדראָס און פאַרלאָרנקייט, און קיין זאַך ניט מער.

און עס איז ניט געווען קיין צוזאַמענבונד צווישען דעם מאָמענט פון איר טויט מיט דעם, וואָס איז געקומען נאָכדעם. און גלייך

איז אויך איבערגעריסן געוואָרן דער בונד מיט דער פאַרגאַנגענהייט. דער שטענדיקער פאַרלאַנג נאָך איר טויט, און איר טויט אַליין, איז געווען אַ ווייטע אומפאַרשטענדלאַכע געשעעניש, וואָס איז פרעמד און פיינדלאַך געווען מיין האַרצן און האָט ניט אַרויסגערופן קיין אַנדער עמאָציע, אַ חוץ שרעק. און אַזוי איז אויסגעקומען, אַז דאָס, וואָס עס איז געווען פריער איז איין זאַך, און וואָס עס איז איצט — אַ צווייטע, און נאָך מער, גראָד איצט איז זי מיר געווען נאָענט און טייער. איצט איז זי געווען מיין קרבן. און מיר האָט זיך געדוכט נאָר איין זאַך, אַז איך בין דער גרעסטער רחמנותלאָזער מערדער, וואָס די וועלט האָט געזען.

איך בין פון איר אָפּגעטראָטן אַן אויסגעשעפּטער. ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. בין איך אַריין אין צווייטן צימער, אַהין, וואו עס איז געשטאַנען אונזער ווייכע מעבל, וואו זי איז ערשט ניט לאַנג צוריק געזעסן אַן איינגעוויקלטע אין שאַל און גערעדט פון ווינקל אַרוים אירע טרויעריקע רייד. פאַרבייגייענדיק האָב איך זיך באַמערקט אין שפּיגל. דאָס בין איך געווען און ניט איך. אויף אַ מאָמענט האָט זיך מיר אויסגעדוכט, אַז אַ פרעמדער מענטש איז אַריינגעקומען אין צימער און זיין געשטאַלט האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין מיין שפּיגל. איך האָב זיך זאַגאַר אין פאַרוואונדערונג אַ קער געטאָן אַן אַ זייט, כדי צו זען דעם פרעמדן. אָבער קיינער איז ניט געווען. האָב איך פאַרשטאַנען, אַז דער, וואָס האָט זיך באַוויזן אין שפּיגל, בין איך אַליין. און מאָדנע איז נאָך געווען, וואָס אפילו די קליידער זיינען עפּעס געווען ווי ניט מיינע. איך האָב זיי ניט דערקאָנט, אַזוי אַנדערש האָבן זיי אויסגעזען אין שפּיגל. מיין פּנים און מיינע קליידער האָבן אפנים אויך געקראָגן דעם אויסזען פון דער שווערער נאַכט.

יע. קליידער, געטראָגן פון אַ מענטשן, דערציילן, פּונקט ווי אַ פּנים, דעם אמת וועגן דעם מענטשן. זיי פאַרבאָרגן קיין זאַך ניט. קליידער קאָנען דערציילן פון אַ שווערן לעבן, פון שלאָפלאָזע נעכט, פון ביטערע מאַטערנישן אויף דער וועלט. זיי דערציילן, ווי אויגן, ווי אַ פּנים און ווי אויסגעמאַטערטע גלידער, וועגן ביטערן קאַמף און אויסגעלאָשענע האָפענונגען. און דאָס זיינען געווען

מיינע קליידער און מיינע אויגן און מיין פּנים, נאָר איך האָב זיי איין קליינע רגע ניט דערקאָנט. האָב איך אַ ווײַלע געקוקט אויף זיך און נאָך אַמאָל פאַרשטאַנען: — אין הויז איז ערשט באַגאַנגען געוואָרן אַ מאָרד. אַ טויטער איז געלעגן און געוואַרט אויף זיין רעכט. אַ טויטער איז געלעגן און געוואַרט, אַז מענטשן זאָלן קומען און אויסלייזן זיין טויטקייט פון די מערדערלאַכע הענט.

האָב איך זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט און אין אַ מאָדנער איילעניש צוגעלאָפן צום טעלעפאָן. דאַכט זיך, אַז איך האָב געוואָלט רופן פּאָליציי, און נאָר אַ גליקלאַכער צופאַל האָט אָנגעשטויסן מיין געדאַנק אויפן דאָקטאָר. איך האָב דערזען די פלעשלאַך מיט מעדי־צינען אויף אַ טישל, אין קראַנקען צימער, און גלייך זיך דערמאַנט אָן דעם דאָקטאָר. האָב איך שוין מער קיינעם ניט גערופן, נאָר אים אליין. מיינע הענט האָבן זיך געטרייסלט, מיין קול איז געווען הייזעריק און פאַרשטיקט. איך האָב געהאַט אַ פאַרלאַנג צו שרייען.

נאָכדעם בין איך אָפּגעטראָטן אין דעם ווייטסטן ווינקל פון צימער, אוועקגעזעצט זיך אַף אַ שטול און, אין שטומער רעזיגנאַציע, געוואַרט אַף דעם דאָקטאָר. מיינע געדאַנקען זיינען געווען אָפּגע־ריסענע ,פאַרלאָרענע. איך האָב זיי ניט געקאָנט פאַרבינדן, אליין אויספלאָנטערן זיך פון זייער יצעריסנקייט, באַנעמען זיי און פאַר־שטיין, וואָס דאָ האָט אין דער אמתן פּאַסירט.

דער דאָקטאָר איז באַלד אָנגעקומען. ער איז עפּעס מאָדנע פאַרבייגעגאַנגען פאַרביי מיר, אַזוי ווי איך וואָלט גאָר ניט געווען אין צימער. אפילו ניט געענטפערט אַף מיינע אויפגערעגטע רייד. געשפּאַנט מיט איילנדיקע טריט, מיט אַ בייזלאַך־ערנסטער מינע, גלייך צום קראַנקן־צימער. איך בין אים נאָכגעגאַנגען, ווי אַ פאַר־אורטיילטער. געהאַט אַ שטאַרקן פאַרלאַנג אים נאָכשרייען:

— דאָקטאָר, טייערער, איך בין איר מערדער! איך האָב זי דער׳הרג׳עט. איך בין שולדיק אין איר טויט. איך האָב אַלע יאָרן געוואָלט איר טויט. און איצט האָב איך זי דערהרגעט. — — — —

אָבער דער דאָקטאָר איז געווען קאַלט־ערנסט. ער האָט זיך גלייך איינגעבויגן איבער דער טויטער, איינגעהערט זיך אין איר האַרץ, אריינגענומען אין האַנט איר פּולס. עס האָט געדויערט

וויינינקער, ווי אַ האַלבע מינוט, פונדעסטוועגן האָט אין מיר אַ ציטער געטאָן אַ האָפענונג: אפשר וועט געשען אַ נס. אפשר לעבט זי נאָך, און אַלץ, וואָס איז געווען איז ניט מער, ווי אַ חלום, אָדער משוגעת. און אַלץ אין מיר איז אויף אַ רגע פאַרגליווערט געוואָרן אין דערוואַרטונג. אָבער דער דאָקטאָר האָט זיך אָפּגעקערט און רואיק געזאָגט:

— יע. זי איז טויט. זי האָט זיך באַפרייט.

און צו מיר האָט ער געזאָגט:

— און איר — זייט ניט אַזוי פאַרלאָרן. איר האָט דאָך עס געקענט דערוואַרטן יעדן טאָג. זי איז געווען זייער קראַנק. איך האָב דאָך פון אייך קיין זאַך ניט באַהאַלטן. עס איז נאָך אַ וואונדער מיט וויפיל עקשנות זי האָט זיך אַזוי לאַנג געקאָנט אָנהאַלטן ביים לעבן. פאָלגט מיך: זייט אַ מאַן, שטאַרקט זיך, בארואיקט זיך. דער טויט האָט זי דאָך באַפרייט פון איבעריקע אומזיסטע לײַדן.

דעם דאָקטאָרס רייד האָבן מיך גערירט. גלייך זיינען צוגעלאָפן צום האַלז די טרערן און אין אַ מינוט אַרום האָב איך שוין אויסגעבראָכן אין אַ ביטערן געוויין. און דער דאָקטאָר איז לאַנג געשטאַנען איבער מיר און גערעדט זיינע בארואיקנדיקע רייד, געמוסרט מיך פאַר מיין שוואַכקייט.

און אַז איך בין געקומען צו זיך פון דעם געוויין, האָב איך אין צימער שוין ניט געפונען קיין שרעק און קיין מורא. די טויטע שטילקייט איז שוין ניט געווען. אַלץ האָט זיך אומגעקערט צום לעבן. און איך בין מיט אַ באַפרייטן געמיט צוגעגאַנגען צום טויטן־בעט, אַריינגעקוקט איר אין פנים. איצט איז אין איר ניט געווען קיין שנאה. פריער ביים לעבן, איז די שנאה אַלע מאָל געווען זי איז אַלע מאָל געווען אייפערזיכטיק צו מיין געזונטקייט, געטראָגן אַ קערפּערלאַכע פאַרביטערונג קעגן דער אייגענער שוואַכקייט און דעם אַנדערנס שטאַרקייט. און איצט איז אויף איר פנים געלעגן אַ קאַלטע אויסדרוקסלאָזיקייט.

צום ערשטן מאָל האָב איך דערפילט אַ פרעמדקייט צו איר. פונקט ווי איך וואָלט זי צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן אָנגעקוקט. אַרום אירע אויגן זיינען געווען שוואַרצע רייפן, וואָס האָבן זיך

אויסגעטיילט פון בלייכן פּנים. אירע באַקן זיינען געווען איינ־געפאַלן. פון איר, פון דער גאַנצער האָט זיך געטראָגן מיט פרעמד־קייט. עס האָט זיך געדוכט, אַז אָט וועט זי אַליין זאָגן:

— דו זעסט? — אָט זיינען מיינע הענט. — פרעמדע הענט. און אָט איז מיין פּנים. — אַ פרעמד פּנים. און אָט בין איך אינ־גאַנצן — אַ פרעמדע. אַ ניטדאָאיקע. אַ ווייטע. האָסט מיך קיינ־מאָל ניט געזען. האָסט מיך קיינמאָל ניט געהערט. גיב אַ קוק אויף מיר און פאַרגעס. גיב אַ קוק און פאַרגעס. ווייל איך בין קיינמאָל ניט געווען אין דיין לעבן. איך בין אַ פרעמדע.

און דאַן האָב איך צום ערשטן מאָל פאַרשטאַנען: — עס איז ניטאָ קיין בונד צווישן מענטש און מענטש. ניטאָ קיין בונד אין לעבן. ניטאָ קיין בונד אין טויט. עס איז נאָר דאָ אַ מורא און אַ שרעק פאַר דער געבונדנקייט, פאַר אַ פאַרבאָרגענער פאַרוואַנד־שאַפט.

# שנאה

הינטערן ראָג האָט דער אַלטער שטאָט־זייגער מיד און פאַר־שלאָפן אָפּגעקלונגען איינס, — איינס אַזייגער ביינאַכט.

די גאַס האָט זיך צוגעהערט צו דעם וויטן שווערן גלאָק, האָט זיך נאָך אַמאָל דערמאָנט אָן דעם רעשדיקן טאָג, אָן דער טומלעניש פון יעדער שעה, האָט שווער אָפּגעזיפצט און געקוקט מיט גלייכ־גילטיקע אויגן אויף די פאַרשפּעטיקטע מענטשן, וואָס האָבן זיך נאָך באַוועגט, דאָ און דאָרט, אַרום די ברייטע רייצנדיקע וויטרינעס פון די גרויסע געשעפטן.

פון די וויטרינעס האָבן אַרויסגעקוקט, ווי לעבעדיקע, די קונ־ציקע מאַנעקענען. אָנגעטאָן אין רייכן, האָבן זיי באַגלייט די פאַר־בייגייער מיט אָפענע, מונטערע בליקן און, צופרידענע, געשמייכלט אַנטקעגן די טייערע שפּיגלען. געצערטלט זיך אינ׳ם קרישטאָל פון ליכטיקע, קאָלירטע לאָמפּן, און נאָר די טויטע זאַכן אַרום זיי האָבן געדולדיק געוואַרט, ביז עס וועט פון ערגעץ אָנקומען אַ האַנט, וועט אויסלעשן דאָס ליכט פון די קאָלירטע לאָמפּן און לאָזן זיי אַ ווײַלע דרעמלען אונטערן רו־שלייער פון דער נאַכט.

אַלץ איז שוין געווען מיד, זייער מיד.

דאָס מיידל אַף דער גאַס איז שוין אויך געווען מיד. מיד פון לאַנגען אַרומגיין איבער די גאַסן און נאָך מידער פון די טויזנטער פּנימער, וואָס זענען איר אַנטקעגן געקומען אַף דעם נאַכטיקן טראָטואַר.

מען האָט אַ יעדערן געמוזט אַריינקוקן אין די אויגן. מיט איין־איינציקן בליק אָפּמעסטן, פאַרשטיין און גלייך באַשטימען: געטראָפן אָדער ניט געטראָפן.

אין דעם איז געווען אַזאַ שווערע אָנשטרענגונג, אַזאַ אויס־מאַטערנדיקע אָנשטרענגונג, אַז די מידקייט האָט גערופן אין האַרצן

דערווידערונג, ,פיינטשאַפט צו אַלץ און אַלעמען. דאָס גאַנצע לעבן איז פון דעם געווען שווער און ביטער. און עס האָט זיך ניט געוואָלט לעבן.

דאָס מיידל איז שוין געווען זייער מיד.

ווי דער גרויסער שטאָט־זייגער און ווי די טויטע זאַכן אין די וויטרינעס, האָבן אירע גלידער געבעטן רו און פאַרגעסונג. זי האָט זיך באַוועגט אַף דער גאַס, ווי אַ פרעמדער לאַנגזאַמער שאָטן. געטראַכט אומקלאָרע, שאָטנדיקע גדאַנקען. פאַרגעסן וועגן דער אַרומיקער וועלט. פאַרגעסן מקנא צו זיין די וואַרעמע ליכטיקע היימען, די ווייכע בעטן פון די, פאַר וועמען נאַכט איז געווען רו, פאַר וועמען נאַכט איז געווען — בענטשונג.

איר לעבען איז געווען — ניט אירס. אומיצנס אַ שווערע האַנט האָט זי פויל אַרומגעפירט איבער דער גאַס, דורך דער נאַכט, ווי אַ פאַרשאָלטענע, אַרומגעשלעפּט אַרום ראָגן, אַף נאַכטיקע טראָטוּאַרן. די מידע גלידער האָבן געוויינט נאָך רו און פאַרגעסונג, און דאָס האַרץ האָט טונקל באַגערט אַ ניטדאַאיק גליק און דערלייזונג. און נאָר די אויגן האָבן, אויס געוואוינהייט, געזוכט אימיצן, וואָס זאָל זיך לאָזן פירן, אַ געאַרעמטן, איבער די טונקעלע סקריפּנדיקע שטיגן צו איר צימער און — שפּעטער — לאָזן זי מיט אַ שווערן קאָפּ און אַן אויסגעמאַטערטן געמיט אַליין מיט איר שנאה אין רשות פון דער שטאַרבנדיקער נאַכט.

2

די גאַס איז ביסלעכווייז שטילער געוואָרן. די נאַכט האָט מיט שווערקייט באַהערשט די שטאָט. קיינער האָט זיך אַפן מיידל ניט געוואָלט אומקוקן. זי האָט עטלאַכע מאָל, אין דער לעצטער אָנשטרענגונג, געוואָרפן אָפענע בליקן צו יעדן, וואָס איז געקומען אַנטקעגן. זי איז געוואָרן פרעכער. זי האָט פּשוט איינעם נאָכ'ן אַנדערן אָפּגעשטעלט. זיי זענען אָבער אַלע געווען אַזוינע גרויע, שווער־אָפּגעלאָזענע, און זענען געגאַנגען זייער וועג, ניט מיטנעמענדיק מיט זיך אַפילו איר געשטאַלט אָדער דעם מידן בליק פון אירע

אויגן. פאַרבייגעגאַנגען אַזוינע פרעמדע, אַזוינע שווייגנדיקע און פאַרלאָרנגעגאַנגען ערגעץ, הינטער ראָגן.

זי איז געווען שטאַרק הונגעריק. ס'האָט זיך שטאַרק געוואָלט אַריינגיין אין אַ קאַפע, טרינקען קאַווע און זיצן אין אַ וואַרעמען, גראַמען און העל־באַלויכטענעם צימער. אַנטלויפן פון דער נאַכט. ניט זען איר פנים. נאַרן זיך מיט טאָג.

אַנטקעגן איז געקומען אַ דיקער, רונדער מאַן. האָט זיך שווער באַוועגט, געוויגט זיך אַף די גראָבע פיס. נאָך פון דערווייטן שוין געמאָסטן זי פון אויבן ביז אַראָפּ.

אַ קורצע פרייד האָט אַ צאַפּל געטאָן דאָס האַרץ. נאָך איידער דער מוח האָט צייט געהאַט צו באַנעמען און באַשטימען, האָט שוין דאָס געניטע געפיל אונטערגעזאָגט: געטראָפן.

אָפּגעשטעלט זיך, אַריינגעקוקט איינער דעם אַנדערן אין די אויגן, ווי מענטשן וואָס שליסן באַקאַנטשאַפט.

— נו, וואוהין ווילסטו מיך פירן, ליבינקע?

דער ברייטער פנים מיט די קליינע, פאַרשוואומענע אויגן האָבן זיך נייגעריק אָנגעשטעלט אַף איר. דאָס פנים האָט געשמייכלט און די אויגן האָבן עפּעס ווי אונטערגעוואונקען.

זי האָט פאַלש, אויס געוואוינהייט, אויך אַ שמייכל געטאָן אים אַנטקעגן און זיך דערמאָנט:

— אָ, ווען איר זייט אַ גוטינקער און נעמט מיך אָט אין יענעם קאַפע! אויסזופן אַ טעפּעלע קאַווע. ס'איז קיל. און נאָכדעם וועלן מיר שוין גיין אין צימער. האַ?

שעלמיש אַ קוק געטאָן אים אין די אויגן אַריין, מיט די לעצטע כוחות אַריינגעקוקט.

ער האָט אַ קראַץ געטאָן די פּאַטילניצע און באַלד צוגעגעבן:

— פאַרוואָס ניט? פאַרוואָס ניט? צו יעדער צייט! ער איז גרייט. זיי וועלן אויסטרינקען אַ קאַוועלע און וועלן אויך פאַר־בייסן. ער איז ניט קיין קאַרגער. פאַרוואָס ניט? כע!

זי האָט אים גלייך אָנגענומען אונטערן אָרעם און אַזוי, גע־אָרעמטע, ווי נאָענטע מענטשן, זענען זיי אַריין אין דער קאַפע.

דאָרט איז געווען ליכטיק. כמעט אַלע טישלאַך זענען געווען ליידיק. בלויז עטלאַכע מענטשן זיינען געזעסן לעבן זייטיקע טישן און געפירט אַ פריילאַכן, הילכיקן געשפּרעך. און עס איז אויסגעקומען אַזוי, ווי די מענטשן וואָלטן ניט געקומען פון ערגעץ פון דרויסן, נאָר וואָלטן דאָ געווען אייגענע, וואָס האָבן אַ שייכות צו דער קאַפע. אַזוי מאָדנע הויך און היימיש האָבן זיי זיך דאָ איבערגעשריען מיט די קעלנער און מיט די באַלעבאַטים. און אַז דאָס פּאָר איז אַריין האָבן זיך די אַנוועזנדיקע איבערגעקוקט און פאַרטגעזעצט זייער געשפּרעך אַף די זעלביקע הויכע טענער.

דאָס מיידל האָט ערשט איצט, אינם ליכט פון עלעקטרישע לאָמפּן, גוט דערזען איר באַגלייטערס פּנים. עס איז געווען קיילעכדיק, פעט און צופרידן. זיינע אויגן האָבן ניט אויפגעהערט צו שמייכלען מיט די גרויע שוואַרצאַפּלען דורך די שמאָלע אויסשניטן און פאַרשוואָומענע אָרביטן. ער איז געווען קורץ און דיק, מיט אַן אַראָפּהענגענדיקן ווייכן בויך.

דאָס מיידל האָט מיט באַהאַלטענער שנאה אַ טראַכט געטאָן: אַ חזיר, וועט סאָפּן און כראָפּן און וועט ניט אויפהערן צו שמייכלען מיט די פאַרשוואָומענע חזירשע אויגעלאַך.

פון דעם געדאַנק איז איר געוואָרן אומעטיק. אַרויסגענומען פון האַנט־טאַש אַ קליין שפּיגעלע, אָנגעקוקט זיך און גענומען פּוידערן די נאָז. געהאַלטן זיך פריי, ווי אין דער אַנוועזנהייט פון אַן אייגענעם מענטשן. און נאָכדעם אַביסל אָפּגעקערט זיך און פּרובירט טראַכטן פון עפּעס. געוואָלט פאַרגעסן דעם באַגלייטער לעבן זיך.

ער האָט, פון דער זייט, געקוקט אַף איר און צוגעשמייכלט מיטן ברייטן פּנים. איז געווען צופרידן. זי איז ניט געווען קיין מיאוסע. זי איז געווען הויך און בלאָנד און געהאַט אינטעליגענטע אויגן. האָט זיך ניט איינגעהאַלטן און, אַליין שמייכלענדיק, געזאָגט:

— ביסט אַ שיינע, האָניק.

זי האָט אַ קנייטש געטאָן מיט די פּלייצעס. אַ קוק געטאָן אַף אים פון דער זייט גלייכגילטיק.

— א שיינע? נו, אַלע מענער זאָגן דאָס. ס׳מיינט גאָרניט. שוין געהערט. מענערשע קאָמפּלימענטן!

— ניין, ניין! זי איז אַ זיסע, ווי האָניק. זי איז גאָר אַן אַנ־דערע. כאַ־כאַ־כאַ! זי איז — — —

ער האָט א טשמאָקע געטאָן מיט די ליפּן און צוגעקנאַקט מיט די פינגער:

— א צאַצקע איז זי! כע־כע־כע!

זיין בויך האָט זיך געטרייסלט פון צופרידענעם געלעכטער.

זי האָט נאָך אַמאָל אַף אים א קוק געטאָן און דערפילט א שאַרפן עקל. ווי אַלעמאָל, ניט מיטן האַרצן, נאָר מיט אַלע אברים. מיט יעדן לעבעדיקן גליד אין איר קערפּער. עס איז איר אַף א מאָ־מענט אַזש פינסטער געוואָרן אין די אויגן. זי איז אָבער דאָס אויך איבערגעקומען. אָפּגעשוויגן.

האָבן געטרונקען די קאַווע שווייגנדיקע. ער האָט עטוואָס באַ־מערקבאַר צוגעשמייכלט מיט די קליינע אויגן. נאָכדעם האָט ער א קוק געטאָן אַפן זייגער:

— שוין צוויי אַזייגער? — וואָס זאָגסטו, אַזוי שפּעט! און זעקס דאַרף איך נעמען מיין צוג קיין שיקאַגאָ. א שיקאַגאָר בין איך, כ׳קום אָפט אהער. נאָך געשעפטן. א גוטע שטאָט אייערע. כ׳מאַך דאָ גוט באַ אייך.

אַרויסגענומען פון קעשענע א געשעפט־קאַרטל און דערלאַנגט איר אין האַנט. זי האָט גלייכגילטיק א קוק געטאָן אַפן קאַרטל.

און ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. אָוועקגעבן צוריק, צי נעמען עס זיך.

ער האָט געזאָגט:

— קאָנסט קומען צו מיר יעדן ערשטן פון חודש. כ׳בין דאָ אין האָטעל „דירבאָרן“. קום אַרויף און פרעג אַף מיר. וועסט זיין א גאַסט.

האָט זי שוין אריינגעלייגט דאָס קאַרטל אין האַנט־טאַש, צווישן די אַלערליי קליניקייטן, וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען.

און ער האָט זיך גענומען איילן. א שאָד געווען די צייט. פאַנאַנדערגעצאָלט זיך און אַרויס אַף דער גאַס.

געגאַנגען, געאַרעמטע, איבער דער כמעט אינגאַנצן איינגע־שטילטער גאַס. די שטאָט האָט זיך געוויקלט אין דרימל. עס איז געווען שפּעטע נאַכט, און די שטאָט האָט שוין געוואָלט איינשלאָפן און פאַרגעסן זיך. אָבער די פאַרביילויפנדיקע אויטאָמאָבילן אין טעקסיס האָבן געשטערט, ניט געלאָזן איינדרימלען.

די צוויי האָבן מיד געטראָטן איבערן טראָטואַר. אירע גלידער האָבן גענאָגט און זי האָט ניט געהאַט פון וואָס צו ריידן. געפילט די דיקע וואַרעמע האַנט אַרום איר אָרעם, זיין שווערען אָטעמען בײַ דער זייט. ער האָט עפּעס גערעדט. איר איז קיין זאַך ניט אָנגעגאַנגען. איר קאָפּ איז געווען שווער און די געדאַנקען — פאַרנעפּלט. עס האָט זיך נאָר געוואָלט וואָס שנעלער קומער אין צימער און ווי עס איז פאַרענדיקן די נאַכט.

אַזוי איז מען געקומען צום הויז, וואו עס האָט זיך געפונען איר צימער. זי האָט איבער, אַ שווייגנדיקע, געפירט אַרויף צו זיך אין צימער איבער די שטיגן, וואָס זענען געווען געדעקט מיט אַן אַלטן, אויסגעטראָטענעם, פאַרשטויבטען טעפּיך. דער טעפּיך האָט גע־האַרכזאַם געגנב'עט זייערע טריט. אָבער די שטיגן האָבן ווייטיקדיק געשריען, ניט געוואָלט פאַרשווייגן די שווערע פאַרשפּעטיקטע געסט. האָבן חוצפּהדיק געסקריפּעט און אַרויסגעשריען דעם סוד פון די מידע טריט צום פינסטערן צימער, אין ענגען קאָרידאָר.

3

אַריין אין צימער. אָנגעצונדן ליכט. פון דער פינסטערניש איז אַרויסגעשוואומען אַן אַלט, שוין דערעסן בילד: — די אַלטע ביוראָ, דער ווייכער שטול און די שירמע לעבן בעט.

אינסטינקטיוו אַ קוק געטאָן אויף זיך אין שפּיגל. באַגעגנט זיך מיט די אייגענע אויגן און זיך אָפּגעקערט. ניט געקאָנט פאַרטראָגן דעם קאָליר און דעם אויסדרוק פון די אייגענע אויגן. דער בליק איז געווען טונקל און בייז. עס איז געוואָרן קאַלט אין יעדן אבר.

ער האָט געוואַרט. געווען אומגעדולדיק. ניט געקאָנט פאַר־טראָגן איר קאַלטקייט, אירע לאַנגזאַמע באַוועגונגען. און זי האָט

דוקא זיך ניט געאײַלט. אזוי ווי זי האָט אינגאַנצן פֿאַרגעסן, אַז ער איז דאָ, אין צימער.

עס האָט אים פֿאַרדראָסן:

— נו, פֿייגעלע, פֿאַרוואָס אײַלסטו זיך ניט אונטער? די שיקאַגאָר באַן וואַרט דאָך אויף מיר. בע־בע־בע!

זי האָט בלויז אַ קוק געטאָן אויף אים מיט די אויסגעלאָשענע אויגן. ער האָט זיך באַגעגנט מיט איר בליק, ניט אויסגעהאַלטן און שווײַן, ווי אַ פֿרעמדער, געבליבן אָן ווערטער ווערטן. זײַן פּנים איז געווען ערנסט און די קליינע אויגן האָבן שוין ניט געלאַכט.

און נאָכדעם האָט זי שוין געזען: ער איז מיט איר ניט געווען צופֿרידן. אַ בייזע גרימאַסע האָט זיך, פֿון פֿאַרדראָס, אויסגעלייגט אַרום דער מויל און אויף די באַקן. ער האָט אײַפֿערזיכטיק געמאַנט. געשלעפּט פֿון איר מיט געוואַלד זײַן ביסל פֿאַרגעניגן. דער כעס אויף איר קאַלטקייט האָט אין אים געברענט. ניט געקאָנט באַהערשן זיך. געקניפּט אין בייזער לײַדנשאַפֿט איר לײַב. און אַז זי האָט ניט אָפּגעענטפֿערט, ניט מיט פּראָטעסט און ניט אפֿילו מיט קיין אויסדרוק אויף איר פּנים, האָט ער זיך אײַנגעביסן אין איר ברוסט ביז ווייטיק. זי האָט לײַכט אויפֿגעשריען און אַ שטויס געטאָן אים פֿון זיך:

— לאָז אָפּ! עס טוט וויי.

ער האָט אָפּגעלאָזן. אָבער, דערפֿאַר, מאָנענדיקער געוואָרן. געשוויצט און געסאָפּעט דורך שווערן אָטעם און אַלץ מער פֿאַרגעסן דעם מענטשן אין איר. געווען אוממענטשלאַך גראָב.

אין איר האָט פּלוצלונג אויפֿגעפֿלאַמט אומ׳רחמנותדיק אַ שנאה, וואָס האָט אָנגעצונדן איר יעדן גליד באַזונדער. זי האָט זיך מיט שווערקייט באַפֿרײַט פֿון די שווערע, שווייסיקע לאַפּעס, האָט זיך אויפֿגעזעצט אויפֿן בעט און געזאָגט:

— גענוג. איך קאָן מער ניט!

ער האָט איבערראַשט אַ קוק געטאָן אויף איר:

— האָב קיין מורא ניט. כ׳וועל דיר באַצאָלן. בע!

— כ׳וויל ניט!

ער האָט זיך בייזלאך פאַנאַנדערגעלאַכט מיטן בויך און מיט די פאַרזשמורעטע אייגעלאך:

— אָט אַ נאַרישע מויד! כע! כע! כע!

איר האָט זיך געוואָלט שרייען, קוויטשן, לאַכן, רייסן די האָר פון קאָפּ. פון די שפּיץ־פינגער פון אירע פיס ביז צום קאָפּ איז דורכגעלאָפן אַ פייערדיקער שטראָם און האָט זיך אָנגעצינדן אין איר בליק. זי האָט נאָך געקאָנט אויסשרייען משונהדיק:

— כ׳וויל ניט! דו הערסט? — איך וויל ניט! איך וויל ניט!!!

די ווערטער זענען פון איר האַלז אַרויס קוויטשיקע, מיט אַ בריפּ, אַזוי ווי אימיצער וואָלט זי געוואָרגן באַם האַלז מיט שטאַרקע פינגער, ניט אָפּלאָזנדיק, און אַריינגעשטאָכן זיך, ווי זשאַווערדיקע שפּיזן, אין פעטן האַרץ פון מענטשן אַף איר בעט. איר ברוסט האָט זיך געהייבן שנעל, שנעל.

ער האָט זיך אַביסל דערשראָקן:

— נו, מיידעלע. צו וואָס זיך בייזערן? כ׳האָב בלויז אַ שפּאַס געטאָן. אַזאַ היציקע. כע!

זי האָט נאָך אינגאַנצן געציטערט און געשריען:

— גיי! טו זיך אָן און גיי! אַז ניט — — — —

— אָבער פאַרוואָס?

— גיי, זאָג איך! האָסט געהאַט גענוג פאַר דיין געלט!

ער איז שווער אַראָפּגעקראָכן פון בעט און האָט זיך שווייגנדיק גענומען אָנטאָן. און זי האָט געקוקט, אַ ציטערנדיקע, אַף זיין ברייטן רוקן, אַף זיין קאַרק און געהאַט אַ פאַרלאַנג משוגע צו ווערן און אַריינגראַבלען זיך מיט ציין און נעגל אין אָט דעם פעטן קערפּער, רייסן פון אים שטיקער, ווילד און חיה׳ש.

אַ ווילדע שנאה אינאיינעם מיט טרערן האָבן געוואָרגן דעם האַלז. די הענט האָבן זיך געביילט און געציטערט פון נערוועזן, קוים איינגעהאַלטענעם, פאַרלאַנג קעציש אַ וואָרף צו טאָן זיך אַף אים. אַ גוואַלדיקע אָנשטרענגונג האָט אָנגעצויגן איר גאַנצן קערפּער אין קאָנוואולסיעס. ערשט ווען ער איז פאַרטיק געוואָרן מיטן אָנטאָן זיך און איז, אָן ווערטער, אַרויס פון צימער, איז זי מאַכטלאָז אוועקגע־

פאַלן אפן בעט און האָט זיך מיט אַ קלאַפּנדיקן האַרצן צוגעהערט לאַנג צום געשריי פון אירע בלוטן. די טרערן האָבן זיך געשטעלט אין האַלדז און האָבן זיך ניט געלאָזט אַראָפּשלינגען אָדער אויס־ניסן. האָט זי זיך אַראָפּגערוקט פון בעט, מיטן פּנים אַראָפּ, צוגע־פאַלן צום טעפּיך, געגראַבלט מיט די ציטערדיקע פינגער דעם שטויביקן שטאָף און לאַנג געיאָמערט:

— נאָט, איך וויל שטאַרבן! איך וויל שטאַרבן!

אַזוי לאַנג געיאָמערט און נע'טענהט צו גאָט. עס איז שוין געווען טאָג, און זי האָט זיך נאָך אַלץ געוואָרפן און געקייקלט איבערן דיל, אַזוי ווי זי איז געווען, אין נאַכט־העמד.

עס איז געווען גרויסער טאָג ווען זי איז אויפגעשטאַנען פון דיל.

אַ קוק געטאָן אַף זיך אין שפּיגל: דאָס פּנים איז געווען אַלט און צעקנייטשט. אַרום די אויגן — בלויע רינגען. די ברוסט — איינגעפאַלן. ניט געקענט לאַנג קוקן אַף זיך. אָפּגעטראָטן מיט אַ פּ,וסטן האַרצן צום בעט און זיך אַריינגעלייגט. איצט האָט זיך געוואָלט בלויז וויינען. טרערן זענען געלאָפן מיט הייסע שטראָמען, געשלענגלט זיך איבער די באַקן און אַראָפּגעלאָפן צום בלייכן האַלז און צו דער ברוסט.

דאָס האַרץ איז פול געווען מיט רחמנות צו אַ נאָענטער, וואָס איז געלעגן, אין ווייסן העמד, אין איינזאַמע, נאָך אַ גאַנצער נאַכט אַרומשלעפן זיך איבער נאַכטיקע טראָטואַרן, געלעגן און באַוויינט איר שווערן שיקזאַל אַף דער וועלט.

4

אַז זי האָט זיך אויפגעכאַפּט, איז שוין געווען נאָכמיטאָג. פון די פאַרהאַנגענע פענסטער, דורך דעם טונקעלן געוועב, האָט אַריינ־געקוקט אַ גרויער, פאַרטרויערטער טאָג. אַלע גלידער האָבן זיך געצווינגן. עס האָט זיך ניט געוואָלט אויפשטיין. עס האָט זיך ניט געוואָלט לעבן, דאָס מיידל האָט נאָך אַמאָל, הויך אפן קול, ווי באַנאַכט, געזאָגט:

— גאָט, איך וויל ניט לעבן! איך וויל שטאַרבן!

און אַזוי געבליבן ליגן מיט אָפענע אויגן קעגן די אַראָפּגעצויגענע גרויע פאָרהאַנגען פון די פענסטער. און מאָדנע איז גאָר געווען, וואָס דאָס לעבן איז געווען ווי אַלע מאָל און קיין זאַך האָט זיך אין אים ניט געוואָלט ענדערן.

ביסלאַכווייז האָבן זיך פון דער פאַרגאַנגענהייט גענומען אויסטיילן פּאַסירונגען און פּנימער, ווי אַלטע, שוין פאַרגעסענע חלומות, אַלטע בענקשאַפטן האָבן געדריקט דאָס האַרץ. דאָס לעבן האָט געזוכט אַ פאַרענטפערונג. ניט אַלץ איז געווען שווער. ניט אַלע זענען געווען שלעכט צו איר. עס זענען אויך געווען גוטע, ליכטיקע רגעס. זי האָט זיך דערמאָנט:

אָט גאָר ניט לאַנג איז מיט איר געווען אַזאַ גוטער, אַזאַ ליבלאַכער מענטש. געווען צערטלאַך צו איר, איידל. פאַרן אַוועקגיין איז ער צו איר צוגעגאַנגען און מאָדנע, ווי אַ געליבטער, אַ קוש געטאָן זי אויפן שטערן און פריינדלאַך געקוקט איר אַ ווײַלע אין די אויגן. זי האָט דעם בליק זיינעם ניט געקאָנט פאַרגעסן.

און נאָך איינעם געדענקט זי. יענער איז געווען אַביסל שיכורלאַך. איז מיט איר פאַרבליבן לענגער און זיך געשוואָרן, אַז ער וועט מיט איר חתונה האָבן. זי האָט פון אים געלאַכט און האָט אים ניט געגלויבט. און דאָך איז איר פון זיינע רייד פריילאַך און גוט געווען אויפן האַרצן.

און נאָך איינער, אַן איטאַליענער, האָט איר איבערגעלאָזן אַ מתנה. אַ רייצנדיקן סטיליעט פון איטאַליענישער אַרבעט. דער סטיליעט איז געלעגן אין שופלאָד און אַלע מאָל דערמאָנט פון יענעם מאָדנעם מענטשן, וואָס האָט געהאַט אַ האָריקע ברוסט און אַ געדיכטן קאָפּ האָר.

דאָס מיידל איז אויפגעשטאַנען, און אַזוי, ווי זי איז געווען, אין העמד, צוגעגאַנגען צום שופלאָד און אָנגעהייבן זוכן דעם סטיליעט. ער איז געלעגן מיט אַ סך קלייניקייטן. דאָ זענען געווען רינגעלאַך, קייטעלאַך, עמבלעמען, אויסלענדישע מטבעות און צווישן זיי — דער סטיליעט.

אריינגענומען אים אין האַנט. באַטאַפּט מיט אויפגערעגטע פינגער דעם קאַלטן בלאַנקענדיקן שטאָל און נאָכדעם, שוין מיט אַ קלאַפּנדיקן האַרצן, גענומען פּאַכען מיט אים אין דער לופטן, שטעכן די לופט — רעכטס און לינקס. פון דעם האָט זיך זייער שנעל געהויבן די ברוסט און עס האָבן געציטערט די פּיס פון מאָדנער שוואַכקייט. זי האָט אָבער צוריק ניט אַוועקגעלייגט דעם סטיליעט. זי האָט זיך פּלוצלונג גענומען מיט אים אַרומלויפן איבערן צימער.

דאָס איז געווען אַן אימפּראָוויזירטער טאַנץ. אַ משונהדיקער סטיליעט־טאַנץ, וואָס דאָס מיידל האָט אין לאַנגען ווייסן העמד, אַ באָרוועסע, אויסגעטאַנצט אין דער האַלב־טונקלקייט פון צימער. איר קערפּער, אויפגעוואַכט און אויפגעפלאַמט אין אומבאַקאַנטע פלאַמען, האָט זיך שלאַנגיש געדרייט און געוואָרפן, און אין דער אויסגעשטרעקטער האַנט האָט געברענט אין דינע, גרינע פלאַמען דער שטאָל פון דעם סטיליעט. געברענט און געטונקלט זיך אַנטקעגן די פאַרהאָנגענע פענסטער און אַנטקעגן דעם שפּיגל. לאַנג געטאַנצט אין ווילדער פאַרגעסונג, אַ בלייכע, אַ פאַרזונקענע אין אַ ווייטן אומפאַרשטענדלאַכן גענוס. און נאָכדעם מאַכטלאָז אַ פאַל געטאָן מיטן ציטערדיקן בויך צום בעט, און אַזוי געבליבן ליגן, אָטעמענדיק שווער, צוקנדיק מיט יעדן מוסקול, אַ פאַר׳חלשטע, ווי אין שכרות.

ווען זי האָט זיך אויפגעכאַפּט פון דער פאַרגעסונג, איז שוין געווען אָוונט. אין צימער איז געווען פינצטער און מען האָט באַדאַרפט אָנצינדן ליכט. מען האָט באַדאַרפט אָנהייבן איבער־אַ־ניים דאָס לעבן. באַדאַרפט אויפהויבן זיך און גיין. פאַר די אויגן איז אין טונקעלער שווייגעניש געשטאַנען די גאַס, און איבער איר, ווי אַ שאָטן, האָט זיך גערוקט אַ ריזיק געשטאַלט. עס איז ניט געווען קיין אויסוועג פון דער געשטאַלט. זי האָט אָנגעפילט די וועלט מיט איר ריזיקייט, און עס איז ענג געווען צו לעבן. פון אָנהייב האָט די געשטאַלט ניט געהאַט קיין פּנים. אָבער ביסלעכווייז — אויסגעטיילט זיך אין שטריכן און קאָנטורן, געוואָרן קלאָר און אויסגעשפּראָכן. זי האָט אָנגענומען דעם אויסזען פון איר ביינאַכטיקן באַזוכער, און שוין אַזוי פאַרבליבן. ניט געוואָלט ענדערן זיך. דאָס מיידל האָט אים געוואָלט פאַרטוישן צווישן אַנדערע געשטאַלטן. זי האָט זיין פּנים געוואָלט פאַרבייטן מיט אַן

אַנדער פּנים, און ניט געקאָנט. און עס איז געווען מאָדנע, וואָס זי האָט זיך געוואָלט באַפרייען פון זיין בילד און ניט געקאָנט. איז זי אויפגעשטאַנען און גענומען איילן זיך. אָנגעטאָן זיך און אַרויס אויף דער גאַס.

די גאַס איז געווען די זעלביקע. די מענטשן — די זעלביקע. און אַלץ איז געווען ווי אַלעמאָל. אָבער פריער איז ניט געווען דער נייער מענטש צווישן אַלץ און אַלעמען. און איצט איז ער געווען. אומעטום איז ער געווען. ער איז געשטאַנען פאַר די אויגן. זי האָט פון אים געמוזט טראַכטן. זי האָט אים ניט געקאָנט פאַרגעסן. זיין אָנדענקען האָט געצונדן אין די בלוטן אַ בייזע שנאה, און זי האָט זיך מיט דער שנאה געמוזט אַרומטראָגן איבער די גאַסן, ריידן מיט מענטשן און לעבן איר לעבן.

און אַזוי איז די נאַכט פאַריבער און עס איז אָנגעקומען דער טאָג. און אויף דער גאַס און אינדערהיים איז דער מענטש געווען מיט איר און מיט איר שנאה. זיין באַרירונג איז געווען אין יעדערנס באַרירונג. אומעטום — ער. אין אַלץ — ער. און לעבען מיט אים אויף דער וועלט איז געווען אוממעגלאַך. ער האָט געשטעקט אין איר האַרצן, ווי אַן אַריינגעשטאָכענע שפּיז. וואָס קיינער האָט ניט געוואָלט אַרויסשלעפּן.

5

דאָס מיידל האָט ניט געוואוסט ווען און ווי אַזוי עס איז איר צום ערשטן מאָל געקומען אין קאָפּ דאָס צו טאָן. זי האָט נאָר זיכער געוואוסט אַז אַלע מאָל האָט אין איר געלעבט אַ גרויסער פאַרלאַנג צו נעמען נקמה און — דערמאָרדן. דער פאַרלאַנג איז אין איר געווען דראָעדיק, איינגעקנוילט און, אַ געדולדיקער, געוואַרט, אינאיינעם מיטן מיידל, ביז עס וועט קומען די רגע און ער וועט קאָנען אויפגיין צום אויפגאַנג פון איר לעבן.

זי האָט זיך נאָר באַדאַרפט דערמאָנען, אָדער דערפילן אין זיך דעם פאַרבאָטענעם פאַרלאַנג, און גלייך פלעגט זי דערפילן אַ דער־לייכטערונג. עס פלעגט גלייך געבאָרן ווערן אַ זין אין לעבן און אַ

ציל. און עס איז אין דעם געווען אזוי פיל פרייד און געוואגטקייט, אזא אומבאגרענעצטער פארלאנג פון א מענטשן אריבערצושפרייזן א תחום, וואס ליגט צווישן לעבן און טויט, און בלייבן לעבן אין אומבאגרעניצטקייטן, בלייבן לעבן אין אייביקייטן, זינגן און באזינגן.

דער פארלאנג איז געווען גרויס און אומפארמיידלאך.

זי האט ליב באקומען צו שפילן זיך מיט דעם סטיליעט. עס איז אין דעם געווען שרעק. עס איז אין דעם געווען רעגונג. גע־פערלאכער שפיל. זי פלעגט דריקן צום ברוסט דעם קאלטן שטאל ביז ער פלעגט ווארעם ווערן מיט דער וואַרעמקייט פון איר קערפער. נאכדעם האט זי געקאנט לאנג און געדולדיק מיט א קלאפנדיקן הארצן גלעטן זיין שארף און פילן אין זיך דעם פלאם פון די אויפגערעגטע בלוטן.

און איינמאל האט זי גאר אויפגעהאנגען דעם סטיליעט אף א שנירל ארום איר האלדז און אזוי ארומגעגאנגען מיט אים, אונטער די קליידער, פילנדיק די ווארעמקייט פון ווארעמען שטאל אף דעם אייבערשטן טייל פון בויך און ארום די בריסט.

און פון דעם מאדנעם לעבן, וואס זי האט איצט געפירט, איז זי געווארן נערוועז און אומרואיק. ארום די אויגן האבן זיך אויס־געלייגט נייע קנייטשן. אונטער די ברעמען — טיפע שאטנס. און באנאכט איז איר שלאף געווען אומרואיק. מורא געהאט פאר נייע מענטשן. פארדעכטיקט אין יעדן איינעם א סוד. מורא געהאט פאר פינסטערניש, ווי אין דער פריער קינדהייט.

זי איז געווען אויסגעמאטערט פון דעם געדאנק נאך אמאל צו באגעגענען דעם שיקאגאר סוחר. מיט עטלאכע טעג פריער, ווי ער האט באדארפט אנקומען אין שטאט, איז זי אינגאנצן ניט ארויס אף די גאסן. געווען אין הויז, געוואלט מער זיין מיט זיך. מיטן סוד.

עס איז איר ניט קלאר געווען, ווי זי וועט זיך מיט דעם מענטשן באגעגענען און וואס זי וועט טאן. אזוי ווי די באגעגעניש וואלט גארניט באדארפט פארקומען און דער מענטש וואלט בכלל ניט געווען אף דער וועלט, און דאס, וואס זי האט זיך די גאנצע צייט נעגרייט און געמוטשעט, וואלט געווען אירע א משונהדיקע פאנטא־

זיע. אַזוי ווי אַ חלום אַפֿן וואָר. אַביסל אַ שרעקעדיקער, אָבער אַנ־גענעמער שרעק און אַן אַנגענעמע רעגונג. און אַזוי — ביז יענעם לעצטן טאָג און יענער לעצטער רגע — איז אַלץ געווען מער חלום ווי וואָר.

אין דעם סאַמע לעצטן טאָג, אינדערפֿרי, האָט זי זיך געקויפֿט אַ נײַ קלייד. זי האָט נאָך קיינמאָל אין איר לעבן ניט געטראָגן אַזאַ קלייד. עס איז געווען פֿון ריינסטן זייד. זי האָט אָנגעטאָן איר בעסטע זײַדענע וועש און, אַ יום־טובדיקע, אַרויס פֿון צימער. שוין אויף די טרעפּ האָט זי אויפֿגעעפֿנט דעם האַנט־טאַש און אַ קוק געטאָן צי דער סטיליעט איז געווען אינווייניק. זי האָט אים אַהין אַרײַנ־געלייגט מיט צוויי טעג פֿריער. אָבער איצט איז אַלץ געווען אַזוי אומקלאָר און אומפֿאַרשטענדלאַך, און מען האָט באַדאַרפֿט אַלץ גענוי און זיכער אונטערזוכן. דער סטיליעט איז געווען אינעווייניק און דאָס קאַרטל פֿונם סוחר איז אויך געווען. און אַלץ, וואָס זי האָט געטאָן, איז געווען פּינקטלאַך, ווי זי האָט עס געוואָלט. מען האָט זיך נאָר באַדאַרפֿט אָוועקגעבן דעם אומפֿאַרמיידלאַכן.

## 6

ס׳איז נאָך געווען פֿריער נאָכמיטאָג, ווען זי איז אַרײַן אין האָטעל. דער קלוירק האָט אויפֿגעזוכט פֿאַר איר דעם נומער פֿון דעם סוחרס צימער, אויסגעפֿונען, דורכן טעלעפֿאָן, צי ער איז אין האָטעל, און אָנגעזאָגט אים, אַז דאָס מיידל וועט צו אים באַלד אַרײַנ־קומען.

זײַן צימער איז געווען אויפֿן זיבעצנטן שטאָק. זי האָט זיך באַ־דאַרפֿט אויפֿהויבן צו אים איבערן ליפֿט. זי האָט פּרובירט ניט טראַכטן פֿון קיין זאַך וואָס איז איר פֿאַרגעשטאַנען. זי האָט בלויז געפֿילט אַן אויפֿלעבונג אין די בלוטן. אַ יום־טובדיקייט. אַן אומ־קלאָרע דערוואַרטונג. דער ציל איז שוין ניט געווען קיין ציל. עס איז אַפֿילו ניט קלאָר געווען, צי עס איז בכלל געווען אַזאַ פּערזאָן, וואָס זי האָט געזוכט. דאָס אַלץ האָט דאָך ניט געקאָנט זײַן אמת. דאָס אַלץ איז געווען פּונקט אַזוי ניט וואַרהאַפֿטיק, ווי אַ חלום.

זיין צימער איז געווען טיף אין לאַנגען שמאָלן קאָרידאָר. נאָך גייענדיק איבער דעם ווייכן טעפּיך און ניט הערנדיק די אייגענע טריט, האָט זי דערפילט דאָס שטאַרקע קלאַפּן פון איר האַרצן. עס איז עפּעס געווען אַזוי ווי זי וואָלט גע'גנב'עט אירע טריט, און דאָס, וואָס האָט באַדאַרפט פּאַסירן, האָט שוין אָנגעהויבן פּאַסירן. און ווען זי האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן זיין טיר, איז שוין דאָס קלאַפּן פון איר האַרץ געווען שרעקלאַך. די ברוסט האָט זיך געהויבן שנעל און פיבערהאַפט, פּונקט ווי זי וואָלט זיך ערשט אָפּגעשטעלט נאָך אַ לאַנגען אָנגעשטריינגטן לויפן. דער מאַרך איז געווען טונקל און פאַר די אויגן האָבן זיך געביטן די קאָלירן. עס איז געווען אַ מורא צו שטיין אין קאָרידאָר. עס איז געווען שרעקלאַך אָנצוקלאַפּן אין טיר. פון אָנשטריינגונג האָט אַזש ווייי געטאָן אין ברוסט. זי האָט געמוזט יצודריקן אַ האַנט צו דער אויפגערעגטער ברוסט. זי האָט געמוזט קומען צו זיך, באַרואיקן זיך, ראַטעווען זיך, ווייל די פיס זענען געווען אָפּגעשוואַכט, און די אויגן האָט געשווינדלט.

ניין. זי האָט זיך געמוזט ראַטעווען, זי האָט געמוזט אַנטלויפן, מאַכן אַ סוף צום שווערן חלום, אומקערן צוריק די ווירקלאַכקייט. אויסמעקן אַלע טעג, וואָס האָבן געפירט צום היינטיקן טאָג, אַרויס־גנבענען זיך פון האָטעל און פאַרלאָרנגיין אין דער שטאָט. און קיינער וועט ניט וויסן. און ער אַליין וועט ניט וויסן און ניט פאַר־דעכטיקן איר פּלאַן.

זי האָט שוין געוואָלט מאַכן דעם ערשטן טראָט צוריק, אָבער מאָדנע, אין דער זעלביקער רגע האָט זיך די טיר, אַנטקעגן, געעפנט. אַ מאַן איז אַרויסגעגאַנגען און גענומען שפּאַנען אין דער ריכטונג פון ליפט. זי האָט זיך שטאַרק איבערגעשראָקן און אימפּעטיק, מיט ציטעריקע פינגער, אין פאַרגעסונג און שרעק, אָנגעקלאַפּט, ניט אומקוקנדיק זיך, ניט וועלנדיק באַגעגענען זיך מיט מענטשלאַכע אויגן, געמוזט אָנקלאַפּן.

אַ שווערע רגע, און עס האָבן זיך דערהערט טריט צו דער טיר, נאָך איין רגע, און די טיר האָט זיך געעפנט.

ניין ,עס איז ניט געווען קיין חלום. אין טיר איז געשטאַנען יענער נאַכטיקער באַזוכער אירער. ער איז געווען דער זעלביקער,

נאָר אַן דעם שמייכל. זיין פּנים איז געווען ערנסט און האָט אויס־נעדריקט בלויז איבעררּאַשונג.

— איז דאָס אמת? איר? — — — דו?

זי האָט ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערן. האָט בלויז גע־זאָגט:

— כ'בין צו אייך געקומען. כ'האָב געהאַט אייער קאַרטל — — — —

ער האָט ברייט א שמייכל געטאָן:

— נו, איך בין צופרידן. קום אריין, פייגעלע, קום אריין.

זיי האָבן זיך אריינגערוקט אין צימער. ערשט איצט האָט זי דערזען דעם גרויסן ליכטיקן צימער, דעם טיש אין מיטן, דאָס בעט אַן א זייט און די ביוראָ און א שטול, אַף וועלכן עס איז געשטאַנען אַן אָפענער רייזע־וואַליז. און נאָך אַמאָל א קוק געטאָן אַף דעם סוחר. ער איז געווען גאָר אַן אַנדערער. זיין פּנים איז געווען ערנסט, כמעט געשעפטמעסיק שטרענג. ווארשיינלאַך, אַליין ניט געוואוסט פון וואָס צו ריידן, האָט ער ניט אויפגעהערט צו טענהן:

— ניט געריכט זיך צו באַגעגענען. אָט אַן איבעררּאַשונג! שוין איין מאָל אַן איבעררּאַשונג! כע!

דאָס מיידעל איז געווען צופרידן וואָס ער איז געווען אַן אַנדערער. ניט יענער. צו דעם האָט זי ניט געהאַט קיין שנאה. פון דעם וועט זי קענען אוועקגיין און פאַרגעסן. זי האָט גזעאָגט:

— איך פיל זיך אביסל שולדיק קעגן אייך — בין איך געקומען.

ער האָט אונטערגעכאַפּט:

— פאַרגעס, פאַרגעס, האָניק. וואָס געווען איז געווען. זעץ זיך.

אָנגענומען מיט איין האַנט איר האַנט, מיט דער צווייטער — ארומגענומען איר טאַליע און אוועקגעזעצט זי פריינטלאַך אַף א שטול.

— ביסט א טייערער גאַסט.

זי האָט זיך געזעצט. נאָך אַמאָל ארומגעקוקט זיך. אין האַרצן

איז שוין ניט געווען קיין שרעק. עס איז געווען נאָר נייגיר: וואָס וועט זיין אין א רגע ארום, אין א שעה אַרום?

ער האָט ארויסגענומען פון דעם אָפּענעם וואַליז א פלאַש און א גלעזל. אוועקגעשטעלט אַפן טיש:

— אָט־דאָ האָבן מיר אביסל גוטן „סקאַטש". וועסט אויס־טרינקען. א גלעזעלע?

נאָך איידער זי האָט געענטפערט, אָנגעגאָסן דאָס גלעזל און דערלאַנגט איר, דער ערשטער. זי האָט אָפּגעטרונקען העלפט און מער ניט געקענט. דער בראָנפן איז געווען שטאַרק. זי האָט קוים איינגעהאַלטן דעם הוסט. און יענער האָט דערווייל צוגעגאָסן דאָס גלעזל, אויסגעטרונקען איין מאָל און א צווייטן מאָל, און געווען איז מאָדנע, וואָס ער האָט ניט געטרונקען, נאָר עפּעס ברייט געעפנט דאָס מויל און, איבערקערנדיק דאָס גלעזל, אריינגעגאָסן דעם בראָנפן גלייך אין האַלז אריין. נאָכדעם געזאָגט:

— הער, מיידעלע, וואָס איך וועל דיר זאָגן: בלייב מיט מיר דעם גאַנצן טאָג? הא? וואָס וועסטו זאָגן אף דעם? מיר וועלן ארויספאָרן און ארויסגיין. מיר וועלן פאַרברענגען. עס וועט דיר ניט פאַרדריסן, וואָס דו ביסט צו מיר געקומען. און איך וועל דיר גוט באַצאָלן. איך בין ניט קיין קאַרגער.

ער האָט מיט געוואַלד ארויסגעקוקט פון אירע אויגן דעם ענטפער. זי האָט צוגעשטימט. איר איז געווען אַלץ איינס.

ער איז צוגעגאַנגען צו איר און האָט צוגעלייגט צו איר באַק א פעטן קוש, און גלייך געוואָרן געשעפטסמעסיק: אָפּגערופן אַפן טעלע־פאָן עטלאַכע פירמעס, אָנגעזאָגט זיי, אַז ביז מאָרגן וועט ער זיי ניט קענען זען. אָנגעזאָגט אונטן, אין אָפיס, אַז אַלע בריוו און טעלעגראַמעס זאָלן געהאַלטן ווערן ביז ער וועט זיי אַליין אָפּנעמען.

צוגעגאַנגען צוריק צום טיש. נאָך אַמאָל אָנגעגאָסן דאָס גלעזל. ווידער איר, דער ערשטער, פאַרגעלייגט. און זי האָט ווידער אָפּגע־טרונקען אביסל. און נאָך אַמאָל האָט ער אויסגעליידיקט צוויי גלעז־לאַך, איינס נאָכן אַנדערן.

זיין ערנסטקייט איז פאַרשוואונדן. זיין פּנים האָט זיך אויס־געלייגט אין א שמייכל. זיינע אויגן זענען יעדע רגע פאַרשוואונדן

אין די פעטע אָרביטן, האָבן זיך געזשמורעט. ער האָט צוגעקנאַקט מיט די פעטע פינגער און אַרומגעשמייעט איבערן צימער, פאַר־ריכטענדיק קעגן שפּיגל די פּאָר הערלאַך אַרום די שלייפן און אויף דעם גרויסן גלאַנציקן פּליך.

דאָס מיידל האָט נאָך אַמאָל אַ קוק געטאָן אויף אים און באַ־שלאָסן: ער איז געווען דער זעלביקער, דער זעלביקער, דער זעלביקער!

זי האָט אַ טראַכט געטאָן וועגן דעם סטיליעט, וואָס איז גע־לעגן אין איר האַנט־טאַש, און עס איז מאָדנע געווען, וואָס עס האָט איר גאָר ניט געאַרט, ווי עס וואָלט גאָר ניט געהאַט קיין שייכות צו דעם מענטשן אין צימער. עס איז בלויז ניט אַנגענעם געווען צו באַ־געגענען זיך מיט דעם צופרידענעם, פעט שמייכלענדיקן פּנים.

7

זיי האָבן זיך אומגעקערט צוריק אין האָטעל שפּעט. זי איז געווען מיד. ער איז געווען שכור און פרעך. יעדע רגע אַרומגענומען זי מיט די דיקע הענט און געקושט זי מיט די פעטע ליפּן, וואו עס האָט זיך נאָר געמאַכט. מיט געוואַלד געגאָסן איר דעם בראָנפן אין האַלז אַריין. פאַרגאָסן אויף איר קליידל און זייער שטאַרק פון דעם געלאַכט. געוואָרפן זיך מיט נאַסיקע ווערטלאַך, ווי מיט פּילקעס, און אַליין געווען צופרידן מיט דעם עפעקט, וואָס דאָס האָט אויף איר געמאַכט. געלאַכט מיט אַ דריבנעם געלעכטערל.

זי האָט געוואָלט זיין גלייכגילטיק. ניט געקענט. אַ שווערקייט איז געלעגן אויפן האַרצן. עס האָבן געשריען די בלוטן. עס האָבן זיך געשפּיזט די אויגן. און דער מענטש האָט עס ניט געזען. געהאַט אַ ברייטן, צופרידענעם שמייכל, וואָס האָט זיך ניט געוואָלט אויסלעשן פון פּנים און פון די קליינינקע אויגן.

זי האָט זיך אַוועקגעזעצט אין ווייכן שטול, לעבן פענצטער. אַ טראַכט געטאָן, אַז זי איז אויפן זיבעצנטן שטאָק און אַז דער שפּרונג אַרונטער וואָלט געווען שרעקלאַך. אָבער עס האָט אויף אַ רגע אַ ציִ געטאָן צום פענצטער. עס האָט זיך געוואָלט אויסמעסטן די הויך.

עס האָט זיך געוואָלט אומבאַדינגט אַראָפּקוקן צו דער גאַס. אַזוי האָט עס געצויגן. אויפגעשטאַנען און אַ קוק געטאָן. און גלייך צוריק אַוועקגעזעצט זיך. דער שווינדל איז געווען שטאַרק. און דאָך איז געווען אין דעם מאָמענט זייער לייכט אַרויסצושפּרינגען. ווייל וואָס שווער — איז איצט ניט געווען שווער. און דאָס, וואָס איז געווען לייכט, איז איצט אויך ניט געווען לייכט. ניט געקענט וויסן, וואו עס האָט זיך אָנגעהויבן דאָס שווערע און וואו עס האָט זיך אָנגעהויבן דאָס לייכטע. אָט האָט זי פון דעם מענטשן געקענט אַוועקגיין און אפשר פאַרגעסן אים, און דאָך האָט זי ניט געוואָלט אַוועקגיין.

פלוצלונג האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— טו זיך אויס.

דאָס מיידל האָט גלייכגילטיק אַ קוק געטאָן אַף אים פון דער זייט, אַ טראַכט געטאָן אַ ווײַלע. געזען, ווי ער האָט פון זיך גענומען אויסטאָן די אויבערשטע העמד. געזאָגט:

— כ'וועל זיך ניט אויסטאָן.

— וועסט זיך יאָ אויסטאָן. טו זיך אויס!

צוגעגאַנגען און מיט געוואַלד אָנגעהויבן זי אויסטאָן. געוואָלט מיט די אייגענע הענט אַנטבלויזן דעם מיידלשן קערפּער. געקראַכן מיט די גראָבע פינגער אין בוזים, געגראַבלט זיך אין דינעם זייד, אומפאָרזיכטיק און גראָב.

זי האָט אים אָפּגעשטויסן.

— לאָז אָפּ, וועסט צערייסן.

— כ'וועל ניט אָפּלאָזן.

זי האָט אים נאָך אַמאָל אָפּגעשטויסן. האָט ער אָנגעכאַפּט דעם זוים פון איר קלייד, אַרום האַלז, און אין רציחה, אַ ריס געטאָן. דער זייד האָט אַ געשריי געטאָן און פאַר די אויגן האָט אַ בלענד געטאָן נאַקעט לייב מיט צוויי בלייכע בריסטן, וואָס האָבן אַף אַ רגע אַ פלאַטער געטאָן און געבליבן אין שטומען אויסגעשריי, אומבאַוועג־לאַכע, פאַרשעמטע. און נאָר צוויי שוואַרצאַפּלען האָבן זיך, גליענ־דיק, איינגעשטאָכן אין די אויפגעפלאַמטע, שכורע און אַביסל דער־שראָקענע אויגן. אַזוי אַ לאַנגע, פאַרצווייפלטע רגע. געוואָלט אַ

וואַרף טאָן זיך אַף אים מיט ציין און נעגל, איינגראַבלען זיך און איינבייסן זיך אין פעטן לייב.

זיין פאַרלאַרנקייט האָט זי אָפּגעהאַלטן. צוגעשמידט צום אָרט. ער איז געווען בלייך און דערשראָקן, נאַריש און שולדיק געשמייכלט.

האָט זיך דאָס מיידל פאַררוקט טיף אין שטול און אַזוי געבליבן זיצן מיט די אַנטבלויזטע פּלייצעס און בריסט.

דעם סוחר האָט שטאַרק פאַרדראָסן. ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. ווי צו פאַרגיטיקן. ניט וויסנדיק פאַרוואָס, צוגעגאַנגען צום טיש, אָנגעגאָסן אַ גלעזל און צוגעטראָגן צום מיידל. יענע האָט ניט געקוקט אַף אים. ניט געוואָלט אומקערן דעם פּנים. האָט ער גע־שטופּט איר אין די אויגן דאָס גלעזל און געבעטן זיך:

— נו, פאַרגיב, מיידל. פאַרגיב!

און אַז יענע האָט נאָך אַלץ ניט אויפגעהויבן דעם קאָפּ צו אים, האָט ער זי אָנגענומען בא די הוילע פּלייצעס:

— דו פאַרגיב. און פאַרן קליידל וועל איך באַצאָלן. איך — וואָס? — איך וועל באַצאָלן.

זי האָט גענומען פון אים דאָס גלעזל און אויסגעטרונקען. דער בראַנפן האָט שאַרף און ביטער אַ ברען געטאָן אין איבערגעטרי־קנטן האַלז. זי האָט זיך פאַרהוסט. דער סוחר האָט אויך אויס־געטרונקען. אַריינגעקערט אין האַלז אַריין צוויי גלעזלאַך. און נאָכ־דעם האָבן זיי, שוין שווייגנדיקע, ניט אויפגעהערט צו טרינקען אַ גלעזל נאָך אַ גלעזל. און עס איז געווען מאָדנע, וואָס צוויי פרעמדע מענטשן האָבן אין דער נאַכט, אין פרעמדן צימער פון האָטעל, אָפּ־געריכט אָט־די אינטימע מאָן און פרוי באַציאונגען, געטרונקען בראָנפן אָן ווערטער און אָן פרייד.

ביידע האָבן אַ סך געטרונקען. באַם מיידל אין קאָפּ האָט גע־שווינדלט. די באַקן האָבן געפלאַמט פון אויפגעקאָכטן בלוט. עס האָט זיך אָבער געוואָלט מער בראָנפן. דער סוחר האָט אויסגע־ליידיקט איין פלאַש און אַרויסגענומען אַ צווייטע. אָנגעגאָסן מער און מער, אַזוי ווי מען וואָלט נאָך פריער געהאַט אָפּגערעדט אַזוי אָן אָפּשטעל צו טרינקען. ענדלאַך האָט זי זיך די ערשטע אָפּגעשטעלט און געזאָגט:

— דו ביסט א שווין. פארוואס האסטו צעריסן ס׳קלייד? האַ? זאָג? ביסט א שווין, אַט וואָס!

איר צונג האָט זיך שטארק געפּלאָנטערט. דער האַס איז אָבער געווען שטארק און זי האָט געקענט זאָגן וואָס זי האָט געוואָלט.

ער האָט געענטפערט:

— נו, צעריסן. ס׳איז גאָרניט. כ׳וועל באַצאָלן. צום טייוול! און דו, פּראָסטיטוטקע, שווייג! ביסט א הור, דארפסטו שווייגן. אז ניט —

זי איז אויפגעשפּרונגען:

— וואָס — אז ניט? זאָג, וואָס?!

האָט צוגעטראָגן איר פלאַמענדיקן פּנים צו זיינע אויגן און אריינגעקוקט אים גלייך אין די אויסגעלאָשענע שווארצאַפּלען אריין:

— זאָג, זאָג, וואָס?! וואָס?!

און אז יענער האָט ניט געענטפערט, האָט זי שוין ניט מיט איר קול, נאָר מיט עפּעס א פרעמדן, שכורן און כריפּעדיקן קול נאָך אַמאָל אויסגעשריען דריי מאָל:

— שווין! שווין! שווין!

און מיט א כח א שפּיי געטאָן אים אין פּנים.

ער איז געשטאַנען א צעטומלטער. ערשט אין א ווײַלע ארום דערמאָנט זיך און אָפּגעווישט מיטן ארבל דעם פארשפּיגענעם פּנים. א טראַכט געטאָן, ארויסגענומען פון קעשענע עטלעכע פּאַפּיר־בילעטן און צוגעטראָגן איר:

— נאַ! דאָס איז פאַרן קליידל און — — — און פאַר אלץ. און גיי! און גיי! כ׳וויל ניט. באַצאָלט, און גיי!

זי האָט געלאָזט פאַלן דאָס געלט אַפן דיל. געזעצט זיך אין שטול און ניט גערירט זיך פון אָרט.

ער האָט זיך מיט שווערקייט אייגעבויגן און אויפגעהויבן דאָס געלט. ארומגעקוקט זיך און, דערזעעדיק איר האַנט־טאַש אַפן טיש, גענומען ארײַנלייגן אין אים דאָס געלט. זי האָט עס באַמערקט און ווידער אויפגעשפּרונגען:

— טשעפּע ניט מיין האַנט־טאַש!

ס'איז שוין אָבער געווען שפּעט. ער האָט דערזען דעם סטיליעט און, פאַרוואונדערט, אָבער מיט אַן אויפגעלויכטן פּנים געזאָגט:

— כע! אַ סטיליעט!

זי איז צוגעלאָפן. אַרויסגעריסן פון זיין האַנט דעם סטיליעט. געזאָגט:

— טשעפּע ניט. ס'איז געווער.

— כע. אַ פרוי מיט געווער.

געלאַכט. געלאַכט. געהאַלטן זיך פאַר די זייטן.

די באַרירונג פון גלאַטן, אויסגעשליפטן שטאָל האָט אַ גלעט געטאָן איר האַנט. אַן אַנגענעמער געפיל האָט אַ ברי געטאָן דאָס האַרץ און זיך צוגאָסן איבער אַלע אברים. געוואָרן אַ מיטל צו שטאַרקערער שכרות. איז געווען אַ פרייד צו האַלטן אין האַנט. אַ נייע דרייסט האָט אַ לאָק געטאָן און פאַרטונקלט אַלע פאָרזיכטיקייטן. עס איז ניט געווען קיין געפאַר. ס'איז ניט געווען וואָס מען טאָר ניט. אַפילו די שנאה צום מענטשן איז אָפּגעשטאָרבן. די נייע שכרות האָט געזעצט אין קאָפּ אַריין ווי מיט האַמערן. ס'איז געוואָרן פרייליך. ס'איז געוואָרן גוט. געזאָגט:

— מיין געליבטענס סטיליעט. צוויי מענטשן האָט ער מיט דעם סטיליעט דערשטאָכן. פאַרשטייסט? צוויי מענטשן.

אירע אויגן האָבן אַ בליץ געטאָן:

— און דו מיינסט: מ'האָט אים פאַרזעצט? — ניט אים. גייט אַרום פריי אַף גאַטס וועלט און פייפט זיך אונטער. האָסט באַדאַרפט זען: אַ העלד. און מיך האָט ער ליב. גאָט, ווי ער האָט מיך ליב! אַז ער קומט צו מיר, טאַנץ איך פאַר אים אַ סטיליעט־טאַנץ. ווילסט זען?

ניט געוואַרט אַף קיין ענטפער. שטייף אַריינגענומען אין האַנט דעם סטיליעט און אַזוי, מיט אַנטבלויזטע פּלייצעס און בריסט, אַ האַלב איינגעהילטע אין צעריסענעם קלייד, אַ לאָז געטאָן זיך אין אַ ווירבלענדיקן משונהדיקן טאַנץ. אירע אויגן האָבן געשפּיזט פונקען. אין קאָפּ האָט געברענט אין העלישן פייער.

דער סוחר איז אַ ווײַלע געשטאַנען אין בייזער פאַרוואונדערונג און צום סוף זיך פאַרגאַנגען אין אַ געלעכטער. זיין בויך האָט זיך

געטרייסלט פון א קייכנדיקן געלעכטער. ער האָט זיך געוואַקלט, געקייקלט אַף אַלע זייטן. געוואָרגן זיך מיט דעם אייגענעם כריפּע־דיקן געלעכטער און מיט דעם טרוקענעם שפּייעכץ, וואָס האָט אַרויסגעשלאָגן אַף די אויפגעשפּאָלטענע ליפּן. און אַזוי, א קייכנדי־קער, מיט אויפגעבלאָזענע אָדערן אַפן פליכעוואַטן קאָפּ און מיט א רויטן, אָנגעשוואָלענעם פּנים, א לאַז געטאָן זיך נאָכיאָגן דאָס טאַנצנדיקע מיידל.

זי האָט אָבער צו לאַנג ניט געקענט טאַנצן. האָט זיך עטלאַכע מאָל געקענט אַרומדרייען איבערן צימער און מיט איין מאָל אָפּגע־שוואַכט געוואָרן פון ערשטן שטאַרקסטן אימפּעט. געמוזט אָנהאַלטן זיך אָן טיש, געכאַפּט זיך פאַר די שטולן און געזוכט אין דער לופטן אָן אָנשפּאַר, כדי ניט צו פאַלן. עס האָט איר ניט געסטייעט קיין אָטעם. א וואַקל געטאָן זיך און באַוואוסטלאָז, א פאַל געטאָן אַפן בעט. דער סטיליעט האָט נערוועז א קלונג געטאָן אַפן דיל, אַרויס־פאַלנדיק פון אירע הענט, און געבליבן ליגן אונטערן בעט.

דער סוחר האָט זיך מיט שווערקייט אויסגעטשוכעט פון גע־לעכטער. א טראַכט געטאָן א רגע און, א שווערער, גענומען קריכן אין בעט אַריין, צו דער פיבעריש־אָטעמענדיקער, ברענענדיקער מיידל.

אָבער דאָס מיידל האָט ניט געוואוסט. זי האָט קיין זאַך ניט געוואוסט. און עס האָט איר ניט געאַרט.

8

דאָס מיידל האָט זיך מיט ווייטיק אויפגעכאַפּט פון שלאָף. עס איז געווען א פריע שעה. אין האָטעל און אין דרויסן איז נאָך געווען זייער שטיל. די עלעקטריק האָט נאָך געברענט. און אין צימער איז געווען אומאָרדענונג. האָט זיך קוים געקענט דערמאָנען און פאַר־שטיין. דער קאָפּ איז געווען שווער און האָט וויי געטאָן. אין מויל האָט געברענט א ביטערקייט. די ליפּן זענען געווען טרוקן און האָבן זיך געשפּאָלטן.

האָט זיך אויפגעזעצט. לעבן איר איז געלעגן, מיטן פּנים אַרויף, דער סוחר און האָט שטאַרק געכראָפּעט. זיין מויל איז געווען אָפן.

ער האָט מיט שווערקייט געצויגן דעם אָטעם. די ברייטע נאָזלעכער האָבן, שווייסיקע, געציטערט, און אויף דעם ברייטן פּליך האָבן זיך געבלעזלט אויפגעלאָפענע שוויים־טראָפּנס. פון אים האָט געטראָגן אַ טוכלער ריח. אַ קוק געטאָן אויף אים, דעם שווייסיקן, און גלייך דערפילט, אַז זי אַליין איז שווייסיק־נאַס. דאָס צעריסענע קלייד האָט זיך געוויקלט און געקלעפּט ארום לייב, ווי אַ נאַסע שמאַטע. פון דעם איז געוועזן עקלדיק און עס האָט זיך געוואָלט ברעכן.

ניט געקענט אַריבערטראָגן זיין כראָפּן לעבן זיך. אַ שטאַרקן שטויס געטאָן אים אין זייט אַריין. ער האָט איבערגעכאַפּט דעם אָטעם, אַ בלאָז געטאָן איר אין פּנים אַריין אַ קנויל עפּושדיקע לופט און, ניט עפענענדיק די אויגן, ווידער געבליבן ליגן מיטן פּנים אַרויף. נאָך אַמאָל אַ שטויס געטאָן. און ווידער האָט ער זיך ניט אויפגעכאַפּט. איז זי אויפגעשטאַנען, אַריבערגעקראָכן איבער דעם אַנטבלויזטן, גלאַנציקן בויך פון שלאָפנדיקן. קריכנדיק, אומפאַרזיכטיק געשטויסן אים מיט די קני אין בויך און אין די זייטן, כדי אויפצואוועקן.

אַראָפּגעשפּרונגען און אינסטינקטיוו צוגעגאַנגען צום שפּיגל. איר פּנים איז איצט געווען מאָדנע לאַנג. די געשווירענע האָר זענען געשטאַנען אומנאַטירלאַך הויך, ווי אויפגעקאַמטע אין אַ משונהדיקער פריזור. זי האָט אַזש אַ שמייכל געטאָן אויף זיך, אָבער שוין געוואוסט, אַז דער שמייכל איז ניט אירער. אימיצער אַנדערש האָט עס אין איר אַ לאַך געטאָן און אויסגעקרימט איר פּנים אין אַ גרימאַסע.

אָפּגעקערט זיך. דערזען אויפן טיש די פלעשער. אַנגעפילט ס'גלעזל, קוים געקנוג געוועזן אָנצופילן אַ גלעזל. צוגעגאַנגען צום שלאָפנדיקן און אַ שטויס געטאָן:

— נאַ, טרינק!

יענער האָט בלויז שווער אַ זיפץ געטאָן. ניט אויפגעכאַפּט זיך. זי האָט ווידער אַ טרייסל געטאָן אים פאַר אַ פּלייצע:

— שטיי אויף, אָקס! פּעמפּיק! חזיר־פלייש!

דערפילט אַ היץ אין קאָפּ און אַ כעס. פּלוצלונג אַ גאָס געטאָן דעם בראָנפן אויפן אָפענעם, שווייסיקן בויך. קליינע העל־ברוינע

ריטשקעלאך האבן געגומען שטראָמען צו דער ברוסט, צו די זייטן און צו די אונטערשטע טיילן פון בויך. פון דעם איז געוועזן פריילאך און קאָמיש, ווי פון א קלוג שפּיצל. זי האָט הויך, אפן קול געלאכט. פריער פּשוט און נאכדעם מיט טרערן און א שלוכץ. און ניט גע־קענט אויפהערן. אזא מין לאכעדיקער געוויין איז דאָס געווען. און אזוי לאכנדיק, איז זי צוגעלאָפן צום טיש, אראָפּגעכאפּט א ליידיקע פלאש און געגומען גיסן דעם שלאָפנדיקן מענטשן אין אָפענעם מויל אריין די איבערגעבליבענע טראָפּנס.

ערשט ווען זי האָט אויפגעהערט צו לאכן, האָט זי דערפילט א שרעקלאכן אומעט. א ביטערער עלנט האָט זי ארומגעכאפּט ווי מיט הענט. עס האָט זיך ניט געוואָלט וויינען. עס האָט זיך ניט געוואָלט לאכן. דאָס פּנים איז פארגליווערט געוואָרן. ניט געוואָלט אויסלייגן זיך אין גרימאסן. און נאָר דאָס הארץ האָט, פאר זיך אליין, גע־שריען.

צוגעגאנגען צום סוחר:

— ווען שוין אמאָל אויפשטיין? שוויין!

ער איז געווען ווי א טויטער. עס איז א שרעק געווען מיט אים צו פארבלייבן אין צימער. זי האָט אים געגומען טרייסלען, ווערגן אים באם האלז, היסטעריש רופן אים מיט גוטע און מיט בייזע גע־מען. ער האָט נאָר שוואך געברומט און געלעגן ווי א שטיק גע־שוואָלן, אויפגעבלאָזן פלייש. זי האָט געזאָגט:

— נו, שטיי אויף! איך בין שוין אף דיר מער ניט אין כעס. זיי א גוטינקער, שטיי אויף. דו זעסט? — איך האָב מורא. איך האָב מורא.

זי האָט גערעדט אָט־די גוטע רייד און געפילט דעם ליגן און דעם אומעט. וואָס זיי האָבן באשאפן אין איר הארצן. אָבער זי האָט נאָך א ווייל גערעדט. און ווען דער סוחר איז נאָך פארבליבן ניט מער ווי א כראָפּענדיק, עפּושדיק שטיק פלייש, האָט זי צונויפגע־קראמפט אין האנט דעם גאָרגל פון א פלאש און מיט דער גאנצער קראפט אראָפּגעלאָזט די גראָבע דעק פון פלאש אף דעם גלאנציקן שלייף.

דער בויך פון שלאָפנדיקן האָט אַ צוק געטאָן. דער גאַנצער קערפּער האָט אַ צוק געטאָן. זי האָט עס זיכער באַמערקט. און גלייך האָט זי באַמערקט אויך אַ שוואַרץ־בלוטיקע לאָך אַף זיין שטערן, וואָס האָט אַ שפּריץ געטאָן מיט בלוט, ווי אַ פּענכער וואָלט געפּלאַצט און אויסגעגאָסן זיך. זי האָט נאָך קיינמאָל ניט געזען אַזוי פיל בלוט. און דער אָנזיכט פון בלוט איז געווען שרעקלאַך. שרעקלאַכער פון אַלץ אַף דער וועלט. עס האָט צונויפגעדריקט דאָס האַרץ און דעם גאָרגל אין ספּאַזמען. און ניט וויסנדיק פאַרוואָס, אונטערגעבנדיק זיך אַ באַצווינגענדיקן כח, האָט זי אויפגעהויבן די פלאַש נאָך עטלאַ־כע מאָל אַף דעם באַוואוסטלאָזן קאָפּ.

זי האָט זיך אָן כחות, צוגעשלעפּט צום שטול, צוגעדריקט ביידע הענט צום איינגעשוויגענעם האַרצן און פאַרגליווערט געוואָרן. זייער מורא געהאַט צו דערהערן אַ כראָפּן. זייער מורא געהאַט אַ קוק צו טאָן צום טויטן.

אין צימער איז געווען זייער שטיל. אומעטום איז געווען זייער שטיל. אַזוי ווי די גאַנצע וועלט וואָלט געשטאָרבן און וואָלט זי געלאָזן איינע אַליין מיט אַ טויטן אין דער הויך פון דעם זיבעצנטן שטאָק.

זי האָט זיך אויפגעהויבן און גענומען איילן זיך. אַרומגענומען, ווי געקענט, די האָר אונטערן הוט. צונויפגעקליבן אַרום די פּלייצעס דאָס צעריסענע קלייד און פאָרזיכטיק, ניט אומקוקנדיק זיך; אַרויס פון צימער.

אין קאָרידאָר האָט געברענט אַ טונקל ליכט. אין ווייטן עק פון קאָרידאָר האָט געקוקט מיט גרויען פאַרטאָגיקן ליכט דאָס פענצטער.

דער פאַרשלאָפענער ליפט־פירער האָט זי אָנגעקוקט אין שטו־מער פאַרוואונדערונג און זיך געלאָזט מיט איר צום אונטערשטן שטאָק.

מיט לאַנגזאַמע טריט אַרויס אויף דער שטילער, פרימאָרגנדיקער גאַס. אַ גלייכגילטיקייט האָט געשווערט דעם קערפּער. ס'איז געווען ניט גוט און ניט שלעכט. ס'איז געווען אַלץ איינס. ניט געווען קיין מורא און קיין חרטה אין האַרצן. עס האָט זיך נאָר געוואָלט צוגיין

## שנאה

צום ערשטן מענטשן און דערציילן אין שטילן אָטעם און מיט רואיקער שטים אַלץ, וואָס זי האָט געטאָן, און שוין נאָכדעם פאַר־געסן אַף אייביק. אַלץ פאַרגעסן.

אין האָטעל־צימער, אונטערן בעט, איז געלעגן, א פריילאַכער, דער סטילעט. געשטראַלט אַנטקעגן דעם אויפגייענדיקן טאָג מיט א דינעם, גרינעם פלעמל. געוואַרט ביז מענטשן וועלן קומען.

# דער אייגענער שיקזאַל

מיין אינגעלע, ישראליקן, אַ מתנה.

## 1

דאָס קינד איז געבאָרן געוואָרן אָטעמלאָז. עס איז געווען אַ היבשע ווײַלע טויט. און דער דאָקטאָר האָט באַדאַרפט שווער און פיבערהאַפט, אונטער די דערשראָקענע בליקן פון די עלטערן, אַר־בעטן צו ברענגען אים צום לעבן. און אויך דאַן איז נאָך דאָס קינד געווען ניט אינגאַנצן לעבעדיק. און עס איז געווען אַזוי ווי ער וואָלט זיך געוואַקלט צווישן טויט און לעבן און ניט געקאָנט באַ־שליסן צי ער זאָל אָננעמען דאָס לעבן, אָדער — ניט אָננעמען.

און אַז דאָס קינד האָט זיך אַ צאַפּל געטאָן האָט מען ערשט דערזען, אַז דאָס איז אַ אינגעלע. אַ קליין, שוואַך, בלייכלאַך אינ־געלע, אַזאַ וואָס האָט אויסגעזען מער ווי אַ קליינער, איינגעשרומ־פּענער אַלטיטשקער, ווי אַן ערשט געבאָרן קינד. די אייגעלאַך זיינע זיינען געווען אומקלאָרע, פאַרנעפּלטע, ניטדאָאיקע, האָבן עפּעס געקוקט אויף דער אַרומיקער וועלט, און ניט געקוקט, האָבן געזען און ניט געזען. ניין, דאָס קינד האָט נאָך ניט געלעבט!

ערשט שפּעטער האָט דאָס קינד דערפילט דאָס לעבן. עס איז פון אומקלאָרקייט אַרויסגעשוואומען און אומברחמנותדיק באַפאַלן. עס האָט געברענט אַ פּיינלאַך ליכט פאַר די אויגן, האָט געברענט און פאַרצערט, אין ווייטיקן, זיינע גלידער. דאָס קינד האָט קאָנוואולסיוו צוגעמאַכט די אויגן, געוואָלט באַהאַלטן זיך פון פלוצלאַכער פאַר־צערונג, אָבער דאָס ליכט האָט נאָך געברענט, געברענט אין אַלע גלידער, און ניט געוואָלט אויסגעלאָשן ווערן. און פון דעם איז שווער געווען צו ציען דעם אָטעם. און דאָס קינד האָט ניט געוואוסט וואָס דאָס איז. האָט עס געוואָלט שטאַרבן, אויסגיין,

אַוועקגיין פון לעבן. ראַטעווען זיך. אַוועקגעבן צוריק דעם ליכט דאָס ביסל ליכטיקייט, און אומקערן זיך צוריק צו פינצטערניש. אַוועקגעבן דער מוטער איר וואַרעמקייט, און, אַן אויסגעלייזטער — שטאַרבן.

אָבער דאָס ליכט האָט ניט צוגענומען צוריק דאָס ליכטיקייט, און די מוטער האָט ניט אָנגענומען די וואַרימקייט. און דאָס קינד איז ניט געשטאָרבן. אָבער דער טויט, וואָס איז אַריינגעקומען אין געבורט־צימער אינאיינעם מיטן קינד, איז געשטאַנען, אַ פאַרבאַר־גענער, אין אַ ווינקל און, אַ געדולדיקער, געוואַרט אויף דעם קינדס לעצטער רגע. און פון דעם האָט זיך אויסגעלייגט אַן אומרואיקייט אין די ווינקלען פון צימער, אויף די מעבל, אויף די ווענט און זאַכן, און אין מאָדנער פאַרלאָרנקייט האָבן מענטשן ניט געקאָנט אַריינקוקן אָפן איינער דעם אַנדערן אין די אויגן. און נאָר די מוטער האָט שטיל געוויינט און געבעטן יעדע רגע מ'זאָל איר צוטראָגן דאָס קינד.

און אַזוי זיינען פאַריבער די ערשטע עטלאַכע וואָכן. דאָס קניד האָט נאָך געלעבט, אָבער זיינע גלידער האָבן ניט געוואָלט וואַקסן. דאָס קינד איז נאָך געווען שוואַך, און נאָך אַלץ ניט געוואָלט קעגנשטעלן זיך דער שווערקייט, וואָס איז אים באַפאַלן פון דרויסן און פון אינווייניק. עס האָט זיך געבעטן מיט די מוטנע אייגלאַך מ'זאָל שוין אויסלעשן דאָס ליכט און אַראָפּ־נעמען די שווערקייט פון די גלידער און לאָזן אים רוען, רוען.

אָבער די, וואָס האָבן געלעבט, האָבן ניט געוואָלט הערן דעם געשריי פון קינד. זיי האָבן אים מיט געוואַלד איינגעהאַלטן ביים לעבן. זייער כח איז געווען שטאַרקער פונם קינדס ווילן, און דאָס קינד האָט זיך אונטערגעגעבן. ניט ווילנדיק — אָנגענומען דאָס לעבן. און נאָכדעם האָבן שוין די עלטערן דערציילט נסים, ווי זיי האָבן געראַטעוועט דאָס קינד, און ניט אויפגעהערט צו לויבן די דאָקטוירים, וואָס האָבן געטאָן דעם גרויסן וואונדער.

דאָס קינד איז לעבן געבליבן.

2

דאָס קינד איז נאָך קיין זעקס יאָר ניט אַלט געווען, און שוין געווען ווי אַ דערוואַקסענער, וואָס זעט אַלץ אַרום, און ווייס ניט וואָס דאָס איז. ער איז אַרומגעגאַנגען, אַ פאַרחלומטער, צווישן קינדער און ניט פאַרשטאַנען זייער פרייד און זייער אימפּעטיקייט, געווען אַ בלייכער, אַ פאַרטראַכטער, געקוקט מיט גרויסע, ברייט־געעפנטע אויגעלאַך און קיין זאַך ניט געזען. אַזאַ מאָדנער אינגל איז דאָס געווען. און פון וואָס ער האָט שטענדיק געטראַכט איז פאַר די דערוואַקסענע געווען — אַ געהיימניס. ער אַליין האָט נאָך ווייניקער געוואוסט פון וואַנען עס זיינען צו אים געקומען אַזוינע סודותדיקע געדאַנקען. ער האָט נאָר געפילט, אַז אימיצער, פאַר אים, האָט די געדאַנקען אָנגעהייבן שפּינען, און ער אַליין האָט נאָר באַדאַרפט נאָכשפּינען און נאָכוועבן. אָבער פאַרוואָס דאָס איז געווען אַזוי איז ניט געווען קלאָר.

און בכלל איז נאָך פאַרן אינגל קיין זאַך ניט געווען קלאָר. די געדאַנקען ניט קלאָר. דאָס לעבן ניט קלאָר. די געפילן ניט קלאָר. נאָר די מאַמע איז געווען קלאָר. קלאָר און ליכטיק. אירע אויגן זיינען געווען קלאָר. איר קול און אירע רייד זיינען געווען קלאָר. ער האָט זי געפילט אַלע מאָל לעבן זיך און אין זיך. ער האָט נאָר באַדאַרפט זאָגן: — מאַמע! און ער האָט זי שוין געפילט לעבן זיך, אפילו ווען זי איז געווען ווייט.

אָבער עס האָט ניט געשאַט דעם אינגל, וואָס די וועלט איז ניט געווען קלאָר. סיי ווי איז דאָס ניט געווען די אמתע וועלט, און אויך ניט דאָס אמתע לעבן. ערגעץ איז געווען אַן אַנדער לעבן און אַן אַנדער וועלט. ער האָט נאָך ניט געוואוסט — וואו, אָבער ער האָט שוין געוואוסט, אַז ווייט, ווייט, אהינטער לענדער און ימען איז דאָ אַן אַנדער וועלט. פון דעם האָט ער געהערט פיל וואונדערלאַכע מעשיות דערציילן. דער פּאַפּאַ האָט דערציילט, די מאַמע האָט דערציילט און אַלע האָבן ניט אויפגעהערט צו דער־ציילן. אויך זיינען די מעשיות געווען פאַרשריבן אין ביכער, און

די מאַמע האָט זיך געקאָנט אַוועקזעצן לעבן אים און אַרויסלייענען יענע וואונדערלאַכע וועלט פון די גלייכע שורות. און זי האָט געקאָנט לייענען מיט אַזאַ זינגענדיקער שטימע, אַזוי ריטמיש און זיס. זי פלעגט אים מיט איר לייענען אויפהייבן און אַוועקטראָגן אין די נעפלדיקע ווייטקייטן, אַריבער לענדער און ים׳ען. און ער האָט שוין אין זיך געפילט דעם אָנזאָג פון יענער וועלט, און ניט פאַרשטאַנען האָט נאָר דער אינגל פאַרוואָס זיין גוטע מאַמע און זיין גרויסער, קלוגער פאַפּאַ, האָבן זיך נאָך קיינמאָל ניט אַוועקגעלאָזן אין יענעם וואונדערלאַכן לאַנד פון אמתן לעבן. דאָס איז געווען מאָדנע. פלעגט זיך דער אינגל צוטוליען צו דער מאַמעס וואַרעמער ברוסט, פאַרשנדיק אַריינקוקן איר אין די אויגן און זאָגן:

— איז דאָס אמת וואָס דו האָסט מיר געלייענט? איז דאָס אַלץ אמת?

און די מאַמע פלעגט ענטפערן, גאָר ניט איבערטראַכטנדיק:

— ס׳איז אַלץ אמת, מיין קינד, זיכער אמת!

— טאָ פאַרוואָס זיינען מיר ניט דאָרטן? — דו, דער פאַפּאַ, איך?

די מאַמע פלעגט זיך שוין פאַרטראַכטן. אירע אויגן פלעגן ווערן טונקעלער, אומעטיקער. פון זיי פלעגט פאַרשווינדן די קלאָרקייט:

— אַז דו וועסט אויסוואַקסן, וועסטו וויסן. דו באַדאַרפסט נאָר אויסוואַקסן. אָ, אַז דו וועסט אויסוואַקסן וועסטו אַלץ פאַרשטיין און וויסן. דו וועסט בא מיר זיין אַ קלוגער, אַ געראָטענער, אַ העלדישער אינגל.

דער אינגל פלעגט זיך פאַרטראַכטן און זאָגן:

— וועל איך זיין אַ העלד, מאַמע?

— זיכער וועסטו זיין אַ העלד! און אַלע וועלן דיך אַזוי ליב האָבן, און אַלע וועלן באַוואונדערן דיין שיינקייט, דיין שטאַרקייט, דיין העלדישקייט.

— איז דער פאַפּאַ אַ העלד?

— יע, מיין קינד, דיין פאַפּאַ איז אַ העלד.

דאָס קינד פלעגט דאַן מיט זיכערקייט זאָגן:

— מאמע, איך וועל זיין א העלד!

— זיכער, מיין קינד, דו וועסט זיין א העלד!

— מאמע, איך האב דיך ליב! דיך און מיין פאפעלען, און מער קיינעם נים.

— מ'דארף אלעמען ליב האבן, מיין קינד.

— גוט, מאמע, איך האב אלעמען ליב. אלעמען, אלעמען!

און דאס קינד פלעגט זיך נאך מער צוטוליען צו זיין מאמען און שווייגן אזא מאדנעם, ניטדאאיקן שווייגן, אזוי ווי ער וואלט שוין דא ניט געווען, אזוי ווי ער וואלט געווען ווייט.

## 3

ניין, דאס איז ניט געווען די אמתע וועלט. די אמתע וועלט איז געווען ערגעץ. מ'האט זי באדארפט אויפזוכן און געפינען. מ'האט זיך באדארפט אוועקלאזן אין א וויטן וועג. מ'האט באדארפט קומען צו דער שיידונג פון צווייי וועגן, פון וועלכע איינער פירט לינקס און דער צווייטער — רעכטס, און מ'האט באדארפט אויסקלייבן דעם וואס פירט לינקס. און דאן פלעגן געבארן ווערן פאר די אויגן העלדן פון די מעשהלאך, וואס זיין מוטער האט פאר אים דערציילט און געלייענט. אזוינע הלעדישע אינגלאך, וואס האבן אויפגעטאן גרויסע זאכן, גאר אזוי ווי דערוואקסענע. אזוינע מאדנע אינגלאך, וואס האבן זיך געקאנט פלוצלונג אויפהייבן און אוועקלאזן זיך איבער דער וועלט זוכן פארבארגענע אוצרות, קעמפן מיט פייערדיקע שלאנגען, מיט שווארצע אונטערערדישע רויבפייגל, מיט ריזיקע דראקאנען און מכשפים. זיי האבן געקענט אריינרייסן זיך אין פארבארגענע פאלאצן, אין פארכשופטע שלעסער פון ריזן־קעניגן און באפרייען פון קייטן די איינגעשלאסענע פרינצעסנס. אלע העלדן האבן זיך ערגע אוועקגעלאזן. אלע האבן געזוכט זייער גליק און זייער אייגענעם שיקזאל. און אלע האבן אים געפונען. ווייל יעדער מענטש איז געבארן מיט זיין אייגן גליק און מיט זיין אייגענעם שיקזאל. דער מענטש איז דא, און זיין גליק — ערגעץ. דארף מען עס אויפזוכן און געפינען. מ'דארף לאנג און געדולדיק און העלדיש זוכן און געפינען.

און דערפאַר איז געווען גוט צו לעבן, און דערפאַר האָט דער אינגל געהאַט אַ זין אין זיין קליינעם לעבן, און אויך אַן אינהאַלט. און אַלץ איז געווען גוט. זיין מאַמע איז געווען די בעסטע מאַמע, און זיין פּאַפּאַ איז געווען דער בעסטער פּאַפּאַ. און גוט איז געווען וואָס דערוויל איז זייער שיקזאַל — זיין שיקזאַל, און זייער גליק — זיין גליק. אפילו זייער לעבן איז געווען — זיין לעבן. איז געווען לייכט צו לעבן.

און די וועלט איז אויך ניט געווען קיין מיאוסע. די זון איז געווען שיין, דער הימל איז געווען שיין. די בלומען אין גאָרטן זיינען געווען שיין. אפילו די פעלדער און וועלדער — אַלץ איז געווען שיין. און מ'האָט נאָר באַדאַרפט זיין אַביסעלע געדולדיק און וואַרטן ביז עס וועט קומען דער גרויסער טאָג און דאָס אמתע לעבן פון אַ העלד וועט באַהעפטן זיך מיט זיין לעבן. און דאַן וועט דאָס לעבן ווערן אַזאַ ווי אין די מעשיות.

יע, זיין לעבן האָט באַדאַרפט זיין אַזוי ווי אין די מעשיות.

איז דאָס קינד אַרומגעגאַנגען אַ פאַרקלערטער, אַ ניטדאַאיקער און געקוקט מיט פאַרטראַכטע אייגעלאַך אַריבער זאַכן און געבלאָנדזשעט אין פאַרנעבלטע און סודותדיקע ווייטקייטן.

מ'האָט נאָר באַדאַרפט זיין איין ביסעלע געדולדיק.

4

דעם אינגל איז אָבער ניט אויסגעקומען לאַנג צו וואַרטן. עס האָט פּאַסירט אַזאַ אויסערגעוויינלאַכע פּאַסירונג, אַזאַ צופאַל איז פּלוצלונג געקומען, וואָס האָט אים אַוועקגעשטעלט, גאָר אומדערוואַרטעט, מיטן פּנים פאַר דער צוקונפט, אַוועקגעשטעלט מיט אַמאָל און אומפאַרמיידלאַך, און דאָס וואָס איז געשען, האָט שוין געמוזט געשען.

אין הויז איז יעדן יאָר געווען אַ גרויסער יום־טוב. דאָס איז געווען דעם אינגלס געבורט־טאָג. אין יענעם טאָג איז דאָס הויז פול געווען מיט בלומען. אומעטום איז געווען אויסגעשפּרייט אַ פריידיקע יום־טובדיקייט. אַלץ האָט גערעדט פון גרויסער ליבע.

און מער פון אַלץ האָט געדערעדט „דער מאַמעס וואַזע". דאָס איז געווען אַ טייערע וואַזע וואָס די מאַמע האָט געקויפט דעם אינגל צו זיין ערשטן געבורטסטאָג. זי איז יעדן יאָר, אין דעם טאָג פון דעם אינגלס יום־טוב, אָנגעפילט געוואָרן מיט די טייערסטע בלומען. אין דער מאַמעס וואַזע זיינען געווען אַלע מאָל די בעסטע רויזן און די פּראַכטפולסטע ליליעס. און אַזוי איז עס אויך געווען אין דעם טאָג, ווען עס איז געפייערט געוואָרן דעם אינגלס זיבעטער געבורט־טאָג.

דאָס איז געווען נאָך מיטאָג. די סעודה איז שוין פאַריבער. די דערוואַקסענע און די קינדער־געסט זיינען זיך צוגאַנגען. די מוטער, אַ מידע, איז געווען פאַרנומען מיט ראַמען און אויפקלייבן די צעוואָרפענע שפּילצייג און זאַכן. דער פאָטער איז ערגעץ אַוועק. און דאָס קינד אַליין איז געווען שטאַרק פאַרנומען מיט דער גרוי־סער צאָל מתנות, וואָס ער האָט געקראָגן. צווישן די מתנות איז געווען אַ שווערדל מיט אַ רימענעם פּאַס, אריבערצוהיינגען אים אריבער דער פּלייצע, ווי בא אָפיצערן, וועלכער האָט אויפן אינגל געמאַכט דעם שטאַרקסטן איינדרוק. מיט אַזאַ שווערדל איז לייכט געווען צו באַזיגן די גאַנצע וועלט. מיט אַזאַ שווערדל האָט מען געקענט קעמפן און באַקעמפן אַלע אָפענע און פאַרבאָרגענע שונאים.

דאָס קינד האָט זיך ניט געקאָנט דערמאָנען ווי אַזוי זיין אויפ־מערקזאַמקייט איז פּלוצלונג אָפּגעצויגן געוואָרן פון שווערדל צו דער מאַמעס בלומען. די בלומען זיינען געשטאַנען אין „דער מאַ־מעס וואַזע" אויף אַ הויכן שיין־געשניצטן טישל. עפּעס האָט אים אַ צי געטאָן צו די בלומען און ער האָט זיך שוין נישט געקאָנט באַהערשן. ער איז אַרויפגעקראָכן אויף אַ שטול און גענומען באַ־טראַכטן די בלומען, יעדע בלימעלע באַזונדער.

די רויזן זיינען געווען שיין, און די ליליעס זיינען געווען שיין. אפשר נאָך שענער. די רויזן האָבן געהאַט אַזאַ רויטן קאָליר, אַזאַ רויט האָט ער נאָך קיינמאָל ניט געזען. עס איז געווען רויט און נאָך עפּעס, פאַרוואָס ער האָט ניט געהאַט קיין נאָמען. די לעפּעלאַך, יעדע באַזונדער, זיינען געווען אַזוי צאַרט, אַזוי סאַמעטיק־צאַרט, אַז דעם אינגלס דינע פינגער האָבן בשום אופן ניט געקאָנט דער־

גרונטעווען זייער צאַרטקייט, זייער גאַנצע צאַרטקייט. און אַזוי זיינען אויך געווען די ליליעס: ווייס און נאָך עפּעס, פאַרוואָס ער האָט ניט געהאַט קיין נאָמען. און עס איז אויך אַנגענעם געווען צו קוקן אויף זיי. אַזוי אַנגענעם, אַז עס האָט געשווינדלט אין ביסעלע אין קאָפּ פון גענוס. און דער אינגל האָט ניט געוואוסט ווי דאָס האָט פּאַסירט, אָבער ער האָט דייטלאַך דערפילט ווי די גאַנצע וועלט האָט זיך לייכט אַ שאָקל געטאָן. די וואַזע האָט זיך אַ וויג געטאָן און גענומען פאַלן מיט דער גאַנצער שווערקייט צו דער ערד. און אין אַ רגע אַרום זיינען שוין געלעגן אויף דעם דיל קאָלירטע שערבלאַך און עס האָבן זיך צווישן זיי געוואַלגערט אין אומאָרדענונג, אין אַ לוזשע ברוינעם וואַסער, די בלומען.

דער אינגל האָט כמעט פאַרלאָרן זיין באַוואוסטזיין, אָבער ער האָט נאָך געהערט דעם געשריי פון דער מוטער און געזען איר בלייכן פּנים און אירע דערשראָקענע אויגן, ווען זי איז אַריינגעלאָפן פון צווייטן צימער. און מער קיין זאַך ניט. און שוין שפּעטער, האָט ער דערפילט אויף זיך אירע הענט, וואָס האָבן אים שטאַרק געטרייסלט:

— וואָס האָסטו געטאָן?! וואָס האָסטו געטאָן?!!

דער מאַמעס הענט זיינען געווען אַזוי גרויזאַם און איר קול אַזוי שטרענג, אַז זי איז שוין מער ניט געווען זיין גוטע, מילדע מאַמע. זי איז געווען שרעקלאַך. זי האָט אויף אים ניט געהאַט קיין רחמנות. זי האָט אים ביטער געשלאָגן. אירע אויגן האָבן אים פאַרברענט מיט כעס.

אַז אַלץ איז געווען פאַריבער האָט זיך דער אינגל פאַרקליבן אין אַ ווינקל פון צימער און ביטער געוויינט. ניט געזען מער קיין זאַך פאַר די אויגן, אַ חוץ דער מאַמעס בייזן פּנים. און דאָס איז געווען אַזוי שרעקלאַך!

און דאָ איז אַריינגעקומען דער פאָטער. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף דער מוטער, אויף דער צעבראָכענער וואַזע, אויפן אינגל און איז שוין, ווי פון פריער אַ צוגעגרייטער, צוגעלאָפן צו אים און מיט עפּעס, שטאַרק און באַליידיקנדיק, געשמיסן.

דער אינגל האָט פון ווייטיק און שרעק געשריען און גערופן צו הילף די מאַמען, געבעטן זיך, אָבער די מוטער איז צו אים ניט געקומען. און אַז אַלץ איז געווען אָפּגעטאָן, זיינען די עלטערן ביידע אַרויס אין צווייטן צימער, איבערלאָזנדיק דעם אינגל, אַ ווייטיקן, אויפן דיל אַליין, מיט זיין שאַנד, מיט זיין ווייטיק און מיט זיינע טרערן.

אַלץ איז איצט געווען פאַרפאַלן. עס איז ניט געווען קיין האָפענונג און קיין אויסוועג. די וועלט איז געווען פינצטער. און עס האָט זיך בלויז געוואָלט וויינען, וויינען אָן אַן אויפהער. און ערשט, ווען די טרערן זיינען אויסגעטריקנט געוואָרן האָט דער אינגל דערפילט אין זיך אַזאַ רעגעדיקע באַדערפעניש אַרויסצוגנבענען זיך שטילערהייט פון הויז און אַוועקגיין. אַוועקגיין פון די עלטערן. אַוועקגיין און ניט קומען צוריק. אויף אַלע מאָל. אויף אייביק. ווייל עס האָט פּאַסירט עפּעס גרויסעס.

און עס האָט נאָך ניט געוואוסט, דער אינגל, וואָס עס איז געווען דאָס גרויסע אין דער פּאַסירונג, אָבער ער האָט שוין געפילט איר כוח. און ער האָט נאָך ניט פאַרשטאַנען, אַז עס ציט אים צום נייעם לעבן, און ער איז שוין געגאַנגען איז זיינע גרעניצן, אויף זיינע טונקעלע וועגן, צו זיינע אומקלאָרע ווייטקייטן. געגאַנגען, אַ דערשראָקענער, אַן אונטערטעניקער, דעם אייגענעם שיקזאַל אַנטקעגן.

און אַזוי איז דער אינגל שטיל אַרויסגעגאַנגען פון הויז. מיט זיך האָט ער בלויז דאָס שווערדל גענומען. מער האָט ער קיין זאַך ניט באַדאַרפט.

אין דרויסן איז געווען אָוונטלאַך. אָבער נאָך ניט נאַכט. דאָס וועטער איז געווען מילד, די ווייטקייט — פול מיט קלאַנגען. אַזוי ווי פון דאָרטן, פון אַריבער הייזער און טורעמס, וואָלט זיך געטראָגן אַ געזאַנג. אַ מאָדנער געזאַנג אַזאַ וואָס האָט זיך געהערט און ניט געהערט. געווען און ניט געווען. אָבער אַזוי שטאַרק גערופן און געשריען אין די בלוטן, אַז דאָס קינד איז שוין געגאַנגען אים אַנטקעגן, ווי אַ באַצוואונגענער.

אַזוי איז דאָס קינד אַוועק אַליין זוכן זיין אייגענעם שיקזאַל.

5

דער ווייטיק פון דער באַליידיקונג איז שוין כמעט אינגאַנצן פאַרשוואונדן פון דעם אינגלס האַרצן. עס איז אויך ניט געווען קיין שנאה צו דער מאַמען, צו דעם טאַטן. פאַרקערט, עס איז געווען זייער לייכט אויפן געמיט, אַזוי לייכט, אַז ס'האָט זיך געוואָלט וויינען. בלויז גוטסקייט און פאַרגעבונג האָט אָנגעפילט זיין ברוסט, גוטסקייט און פאַרגעבונג. און דאָך איז גוט געווען צו טראַכטן פון די עלטערן וואָס וועלן זיך כאַפּן, אַז ער איז ניטאָ און וועלן, דער־שראָקענע, ארומזוכן אים אומעטום, אין הויז און אין דרויסן, און וועלן ניט געפינען, קיינמאָל ניט געפינען. און ער אַליין וועט זיין ווייט, לעבן זיין אייגן לעבן און זוכן זיין אייגן גליק. און פון דעם איז פּלוצלונג פול געוואָרן דעם קינדס האַרץ און עס האָט זיך געוואָלט וויינען פון רחמנות אויף דער מאַמען, אויף דעם טאַטן און אויף זיך אַליין. ער האָט קוים איינגעהאַלטן די טרערן, און אומבאַוואוסטזיניק געזאָגט, כמעט ניט הערנדיק די אייגענע ווערטער:

— מאַמעלע! מיין מאַמעלע! פּאַפּעלע, מיין פּאַפּעלע!

און גלייך פאַרגעסן, אַז ער האָט עס געזאָגט. ווייל ער איז געווען זייער מיד פון גיין. ער איז שוין געגאַנגען מעכאַניש. אַרום אים איז געווען פינצטער. די נאַכט האָט זיך אַראָפּגעלאָזט פון הימל און דער אינגל האָט ניט געוואוסט צי ער זאָל מורא האָבן, צי ניט. אַלע מאָל האָט ער זייער מורא געהאַט פאַר פינצטערניש. אפשר האָט ער אויך איצט מורא געהאַט, אָבער ער האָט עפּעס ניט גע־פילט אַזוי די מורא אין זיך. איז ער געגאַנגען ווייטער, ווייטער אין דער נאַכט אַריין.

ער איז שוין לאַנג געווען הינטער דער שטאָט, און געדריינקט, אַז ער גייט נאָך אויף אירע גאַסן. ער האָט שוין לאַנג פאַרלאָרן דעם וועג, און נאָך אַלץ געדריינקט, אַז דער וועג איז דער ריכטיקער. און ער גייט צו דעם אומסלאָרן און דאָך זיכערן ציל. עס איז בלויז געווען אַ גרויסער חידוש, וואָס אַרום איז געווען אַזאַ שטילקייט.

אזוי ווי די וועלט וואָלט געשטאָרבן. אזוי ווי די נאַכט וואָלט אַרומ־געגאַנגען איבער דער וועלט און וואָלט מיט טונקעלע פינגער אויס־געלאָשן די קלאַנגען. און ער איז געווען אליין אין דער פינצטערניש, אליין אין דער נאַכט. אַ קליינער, אליין, איז ער געגאַנגען און גע־גאַנגען, קיין זאַך ניט געזען, קיין זאַך ניט געהערט און נאָר מיט שוואַכע פינגערלאַך געדריקט צו זיך דעם שווערדל, געקלאַמערט זיך אין אים ביז ווייטיק.

עס איז ניט געווען קיין מורא, אָבער עס איז געווען שרעקלאַך. עס האָט געשטיקט דעם אָטעם, דאָס האַרץ האָט געקלאַפּט, גע־קלאַפּט, פון מידקייט, פון שרעק און פון נאָך עפּעס. ער איז געווען אויף אַ ברייטן פעלד, און די טרוקענע גראָזן האָבן שטאַרק גע־שמיסן איבער די הענט, איבערן פּנים און געפּלאָנטערט די פיס, געריבט די כוחות, און דער אינגל האָט ווייטער ניט געקאָנט גיין. די ערד האָט אים געצויגן צו זיך. זי האָט געצויגן יעדן גליד זיינעם. דערפאַר האָט דער אינגל געוואָלט צופאַלן צו דער ערד און וויינען. מער קיין זאַך ניט: — אוועקלייגן זיך אויף דער ערד, וויינען און רופן די מאַמען.

ער האָט זיך שוין געמוזט אונטערגעבן. די וועלט איז געווען גרויס און פינצטער און ער איז געווען איינער אליין קעגן איר. איינער אליין אין איר. אַ קליין ליכטיק פינטעלע. איז ער געפאַלן און גלייך אָנגעהייבן וויינען:

— מאַמע!

און ווי דער אינגל האָט אויסגעשריען אָט דאָס איינציקע וואָרט קלאָגעדיק אין דער גרויזאַמער נאַכט אריין, האָט ער זיך שוין ניט געקאָנט איינהאַלטן פון אַ היסטערישן געשריי צו דער ערד און צום הימל:

— מאַמע! מאַמע! מאַמעלע!

אַלע ווערטער זיינען געוואָרן איין וואָרט אין זיין האַרצן און אויף זיינע ליפּן:

— מאַמע! מאַמע! מאַמעלע!

אָבער שרעקלאַך איז געווען, וואָס אפילו דאָס וואָרט, דאָס איינציקע, איז אויך לעבן אים געפאַלן מאַכטלאָז און געשטאָרבן,

ניט דערהערט. די ווייטקייט האָט ניט אויפגענומען זיין רוף. די פינצטערניש איז געווען, ווי אַ וואַנט, צווישן אים און זיין היים. און קיינער האָט אים ניט געהערט. קיינער.

האָט זיך דער אינגל צוגעטוליעט צו דער ערד און געוויינט שטיל און הכנאהדיק, אַזוי מאָדנע רחמנותדיק, מיטן פּנים צו דער ערד. געוויינט, און ניט געוואוסט, אַז די שטאָט איז געווען נאָענט, אָט נאָר איבערשפּאַנען דעם בערגל, און אַז נאָענט איז געווען די מאַמע און דער טאַטע און די גוטע היים, און אַז עס איז געווען אַרום אים אַ גרויסע האָפענונג. די שטאָט איז איצט געווען וועד ווייס ווי ווייט. זי איז אַפילו ניט געווען קיין ווירקלאַכקייט. זי איז געווען אַ פאַרגעסענער חלום. זי איז אפשר אַמאָל געווען און איצט איז זי ניט געווען. און נאָר די מאַמע איז געווען, האָט געמוזט זיין, ווייל ער איז געווען, און ער קאָן ניט זיין אָן דער מאַמען. זיין וועלט איז — ער און די מאַמע.

— מאַמע, מאַמע! מאַמעלע!

און די נאַכט איז געווען — נאַכט. זי האָט געשוויגן — פאַר־שוויגן, פאַרדעקט און פאַרבאָרגן. געאָטעמט מיט פייכטקייט און קעלט. צונויפגערוקט זיך מיט שווארצע ווענט אַרום דעם פאַרלאָ־רענעם, אוועקגעשטעלט זיך איבער אים, אַ ריזיקע, און געקוקט מיט שטאַרע, גלייכגילטיקע אויגן אויף זיין צאַפּלדיקן גופל, אַ קאַלטע און אומבאַוועגלאַכע. ניט אוועקגעגעבן דעם הימל זיין געוויין און זיין רוף. פאַרשוויגן.

די ערד איז געוואָרן קאַלט. פון הימל איז צו דער ערד געפאַלן אַ קעלט און אַ פייכטקייט. דעם אינגל האָט אריינגעוואָרפן אין אַ קעלט. ער האָט געציטערט, געטוליעט זיך צו דער ערד, ווי ער וואָלט אין איר געזוכט וואַרעמקייט און געקלאַמערט מיט די שוואַכע פינגערלאַך דאָס שווערדל און נאָך אַלץ ניט אָפּגעקערט זיין פּנים פון דער ערד. ס'איז געווען אַ גרויסע מורא אַ קער צו טאָן דעם קאָפּ אָן אַ זייט, אָדער אַ קוק טאָן צום אימהדיקן הימל. ווייל אַרום זיינען שוין געשטאַנען, גרייטע, די נאַכטיקע מאָנסטערס: שוואַרצע רויב־פייגל, ריזיקע דראַקאָנען און שלאַנגען און טונקעלע, נאָך קיינמאָל ניט געזעענע חיות. פון גרויסער אימה האָט דעם אינגלס

האַרץ געוואָלט פּלאַצן. און נאָר אימיצער אין אים, אַ פאַרעקשנ־טער, האָט ניט אויפגעהערט צו רופן די מאַמען:

— מאַמע, מאַמע! מאַמעלע!!

האָט ער נאָך געלעבט. געלעגן מיטן פּנים אַראָפּ, שוין אַליין ניט הערנדיק דאָס געוויין אין זיך, און געצאַפּלט זיך אין טויטקייט און קעלט, ווי עס צאַפּלט זיך אַ קליין פאַרבלאָנדזשעט קראַליקל אין אַ קאַלטער נאַכט ערגעץ אויף אַ פרעמדן באַרג.

## 6

און ניט געוואוסט האָט דער אינגל, ווען און ווי אַזוי עס איז געקומען דער שלאָף. געקומען, און פאַרוויגט אין פאַרגעסונג דאָס קליינע לעבן זיינס. און עס זיינען פאַרשוואונדן די דראַקאָנען און שלאַנגען און פייגל. און די נאַכט אַליין, איז שוין געשטאַנען, ווי אַ מאַמע, איבער אים און געהיט ביז אין פרימאָרגן אַריין זיין שווערן אָטעם און געוואַכט איבער זיין שוואַכן לעבן.

און דער פרימאָרגן איז געווען אַזאַ ליכטיקער. ניט געווען קיין וואָלקנדל אויפן הימל. די לופט איז געווען פריש. אין איר האָבן זיך ארומגעטראָגן מעלאָדישע קלאַנגען. אַזאַ געזאַנג, וואָס האָט זיך פון ערגעץ אויפגעהייבן און פאַנאַנדערגעלאָפן זיך אין אַלע ריכ־טונגען מיט זינגענדיקע כוואַליעס, ווי ליכטיקע בשורות וואָלטן געאיילט פון די הימלען צו דער אויפגעוואַכטער ערד. די זון האָט אַלץ ארומגענומען מיט ליבע.

און נאָר דאָס שלאָפנדיקע אינגעלע האָט ניט געוואָלט אויפ־וואַכן. אַזוי ווי ער וואָלט מורא געהאַט צו קומען צום באַוואוסט־זיין. זיינע גלידער זיינען געווען אין פיבער. דאָס קערפּערל האָט אינעווייניק געברענט. אָבער פון דרויסן האָט זיך עס ניט געקאָנט דערוואַרעמען. געציטערט פון אַזאַ קעלט, אויף וועלכער אפילו די זון האָט ניט געהאַט קיין שליטה. ער האָט שווער און פיבערדיק געאָטעמט. זיין ברוסט האָט זיך שנעל געהייבן. די ליפּן האָבן זיך באַוועגט אין גרימאַסן. די אויגן־דעקלאַך האָבן געציטערט, ווי

זיי וואָלטן זיך וועלן עפענען, און ניט געקאָנט. עס האָט גענומען לאַנג ביז דאָס קינד האָט געעפנט די אויגן:

— מאַמע!

ער האָט דאָס אַרויסגעשריען, און גלייך דערפילט אַ ווייטיק אין אַלע גלידער. געוואָלט זיך אויפהייבן און ניט געקאָנט. האָט ער זיך אויסגעצויגן מיטן פּנים צו דער זון און אַזוי פאַרגעסן זיך אַ ווײַלע. ניט געקאָנט באַנעמען וואָס עס איז געווען אַרום, נאָר געפילט שווערקייט און ווייטיק אין יעדן גליד.

פייגעלאַך האָבן געצוויטשערט. הענער האָבן ערגעץ געקרייעט, רעדער האָבן זיך געקייקלט אויף אַ שטיינערנעם וועג. און דער אינגל האָט ניט געוואוסט וואָס דאָס איז. און אַזוי איז ער געלעגן לאַנג — לאַנג, ביז עס איז געקומען אַ געדאַנק אין קאָפּ אויפצוהייבן זיך און גיין.

האָט זיך דער אינגל אויפגעהויבן אויף די שוואַכע פיסעלאַך און גענומען וואַקלען יצווישן די הויכע גראָזן. ער איז געווען ווי אַ בלינדער. געגאַנגען, און ניט געזען פאַר זיך די וועלט. געגאַנגען און ניט געוואוסט, אַז ער גייט. און נאָר אין בלינדער עקשנות, געגאַנגען פאָראויס ביז ער האָט אָנגעטראָפן דעם ערשטן מענטשן, אַ פּויער אויפן פעלד, וואָס איז אים געקומען אנטקעגן. האָט דער אינגל נאָך ניט קלאָר פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז אַ מענטש, אָבער שיין דערפילט, אַז די כּוחות לאָזן זיך אויס. האָט ער, אָן שרעק און איבערראַשונג, אַ קוק געטאָן דעם מענטשן אין די אויגן אַרײַן, און איז געפאַלן אין טיפער חלשות.

דער פּויער איז געשטאַנען אַ ווײַלע איבערראַשט איבערן אינגל און ניט געקאָנט פאַרשטיין: געקומען אַ אינגל פון פעלד, אַ קוק געטאָן אף אים מיט מאָדנע אויגן און אַנידערגעפאַלן. האָט דער פּויער אויפגעהויבן דעם אינגל און אף די הענט אַוועקגעטראָגן אים צום וועג. דאָרט האָט ער אים איבערגעגעבן אין די הענט פון אַ פאַרבייפאָרער אין אַן אויטאָמאָביל, וואָס האָט אים אָפּגע־פירט אין שטאָטישן שפּיטאָל. און דאָרט האָבן דאָקטוירים אַ גאַנצן טאָג געאַרבעט איבער אים, געאַרבעט און געטרייסט די איבערגע־שראָקענע עלטערן, אַז עס וועט אַ נס געשען און זייער אינגעלע

וועט געזונט ווערן. און עס האָבן נאָך געוואַרט די עלטערן אַף נסים. ווייל עס האָט נאָך אַמאָל באַדאַרפט פּאַסירן דער גרויסער וואונדער פון דער מאַמעס ליבע.

7

און אין אָוונט איז שוין דער אינגל געלעגן אין זיין צימער, אין זיין אייגן ציכטיק און באַקוועם בעטל. זיינע שוואַכע גלידער האָבן גערוט אַף דעם ווייכן בעטגעוואַנט פון ווייכסטן פּוך, אַף דעם ווייסן וועש פון ווייסעסטן לייוונט. און איבער אים איז געהאַנגען אַ ליכט, געטונקט אין די רואיקסטע קאָלירן פון בלאָ.

אָבער שווער און פרעמד איז געווען פאַרן אינגל די לופט פון אייגענעם צימער. און האַרט איז געווען דער איינענער געלעגער. און עס האָט ניט באַרואיקט די ווייסקייט פון וועש און בלאָקייט פון אַבאַזשורן. ווייל עס איז געשטאַנען אין צוקאָפּנס אַ געשטאַלט, וואָס האָט ניט געהאַט קיין פּנים און קיין שיינקייט. געשטאַנען און געוואַרט, פאַרעקשנט און געדולדיק. און עס האָט ניט פאַר־שטאַנען, דער אינגל, אַף וואָס דאָס געשטאַלט האָט געוואַרט. אָבער עס איז שווער געווען דעם אינגל זיין וואַרטן, און אומערטערגלאַך — זיין געדולדיקייט. האָט דאָס קינד געהאַלטן די אויגן צוגע־מאַכט, געטוליעט זיך אין ווייסן קישן און ניט געוואָלט זען דאָס געשטאַלט.

און לעבן אים איז געזעסן די מאַמע זיינע, געזעסן אין צופוסנס, און מיט אַ וויינענדיקן האַרצן דערציילט פריילאַכע מעשהלאַך. דאָס האַרץ האָט געוויינט, אָבער די אויגן האָבן געלאַכט און די ליפּן האָבן געשמייכלט. און נאָר די שטימע האָט זיך ניט געקאָנט באַקליידן אין געמאַכטער פרייד און האָט אויסגעזאָגט דעם סוד פון פאַרבאָרגענער מורא.

און עס האָט דערציילט די מאַמע וועגן אַ פּרינצעסן, וואָס איז געווען איינגעשפּאַרט אין אַ קרישטאָלענעם פּאַלאַץ, ערגעץ אין אַ ווייטן לאַנד, אַ פּרינצעסן מיט אַ גאָלדן האַרץ און אויגן ליכ־טיקע, ווי דימענטן. און וועגן אַ העלדישן פּרינץ, וואָס איז געריטן

אַף זיין געטרייען פערד, וואָס האָט געקאָנט פליען שנעלער פון א פייל־פון־בויגן. און עס האָט געריטן דער העלדישער פרינץ אַף זיין געטרייען פערד איבער טונקעלע וועלדער און ריזיקע בערג, ארומ־געזוכט די פרינצעסן מיטן גאָלדענעם האָריז און ניט געקאָנט גע־פינען. און עס האָט געקעמפט דער העלדישער פרינץ מיט דונערן און מיט בליצן, מיט ווילדע חיות און גיפטיקע שלאַנגען און עקדישן אַף דער ערד און מיט רויב־פויגל — און דערלופטן.

און אין פאַלאַץ איז געזעסן, אַן איינגעשפּאַרטע, די פרינצעסן מיטן גאָלדענעם האָריז און מיט אויגן ליכטיקע, ווי דימענטן, געזעסן און געוואַרט אַף איר פרינץ. אויסגעבענקט איר האָריז און אויס־געקוקט אירע אויגן אַף זיין קומען.

— און אָ, זאָל זי נאָר זיין געדולדיק, די שיינע פרינצעסן! ער וועט קומען צו איר, דער העלדישער פרינץ און וועט זי באַפרייען. און זאָל זי ניט פאַרצווייפלען, ווייל עס וועט באַזיגן, דער פרינץ, אַלע זיינע שונאים, מיטן שאַרף פון זיין שווערד אַף דער ערד און אינדערלופטן.

און עס האָט דערציילט אַזוי די מאַמע פון וואונדער איבער וואונדער און פון נסים איבער נסים. און ער האָט געהערט דורכן חלום פון וואָר אירע רייד. געהערט און ניט דערהערט, געזען און ניט דערזען. גענומען מאַמעס רייד און ניט באַנומען. און עס איז ניט געווען אַזוי זים דער מאַמעס גוטע שטימע. און עס האָבן זיך גע־קלעפּט אין אוממעבטיקייט די אויגעלאַך און עס האָט ניט אויפגע־הערט צו פיבערן די ברוסט און עס האָט געשלאָגן מיט ווייטיק אין די שלייפן דאָס בלוט. און עס האָט זיך געוואָלט שטאַרבן.

און אַזוי איז געזעסן אַ גאַנצע נאַכט די מאַמע צופוסנס פון איר קראַנקן אינגעלע און געוואַכט איבער זיין יעדן אָטעם, איבער זיין יעדן ריר. און אַזוי איז געשטאַנען אַ גאַנצע נאַכט איבערן קינדס צוקאָפּנס דאָס פאַרבאָרגענע געשטאַלט, אָן אַ פּנים און אָן שייקייט, און געוואַכט איבער דעם קינדס יעדן אָטעם און איבער זיין יעדן ריר.

און שוין צו אינדערפרי איז געשטאָרבן דאָס אינגעלע. און דער נס, וואָס האָט נאָך אַמאָל באַדאַרפט פאַסירן האָט ניט פאַסירט.

## דער אייגענער שיקזאַל

די דאָקטוירים האָבן געזאָגט, אַז דאָס קינד איז געשטאָרבן פון אַ לונגען־אָנצינדונג. פון אַ שווערער פאַרקילונג. אָבער דאָס איז ניט געווען דער אמת. דער אמת איז אויף אייביק געבליבן ניט אַ דערקענטער. ווייל קיינער האָט ניט געוואוסט און ניט פאַר־דעכטיקט, אַז דער אינגל האָט בלויז געפונען זיין אייגענעם שיקזאַל.

# באַרק

(נאָוועלע)

.1

אַזאַ מענטש איז געווען באַרק: מ'האָט אים ניט ליב געהאַט. באַ דער ערשטער באַגעגעניש האָט מען אים פיינט באַקומען. אפשר פאַר זיין מיאוסן פּנים מיט די גרויע אויסגעלאָשענע אויגן, און אפשר פאַר דער שטומער פאַרעמדקייט, וואָס האָט פון אים אָפּגע־שלאָגן. זיין פאַרעמדקייט איז געווען אַן אָפּשטויסנדיקע, אַ דער־ווייטערנדיקע. ער האָט געשוויגן, און פון אים האָט אַרויסגעשריען אַ קללה. און אַז מ'איז פון אים אַוועק, האָט זיך נאָך אַלץ געדוכט, אַז ער שטייט פון הינטן און שעלט מיט ביטערע קללות. ער אַליין איז צווישן מענטשן געווען ווי אַ לעבעדיקע קללה. ער האָט שטום דערמאָנט פון ביטערער אָרימקייט, פון פאַרבאָרגענעם האַס און איינגעהאַלטענעם צאָרן. די, וואָס זענען געווען אומגליקלאַך, זענען דורך דער באַגעגעניש מיט אים נאָך אומגליקלאַכער געוואָרן. די, וואָס האָבן זיך אַרומגעטראָגן מיט האַס אין זייערע הערצער, זענען דורך דעם בליק פון זיינע אויגן נאָך בייזער און שנאהדיקער געוואָרן.

און אַזוי איז באַרק געווען, אַ פאַרעמדער צווישן מענטשן. קיינער האָט ניט געוואוסט פון וואַנען ער איז געקומען און וואָס עס איז געווען זיין אָפּשטאַמונג. מ'האָט נאָר געוואוסט זיין נאָמען — באַרק. אפילו באַרק אַליין האָט, צוליב עפּעס אומבאַקאַנטע אורזאַכן, געהאַלטן זיין אָפּשטאַמונג פאַר אַ סוד. אפשר דערפאַר, וואָס זיין פאָטער איז געווען אַ איד מיטן נאָמען ברכהן און די מוטער — אַ אירלענדישע, וואָס דאָס אַליין וואָלט אַרויסגערופן באַ מענטשן אַ געלעכטער, און אפשר האָט ער קיינעם ניט געוואָלט דערציילן וועגן זיך צוליב פּשוטער עקשנות: מענטשן האָבן ניט

געוואוסט, טאָ זאָלן זיי נאָך מער ניט וויסן. מענטשן האָבן אים פיינט, טאָ זאָלן זיי אים נאָך מער פיינט האָבן.

און פון דעם, וואָס קיינער האָט ניט געוואוסט ניט זיין אָפּ־שטאַמונג און ניט זיין אמתן נאָמען, איז געווען גוט. עס איז שטענדיק געווען אַ פרייד צו טראַכטן, אַז אָט גייט ער אַרום אַף דער וועלט צווישן מענטשן און איז איינער אַליין. אַז ער וויל, איז ער אַ איד. און אַז ער וויל, איז ער ניט קיין איד, אַן אירלענדער. און אַז ער וויל, איז ער ביידע ניט, נאָר עפּעס ביידע אינאיינעם, גאָר אַן אַנדער מענטש. אַ סוד. עס האָט זיך אים אַלע מאָל געוואָלט לאַכן פון דעם מענטשן, דעם נייעם, אין אים. ס'איז געווען טשיקאַווע, וואָס ער איז ער און ניט ער. אָבער נענטער צו זיין האַרצן איז אַלע מאָל געווען דער איד אין אים. עס איז גאָר געווען מאָדנע, וואָס דעם פֿאָטערס אָנבליק איז כמעט אינגאַנצן פאַרגעסן געוואָרן. האָט דער־פאַר יעדער איד געטראָגן דעם פאָטערס אָנבליק. איז יעדער איד געווען נאָענט צום האַרצן. דער אידישער שיקזאַל איז געווען — זיין שיקזאַל. עס האָט זיך אים געדוכט, אַז ער האָט ניט קיין היים און איז פאַרוואָגלט, ווייל אידן האָבן ניט קיין היים און זענען פאַר־וואָגלט. ער האָט ניט געהאַט קיין צובונד צום לעבן, ווייל אידן זענען צו קיין זאַך ניט געבונדן, אין קיין זאַך ניט איינגעוואָרצלט. און דערפאַר האָט אויך פּאַסירט, אַז אין די שווערע מינוטן פון זיין לעבן האָט ער געשאָלטן זיין פאָטער, דעם אידן, און זיין אָפּשטאַמונג. אין האַרצן האָט דאַן געברענט אַ שנאה צום גאַנצן אידישן פאָלק. עס האָט זיך געוואָלט ארויסגיין אַף דער גאַס און אויסגיסן די גאַנצע בייזקייט אַף דעם ערשטן אידן, וואָס וועט קומען אַנטקעגן.

אָבער אין די באַזונדערע דערהויבענע מינוטן פון זיין לעבן האָט ער ליב געהאַט צו זיין צווישן אידן. ער פלעגט זיך אוועק־שטעלן לעבן אַ אידישער קראָם, צוקוקן זיך צום אידישן קרעמער און צו די אידישע קונדן. דער איד איז געווען אַ סוד. דער קונד — אַ סוד. און ער אַליין, לעבן זיי, אויך אַ סוד.

נאָר איין מאָל האָט מיט אים פּאַסירט עפּעס, וואָס האָט אים אַף אַ לאַנגער צייט דערווייטערט פון אידן. אַזוי שטייענדיק אין געוועלב באַם אידן, האָט ער זיך, אפשר גאָר אומבאַוואוסטזיניק,

אַרויסגערעדט, אַז ער איז אַ איד. ער האָט געזאָגט, און גלייך פאַר־שטאַנען, אַז ער האָט זיך אַליין ביטער פאַרראַטן. אָבער ווען דער איד האָט אים אָנגעקוקט פאַרוואונדערט, האָט ער נאָך אַמאָל, מיט אַ שולדיקער מינע, אַרויסגעזאָגט:

— יאָ, איך בין אַ איד.

דער איד האָט אים אַ צווייטן מאָל אָפּגעמאָסטן מיט די אויגן:

— וואָס זאָגסטו?

— איך זאָג: איך בין אַ איד.

— דו — אַ איד?!

— יאָ. אַ איד.

דער איד האָט זיך באַליידיקנדיק פאַנאַנדערגעלאַכט. פון אָנהויב שטילערהייט, מיט אַן איינגעהאַלטענעם כי־כי־כי! און נאָכדעם — ברייטער און ברייטער. ער האָט זיך אַזש געהאַלטן באַ די זייטן לאַכנדיק, און דערצו געמאַכט מאָדנע איראָנישע גרימאַסן:

— זע, ווער עס איז אַ איד!

באַרק איז געשטאַנען אַ פאַרלוירענער. צום האַלז איז צוגע־לאָפן אַ ביטערער פאַרדראָס אויף דעם מענטשן, וואָס האָט אַזוי ביליק אויסגעשפּאָט זיין סוד. אַ כעס האָט אַ ברען געטאָן דאָס האַרץ, זיינע אויסגעלאָשענע אויגן האָבן געקראָגן אויסדרוק. ער האָט אַ זאָג געטאָן:

— שווייג, דו! שמוציקער איד!

און אין דער רגע האָט ער געפילט אַ באַצווינגענדיקן פאַרלאַנג אָנצוכאַפּן דעם אידן פאַרן גאַרגל. אָבער דער איד איז גלייך אַנ־שווינגן געוואָרן, אויסגעגלייכט זיין פּנים און שוין רואיק געזאָגט:

— אַזוי פיל יאָרן, אַז איך קען דיך, באַרק, און דאָ, נאַ דיר — אַ נייס! אַ איד גאָר! נו, זיי ניט אין כעס. אַ איד — איז אַ איד! וועמען אַרט עס? אָט איז מיין האַנט.

און דער איד האָט אים אויסגעשטרעקט זיין האַנט. אָבער באַרק האָט די האַנט ניט אָנגענומען. ער האָט אַ ווײַלע געקוקט טעמפּ און בייז און איז מיט שנעלע טריט, ניט אומקוקנדיק זיך אויפן אידן, אַרויס אין גאַס. פון דאַן אָן איז סוד ווידער געוואָרן — סוד. אָבער די פאַרבאָרגענע קרובהשאַפט צו אידן האָט נאָך אַלץ

געטונקלט, ווי אַ שאָטן, אין אים און אַרום אים. עס איז פון דעם געוועזן ניט גוט און ניט שלעכט, נאָר אַזאַ מאָדנער אומעט פלעגט אַרומכאַפּן זיין לעבן אױף דער װעלט צװישן מענטשן, אַז עס האָט זיך גאַנץ אָפט געװאָלט װײנען אױף עפּעס אַן אומגליק, װאָס האָט ניט געהאַט קײן נאָמען און קײן רעאַלן אױסדרוק, נאָר װאָס איז אַלע מאָל אין אים און מיט אים.

.2

באַרק איז געבױרן געװאָרן אױף דער באַװערי. דאָ האָט ער פאַר־בראַכט זיין ערשטע קינדהײט, ביז די עלטערן זײנע, דער איד ברכהן און די אירלענדישע גויע, זענען עפּעס אין אײן יאָר אַװעק־געשטאָרבן, איבערלאָזנדיק אים כמעט אױף דער גאַס. די עלטערן האָט ער פאַרגעסן, אָבער זײנע ערשטע יאָרן אױף דער באַװערי זענען אױף אײביק אײנגעקריצט געװאָרן אין זײן זכרון. ער האָט געקענט צומאַכן די אױגן און זען בילדער פון זײנע קינדער־יאָרן, װי אױף אַן עקראַן; נאָך מער, ער האָט געקענט אַרױסגײן אױף דער באַװערי, פאַרקערעװען אַביסל אין דעם געסל, װאו ער איז געבױרן געװאָרן, און זען דאָס זעלביקע בילד.

עס זענען נאָך געשטאַנען, װי אַמאָל, די קלײנע, טונקעלע צװײ־שטאָקיקע הײזלאַך. די ציגל פון די װענט זענען שװאַרץ און פאַררױכערט פון עלטקײט. אונטן, אונטער דער ערשטער רײ פענצטער, זענען די װענט גלאַנציק־קױטיק פון לאַנג־יעריקער באַ־רירונג פון הענט, צעקריצט און אױסגעקאַרבט, פאַרשריבן מיט קרײד און בלײפעדער. אינמיטן גאַס, צװישן מיסט, האָבן זיך אַרומ־געװאַלגערט פאַרמורזשעטע קינדערלאַך. האָבן זיך אַרומגעקײקלט מיט די הױלע לײבעלאַך, באָרװעסע, אױפן ברודיקן שטײן פון טראָטואַר, געגראָבן גריבעלאַך צװישן ברוק פון גאַס, װי קלײנינקע חיהלאַך, שטילע און פאַרלאָזטע.

און אָט־די קינדער האָבן געקענט פלוצלונג, מיט אַ מאָדנעם אימפּעט, אַ כאַפּ טאָן זיך פון זײער אָרט און לאָזן זיך לױפן צו דער ברײטער באַװערי, בעטן אַ פּעני בײַ אַ פאַרבײגײער. מיט הכנעהדיקע,

האַלב־ווייַנענדיקע שטימעלאַך האָבן די קינדער געשטערעקט די שמו־ציקע הענטלאַך און געבעטלט:

— גיב אַ פּעני. גיב אַ פּעני. גיב אַ פּעני!

די קאַרגערע פֿלעגן פֿאַרבייגיין, ניט אומקוקנדיק זיך; פֿלעגן די קינדער נאָכלויפֿן, נאָך אַלץ מיט אויסגעשטרעקטע הענטלאַך, אַ האַלבן בלאָק און מיט דער זעלביקער ווייַנענדיקער שטים בעטן:

— מיסטער, גיב אַ פּעני! גיב אַ פּעני!

און ווי נאָר אימיצער האָט צוגעוואָרפֿן די פּעני, פֿלעגן זיי צונויפֿדריקן זי מיט די דינע ציטערדיקע פֿינגערלאַך און לויפֿן, לויפֿן שנעל איבער דער גאַס, דורכקלייַבן זיך צווישן שווערע רעדער פֿון גרויסע אָנגעלאָדענע וועגענער און פּראַכט־אויטאָמאָבילן, אין טומל און געקלאַפּ פֿון רעדער אונטן, אויבן און אַרום, ביז זיי פֿלעגן צו־קומען צום אָרימען קרעמל פֿון דעם אַלטן, דעם אידן אין דער יאַרמולקע, און אויסגעבן די פּעני אויף אַ געפּאַרבט צוקערל, וואָס איז געווען זיסלאַך־ביטער און פֿון וואָס עס האָט געטריקנט דער גומען און עס האָט זיך געוואָלט טרינקען.

איבער די טראָטוארן פֿון דער באַוערי זענען אַרומגעגאַנגען אַ סך מענטשן, וועמעס שיקזאַל עס איז געווען טונקל. זיי זענען געווען פֿרעמדע מענטשן, מיט בייז־ערנסטע באַוואַקסענע פּנימער. זייערע אויגן האָבן שטענדיק געקוקט צו דער ערד, פֿאַרביי מענטשן און זאַכן. זיי פֿלעגן זיך, גייענדיק, אַ נויג טאָן צו פֿאַרבייגייער, בויגן הכנעהדיק דעם רוקן און בעטלען, און שטענדיק זענען זייערע הענט געווען טיף פֿאַררוקט אין די קעשענעס, סיי ווינטער, סיי זומער.

און אַלע האָבן זיך אויף דער באַוערי געיאָגט נאָך דער קליינער מטבע. די גרויסע און די קליינע. די קליינע וואָלטן ניט געוואוסט, וואָס צו טאָן מיט אַ מטבע, וואָס איז גרעסער פֿון אַ פּעני, און מסתמא וואָלטן אויך די גרויסע ניט געוואוסט, וואָס צו טאָן מיט אַ מטבע, גרעסער פֿון אַ ניקל. די גרויסע און די קליינע האָבן געהאַט די זעלביקע השגות. ווי זיי פֿלעגן נאָר דערפֿילן די האַרטקייט פֿון דער מטבע אין די פֿאַרקלעמטע הענט, פֿלעגן זיי זיך נעמען איילן אויסצוגעבן זי. די קליינע זענען גלייַך געלאָפֿן צום פֿאַרקויפֿער פֿון

צוקערלאַך און די גרויסע — צום שענק, צו דער שוואַרצער קאַווע, וואָס האָט געשמעקט מיט אַלטקייט און זשאַווער. אַזאַ שכּרות איז געווען צו דער קליינער מטבע, אַזאַ שטענדיקע יאַגעניש נאָך איר און, אין דער זעלביקער צייט, אַזאַ קרענקלאַכער, כמעט עראָטישער, פאַרלאַנג וואָס שנעלער אויסצונוצן זי און בלייבן ווידער אַ באַפרייטער, אַן אויסגעליידיקטער אַף דער פּוסטער, זינלאָזער און פינצטערער גאַס.

אַזאַ איז געווען די גאַס אַמאָל, ווען באַרק איז געווען אַ קינד, און אַזאַ איז נאָך די גאַס געווען איצט. זייער ווייניק האָט זיך געביטן איר פּנים. דערפאַר האָט באַרק זייער ליב געהאַט אַרומצוגיין איבער דער באַוערי און אירע געגנטן. ער פלעגט אויפזוכן די פאַרוואָגלטע קינדערלאַך, און אים האָט זיך געדוכט, אַז דאָס זענען נאָך אַלץ יענע חברים זיינע, וואָס האָבן זיך מיט אים אַרומגעוואַלגערט אַף דער באַוערי. ער האָט זיי נאָכגעשפּירט, ווען זיי, ווי קליינינקע גנבימלאַך, זענען געקראָכן צווישן קאַסטנס, צווישן קאַנען מיט אָפּפאַל און מיסט, זוכנדיק מיט די שפּיציקע אייגעלאַך אַף דער ערד אַוועקגעוואָרפענע חפצים. ער איז זיי נאָכגעגאַנגען, ווען זיי האָבן זיך געשלייכט מיט שטילע, געמאָסטענע, גנבישע טריט אַרום פענצטער פון שפּייז־קראָמען, אַרום וועגעלאַך מיט פּרוכט. זייערע אייגעלאַך האָבן געקוקט מיט אַנגסטיקן הונגער, און אַרום האָט זיך געוועבט אַן אומטרייסטבאַרער אומעט און אַ צער.

באַרק פלעגט זיי אויפזוכן אַפן ברודיקן שטיין פון גאַס, שטעלן זיך איבער זיי און נאָכקוקן זייערע שפּילן צווישן דעם אָפּפאַל פון גאַס, אין דעם ברעכאַכץ פון שכורים, און וואַרטן ביז עמיצער פון זיי וועט צולויפן צו אים, אויסשטרעקן זיין דאַר, שמוציק הענטל, אויסקרימען אין אַ בעטלענדיקער גרימאַסע דאָס מיילעכל און גלאַנצען מיט די אייגעלאַך:

— גיב אַ פּעני! גיב אַ פּעני!

— און באַרק פלעגט אָנהויבן טיילן זיינע פּענים. די קינדער פלעגן אים אַרומרינגלען און נאָכדעם אַלע אַ לאָז טאָן זיך צום קרעמל אויסגעבן די פּענים. און באַרק פלעגט גיין ווייטער. אומעטום איז געווען באַוערי. איבער דער ברייט און לייגנ פון דער גאַס, אומעטום

האָט אַרומגעשפּאַנט דער הונגעריקער, בייזער און פּאַרוואָגלטער גייסט פון דער באַוערי. ער איז געווען אין די קראָמען, אין די שענקען, אין די קאַווע־הייזער. ער איז געווען אין די בליקן פון מענטשן. פון אים זענען דערציילט געוואָרן מעשיות, מוראַדיקע און וואונדערלאַכע. און ווער האָט געקענט איבערדערציילן די מעשיות און ניט גערירט ווערן ביז טרערן? ווער האָט געקענט זינגען די לידער און אַליין ניט אַ ציטער טאָן מיט זיין קול?

יאָ. באַרק איז געווען אַ מענטש פון דער באַוערי. דאָרט איז געווען זיין לופט. דאָרט איז געווען זיין סביבה. דאָרט איז ער געבוירן געוואָרן און אַהין האָט אים געצויגן דאָס גאַנצע לעבן. פון דאָרט האָט ער זיך ניט געקענט באַפרייען.

.3

געוואוינט האָט באַרק אויך נאָענט צו דער באַוערי, איינגאַנצן אַ האַלבן בלאָק ווייט פון גאָט־דער גאַס, אין מעבלירטע צימערן מיטן נאָמען „האָטעל פּאַלמיראַ”. דאָ האָבן געוואוינט בלויז שטענדיקע איינוואוינער. קיין נייע מענטשן זענען אהער קיינמאָל ניט געקומען, און פאַרוואָס דער נאָמען „האָטעל” איז נאָך אַלץ פאַרבליבן הייגגען אויף אַ ברעטענעם שילדל אויפן קאַרניז פון הויז, איבער די דרויסנדיקע שטיגן, איז געווען אומפאַרשטענדלאַך. אָבער קיינער האָט זיך ניט גענומען די מי אַרונטערצונעמען די שילד. איז זי געהאַנגען אַזוי, ביז די ווערטער זענען כמעט איינגאַנצן אָפּגעריבן געוואָרן.

אין דעם האָטעל איז שטענדיק שטיל געווען. שטיל אין די שטוביקע, שימלדיקע קאָרידאָרן, שטיל אין די צימערן. און אַז ס'פלעגט שוין קומען פון ערגעץ אַ לעבעדיקער קלאַנג, פלעגט ער זיך האַלב־טויב אַ שאָקל טאָן אין דער לופטן און פאַלן אַ טויטער צו די אַלטע אויסגעטראָטענע טעפּיכער.

אויף די ווענט פון קאָרידאָר זיינען פון צענדליקער יאָרן געהאַנגען, אין שווערע ראַמען, פאַרשטויבטע און צעשפּאָלטענע פון צייט, היסטאָרישע בילדער פון אַמאָליקע מלחמות, פון האַלב־

פּאַרהייליקטע ריטער און ריטערישע שלעסער פון מיטל־אַלטער. זיי זיינען געהאנגען פון קיינעם ניט געזעענע, און שוין לאַנג אויפ־געהערט צו דערציילן די רייצנדיקע געשיכטעס פון לאַנג־פאַרגאַנ־גענע צייטן, און נאָר שווייגנדיקע, איינאיינעם מיט די מענטשן און מיט אַלץ, וואָס איז געווען אין האָטעל, געשריגן דאָס געשריי פון טויט און צעפאַלונג.

די געביידע איז געווען אַ צוויי־שטאָקיקע. אונטן, אויפן ערשטן שטאָק, וואו עס איז אַמאָל, ווארשיינלאך, געווען די „לאָבי", האָט זיך געפונען דאָס טרינק־הויז און נאָך צוויי צימערן, אין וועלכע דער אייגנטימער פון האָטעל, מייקל, האָט געוואוינט. מייקל האָט קיין געשעפטן כמעט אינגאַנצן ניט געמאַכט. איז ער געזעסן גאַנצע טעג, ווי אַ פאַרגליווערטער, געטראַכט זיינע מידע געדאַנקען און געדרעמלט.

מייקל איז געווען אַלט. מיט זיין אייגענער אַלטקייט און מיט דער אַלטקייט פון זיין האָטעל. די אַלטקייט איז אַף אים געלעגן, ווי אַ שווערער בגד, אין וועלכן עס איז שווער געווען אַ ריר צו טאָן די ביינער. ער איז צענדליקער יאָרן אָפּגעזעסן לעבן קאָונטער, פאַרקויפנדיק ביליקע ציגאַרן און ציגאַרעטן, טרינק־וואַסער און ביר. געזעסן און צוגעהערט זיך צו דער שטומער צע־פאַלונג פון זיין הויז, און מיט מורא געטראַכט וועגן דער אימפּע־דיקער האַנט, וואָס האָט אַרום אים דערהויבן די שטאָט, ווי אין כּשוף.

עס איז אַרום אים פאַרגעקומען אַ בוי־אַרבעט. עס האָבן זיך געהויבן ריזיקע הייזער און טורעמס, און וועגט זיינען ווי פון דער ערד אַרויסגעוואַקסן. אַלץ האָט זיך געצויגן צום הימל. און נאָר זיין האָטעל, מיט אים איינאיינעם, איז געבליבן אין דער נידער, האַרט לעבן דער ערד. עס האָבן זיך שוין, באַלד גאָר נאָענט לעבן זיין האָטעל, גענומען בויען נייע גרויסע געביידעס. און דער אַל־טער האָט פאַר זיך ניט געפונען קיין רו. ער פלעגט אָנכאַפּן באַרקן און, אין שטומער מורא, זאָגן:

— באַרק, מ'בויט שוין, אָט־דאָ נאָענט בויט מען שוין.

באַרק פֿלעגט אַ קוק טאָן אױף דעם אַלטן מיט די אױסגעלאָ־שענע אױגן און בײז ענטפֿערן:

— מ׳בױט, זאָגסטו? אָט װאַרט אַ װײלע. מענטשן װעלן קומען און אַראָפּװאַרפֿן דײן אַלטע חורבה און אױף איר פּלאַץ אױפֿ־בױען אַ גרױסן צװאַנציק־שטאָקיקן האָטעל. אָט װעט דאָס זײן אַ האָטעל! טױזנט ליכטיקע צימערן. און דײן האָטעל װעט ניט זײן. און דו װעסט ניט זײן. מיר אַלע װעלן דאָ ניט זײן. פֿאַר־שטײסט, אַלטער נאַר?

דער אַלטער פֿלעגט פֿאַרלירן און שולדיק פֿינטלען מיט די אױפֿגעפּלאָמטע אױגן און שװײגן. אין באַרקס װערטער איז געװען אַ שװערער פּסק דין.

— דו מײנסט: דו װעסט דאָ אײביק זײן? װעסט ניט זײן! און קײנער װעט ניט װיסן, װאו דײן געבײן איז אהינגעקו־מען.

דער אַלטער פֿלעגט נאָר זאָגן:

— אַז איך װעל ניט זײן, טאָ װער װעט דאָ זײן?

באַרק פֿלעגט זיך אָפּקערן און אױסשפּײען אָן אַ זײט:

— מענטשן װעלן זײן. און דו װעסט פֿױלן. אָט װאָס.

דער אַלטער פֿלעגט אַנשװײגן װערן. באַרק פֿלעגט אַװעקגײן צו זיך אין צימער, אױפֿן צװײטן שטאָק, און אין האָטעל פֿלעגט אַנט־שטײן די געװײנטלאַכע שטילקײט. די שטילקײט איז דאָ געװען װי אַ לעבעדיק װעזן, װאָס האָט געלעבט צװישן די אײנװאױנער פֿון האָטעל. אָט־די שטילקײט האָט באַרק זײער ליב געהאַט, און צוליב איר איז ער דאָ מיט דעם אַלטן פֿאַרבליבן יאָרן.

אין האָטעל איז קײן צופֿיל אײנװאױנער ניט געװען. אױבן זענען געװען צען צימערן, אין װעלכע עס האָבן געװאױנט זיבן פֿרױען און דרײ מענער.

די פֿרױען, אַ חוץ צװײ אַרבעטאָרינס אין אַ װאַשערײ, זענען אַלע געװען מענטשן פֿון טונקעלע באַשעפֿטיקונגען און אומבאַ־שטימטע הכנסות. עס איז דאָ געװען אַ גרושה, װאָס האָט געלעבט טײלװײז פֿון אַלימענטן, װאָס איר מאַן האָט איר פֿון ערגעץ צוגע־שיקט און טײלװײז פֿון צופֿעליקער אַרבעט. עס זענען דאָ אױך

געווען צוויי מיידלאַך, פון וועלכע איינע איז געווען אַ כאַריסטסקע פון אַ ביליקן באַוערי בוירלעסק־טעאַטער און די צווייטע אַ פּראָס־טיטוטקע. און ניט לאַנג צוריק האָט זיך דאָ באַזעצט אַ מערקווירדיקע פּרוי מיטן נאָמען ריטאַ, וואָס האָט פּאַרמאָגט אַ הונט, רעקס. די פרויען זענען געווען פון פאַרשידענעם עלטער, אָבער קיין גאָר אַלטע זענען צווישן זיי ניט געווען, און אַפילו די עלטערע האָבן זיך געסטאַרעט צו האַלטן יונג, געפאַרבט די ליפּן און די באַקן און האָבן אין זייער אויפפיר נאָכגעטאָן די אינגערע, וואָס האָבן, צוליב זייערע פּראָפעסיעס, אָפּגעגעבן פיל צייט דעם טואַלעט.

צווישן די דריי מענער־איינוואוינער איז באַרק געווען דער איינציקער, וואָס האָט רעגולמעסיק געאַרבעט. די איבעריקע צוויי זענען געווען האַלב־בעטלער און האַלב סתם ליידיקגייער. איינער פון זיי, וועמען מ׳האָט אין האָטעל גערופן „דאָקטאָר", אַ הינקעדיקער אויף איין פוס, האָט פּשוט געבעטלט גראָשנס אויף דער גאַס און געלעבט אין גרויסער אָרעמקייט. דער צווייטער, דער „גענעראַל" (אַזוי האָט מען אים גערופן אין האָטעל) איז געווען אַן אַלטער אויסגעדינטער סאָלדאַט, האָט געקראָגן פון דער רעגירונג אַ נישטיקע פּענסיע און ווען עס איז געווען אַ נויט, אויך געבעטלט אויף דער גאַס.

אַלע, אַחוץ ריטאַ׳ן, זענען דאָ געווען אַלטע איינוואוינער. מען איז געווען אינטים. מען האָט געוואוסט די באַהאַלטנסטע ווינקעלאַך פון צווייטנס לעבן. מען איז געווען ווי איין משפּחה. צווישן די פרויען איז זעלטן געווען שלום. זיי זענען אַרומגעגאַנגען כעס׳דיקע, אויפגעבראַכטע און פאַרביטערטע איינע אויף דער אַנדערער. זיי האָבן איינע דער אַנדערער ניט פאַרגונען.

און נאָר ווען עס פלעגט אָנקומען זונטיק, פלעגט זיך ענדערן די שטימונג אינ׳ם האָטעל. שוין אין פרימאָרגן פלעגט זיך אַרום טיש אין דער „לאָבי" פאַרזאַמלען די מענערשע באַפעלקערונג פון האָטעל. ס׳פלעגן אויך צוקומען עטלאַכע דרויסנדיקע געסט, „כאַפּן אַ טרונק" אָפן ניכטערן מאָגן. מען האָט געשמועסט הויך, אָפן קול, וועגן פאַרשידענע זאַכן. אימיצער פלעגט אַריינברענגען אַ זונטיק־צייטונג. פלעגט מען זיך פאַנאַנדערשרייען וועגן פּאָליטיק

און טעגלאַכע סקאַנדאַלן. די לופט פלעגט פול ווערן מיטן רויך פון ביליקע סיגאַרעטן. אַלע זענען דאַן געווען דערהויבן און אויפ־געלייגט. אפילו דער אַלטער מייקל פלעגט לעבעדיקער ווערן אוןריידן ווי איינער פון אַלע. נאָר באַרק פלעגט זיין ערנסט־בייז. ער פלעגט זיצן אין אַ ווינקל, רויכערן זיין ליולקע און מיט קיינעם ניט בייטן זיך מיט זיין וואָרט. ער איינער איז געווען אַ פרעמדער. מען האָט אים פיינט געהאַט. מען האָט מורא געהאַט פאַר זיין שווייגן און נאָך מער פאַר זיין בייזער צונג. אַז ער פלעגט אָפּ־זידלען, האָט מען זיך פון דער זידלעריי אַ לאַנגע צייט ניט געקענט באַפרייען, אַזוי ווי אַ פלעק וואָלט זיך אַוועקגעלייגט אַף דער נשמה.

מער פון אַלע האָט מייקל מורא געהאַט פאַר באַרקן. אין זיין אַנוועזנהייט האָט ער ניט געוואַגט אויפצוהויבן אַ קול. איין מאָל, אין אַ זונטיק־פרימאָרגן, ווען אַרום טיש זענען געזעסן די טומלענ־דיקע באַזוכער, איז דער אַלטער, אַן אויפגעלעגטער, אויך צוגעגאַנ־גען צום טיש און אַריינגעשטעלט זיין וואָרט. ער האָט ניט געהערט, פון וואָס עס איז געגאַנגען דער געשפּרעך, אָבער אַזוי ווי ער האָט געטראַכט וועגן זיין האָטעל און וועגן זיך, האָט ער געזאָגט:

— שוין פינף־און־פערציק יאָר, אַז איך פיר דעם האָטעל. דער האָטעל איז אַלט. איך בין אַלט, כי־כי־כי!

קיינער האָט זיך, געוויינטלאַך, ניט צוגעהערט צו זיינע רייד. אויך דאָס מאָל זענען די ווערטער געווען אומזיסט אַרויסגעזאָגט. איז ער אַוועק צוריק צו זיין ווינקל, לעבן קאָונטער, און אַנשוויגן געוואָרן, ווי אַ שולדיקער. אָבער באַרק האָט גוט געהערט דעם אַלטנס רייד. ער האָט אַ פרעג געטאָן:

— ווי לאַנג, זאָגסטו, פירסטו דעם האָטעל?

דער אַלטער האָט זיך, דערשראָקן, אָפּגערופן:

— פינף־און־פערציק. פינף־און־פערציק יאָר, מיסטער באַרק.

— לאַנג גענוג. דער האָטעל דיינער האָט שוין באַדאַרפט איינפאַלן. און פאַר דיר איז שוין אויך לאַנג צייט אַוועקצולייגן זיך. זע, ווי דיינע אויגן קלעפּן זיך. פּונקט ווי בא אַ הון נאָך זון־אונטערגאַנג.

דער אַלטער האָט שנעל אָנגעהויבן צו פינטלען מיט די אויגן,

געזוכט שוין באַ די פאַרזאַמלטע און, מורא האָבנדיק צו ענטפערן, האָט ער זיך נאָך טיפער פאַררוקט אין זיין ווינקל און געשוויגן. איז שוין בארק צוגעטראָטן נאָך נענטער צו אים און געפאָדערט:

— וואָס שווייגסטו, האַ? זאָג עפּעס!

און אַז יענער האָט ווידער ניט געענטפערט, האָט ער מיט פאַראַכטונג געזאָגט:

— אַלטער טכויר!

דאַן האָבן זיך שוין די פאַרזאַמלטע אויך אַרומגעקליבן אַרום קאַזנטער און איינער, אַ דרייסטערער, האָט באַמערקט:

— האָסט אַ בייזע צונג, בארק. טשעפּעסט זיך צום אַלטן אומזיסט־אומנישט. ער איז עלטער פאַר דיר.

בארק האָט זיך אַרומגעקוקט מיט די בייזע אויגן אַרום זיך, אָבער די אויסדרוקלאָזע אויגן האָבן זיך אָפּ קיינעם פון די פאַר־זאַמלטע ניט אָפּגעשטעלט. ער האָט זיך נאָך אַמאָל געווענדט צום אַלטן:

— וועמען וועסטו דיינע טויזנטער איבערלאָזן, טכויר? האָסט קיינעם ניט אָפּ דער וועלט. אייביק לעבט דאָך אַ מענטש ניט. וועסט פּגר'ן. און אַרום דיר — גיב אַ קוק, וואָס עס טוט זיך אַרום דיר: — קלייניניקע קינדערלאַך שטאַרבן פון הונגער. גיי אַרוים אָפּ דער באַוערי און זע מיט דיינע אויגן. עטלאַכע שפּאַן ווייטער וואַלגערן זיך מיליאָנען, און דאָ שטאַרבן קינדערלאַך פון הונגער און קעלט. האָסטו אַמאָל געטראַכט פון דעם? דאָרטן — וואוילטאָג, און דאָ — הונגער און נויט. וואוהין, זאָג איך, טויגן דיינע טויזנטער, אַז דאָרטן זענען די באַוערי־מענטשן הונגעריק? זיי זענען פרעמדע. אָבער דו — די באַוערי איז דיינע. דו האָסט דאָ אַ לעבן אָפּגעלעבט. פינף־און־פערציק יאָר!

ער האָט לאַנגזאַם און שווער געצויגן די ווערטער. אַלע האָבן זיך צוגעהערט און ניט געוואוסט, וואָס צו טראַכטן וועגן זיינע רייד. איין זאַך איז געווען קלאָר: בארק האָט זיך איינגעשטעלט פאַר דער באַוערי. און דאָס איז שוין געווען אַ ענין. האָט מען געשוויגן. און בארק האָט פאָרטגעזעצט:

— אַלץ, וואָס קומט פון דער באַוערי, דאַרף גיין צוריק צו דער

באָוערי. ווער זענען דיינע מענטשן? ווער האָלט אויס דיין האָטעל? — אַלץ באָוערי־מענטשן. פלייש און בלוט פון דער באָוערי. צעשנייד יעדע פּעני, וואָס דו נעמסט בא זיי, וועסטו דער־זען בלוט, זייער בלוט. בלוטיק געלט איז דאָס. און דו וועסט שטאַרבן. טאַ שרייב אָפּ דאָס געלט פאַר די באָוערי־קינדער. אַט וואָס.

דער אַלטער איז געזעסן און פאַרלוירן געפינטלט מיט די אויגן, אַזוי ווי ער וואָלט מורא געהאַט, אַז באַרק וועט זיך אָפּ אים פאַר־מעסטן מיט דער פויסט. אָבער באַרק האָט בלויז געקוקט אָף אים פאַרשנדיק און קאַלט. ער איז אַזוי געשטאַנען אַ ווײַלע און האָט זיך געלאָזט גיין אַרויס פון האָטעל. די פאַרבליבענע זענען גע־שטאַנען פאַרוואונדערטע: איז דאָס געווען באַרק? ווי זענען צו באַרקן געקומען אַזוינע רייד? פון דאַן אָן איז די פיינטשאַפט צו באַרקן ניט געווען אַזוי שאַרף. מען האָט פאַר אים געהאַט דרך־ארץ. באַרק האָט געקענט ריידן גרויסע מענטשלאַכע רייד.

.4

צווישן די פרויען פונם האָטעל איז ניט געווען קיין שלום. איינזאַמע, פאַרשטויסענע צווישן מענטשן, האָבן זיי ניט פאַרגונען איינע דער אַנדערער קיין ביסל לופט צום אָטעמען, קיין ביסל זון צו דערוואַרימען זיך.

אין דער קאַלטער שטילקייט פונם האָטעל, הינטער די צוגע־מאַכטע טירן, דורך די שפּאַרונעס און שלאָסלעכער, איז אַרומגע־קראָכן, אַ בייזע און אַ גיפטיקע, די שלאַנג פון רכילות. זי איז אַרומ־געקראָכן און נאָכגעשלעפּט נאָך זיך אַ לאַנגע סטענגע פון פרעמדע סודות, פון פרעמדע ווייען און טרערן, און אַז זי איז איבערגעוועזן בא אַלע איינוואוינער, האָט זי זיך אַוועקגעלייגט ערגעץ אין אַ ווינקל פון פינצטערן קאָרידאָר וואַרטן, אַ שווייגנדיקע און אַ געדול־דיקע, ביז עס וועט זיך עפענען אין אַנגסטן אַ טיר און אימיצער אַ פאַרביטערטער וועט זיך שטעלן אָפן שוועל און אויפשרעקן די שטילקייט פונם קאָרידאָר מיט אַ קייכנדיקן שעלטן. אַלע האָבן אַזאַ מאָמענט גלייך דערפילט. זענען אַלע געזעסן איינגעשפּאַרטע אין

די צימערן און געשלונגען מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם די בייזע רייד, ווי אַ היילנדיקן באַלזאַם, און געקוויקט זיך מיט פרעמדן ווייטיק און מיט פרעמדן צער.

אַזוי איז דאָ געווען שטענדיק: איז נאָר פון ערגעץ דערגאַנ־גען אַ רכילות, האָט מען זיך אוועקגעשטעלט אַפּן שוועל פון דעם אייגענעם צימער, אין דער אָפענער טיר, און אָנגעפילט דעם קאָרי־דאָר מיט גיפטיקע קללות. אין דעם איז געווען אַזוי פיל חיה'שע, וועלפישע בייזקייט און הונגעריקייט, אַז עס האָט זיך אויסגעד־דוכט, אַז ניט אַ מענטש האָט זיך עס אוועקגעשטעלט אין דער אָפע־נער טיר אויסיאָמערן זיין האַרץ, נאָר אַ פאַריאָגטער וואָלף יאָמערט צום הימל מיט אַן אויפגעהויבענער מאָרדע און אויסגעשטשירעטע ציין. די, צו וועמען די ווערטער זענען געווען געווענדט, האָבן פאַר־שאַרפט די אויערן, זיך איינגעהערט מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם, געשלונגען יעדן וואָרט און געקוויקט זיך מיט דעם אייגענעם־פרעמדן ווייטיק.

קיינער האָט ניט געוואַגט צו עפענען אַ טיר אָדער צו ענטפערן מיט אַ וואָרט. מען האָט געדולדיק אויסגעהערט, איינגעשפּאַרטע, ביז דאָס לעצטע וואָרט פלעגט אָפּקלינגען און עס פלעגט זיך, מיט אַ שטאַרקן קלאַפּ, צומאַכן די טיר. דאַן איז די שטילקייט געווען נאָך אַ שווערערע.

אָבער עס האָט שוין אויך פּאַסירט, אַז די פרויען האָבן זיך צונויפגעכאַפּט אין אַ ביטערן געשלעג, זיך געדראַפּעט, געריסן איינע די אַנדערע פאַר די האָר, געקוויטשעט מיט ווילד־געוואָרענע העלזער און געוואָרפן זיך, ווי קעץ מיט שאַרפע נעגל, איינע דער אַנדערער אין די אויגן, געריסן און געפּליקט די קליידער איינע אַף דער צווייטער.

און עס האָט געקאָסט פיל מי די צוויי מענער, וואָס האָבן זיך דאַן געפונען אין האָטעל, דעם „גענעראַל" און דעם קרומען „דאָקטאָר", ביז זיי איז געלונגען פאַנאַנדערצורייסן די האַלב־משוגע געוואָרענע פרויען. אַז מען האָט זיי שוין אָפּגעריסן איינע פון דער אַנדערער, אַריינגעשטופּט יעדע אין איר צימער און פאַרמאַכט די טירן, האָבן זיי נאָך אַ לאַנגע צייט ניט אויפגעהערט ברעכן די

קראַמפּהאַפּטע פינגער פון זייערע הענט, רייסן זיך די האָר פון קאָפּ, שילטן און יאָמערן. אין האָטעל איז דאָן געווען אַ חורבן. די יללות האָבן ניט געוואָלט אויפהערן, ביז דער „דאָקטאָר" האָט יעדע איינע פון זיי באַזוכט, געגעבן עצות און געלייגט קאַלטע קאָמפּרעסן צו די אויפגעפּלאָמטע קעפּ. ערשט דאַן איז צוריק איינגעשטעלט געוואָרן די פולסטע אָרדענונג אין דעם צערודערטן האָטעל. און ערשט דאַן האָט אויך מייקל זיך אַביסל באַרואיקט פון זיין ערשטן שרעק און ניט אויפגעהערט אַ לאַנגע צייט צו בורטשן אונטער דער נאָז:

— ווייבער, פּוסטע קעפּ. האָבן זיך אַביסל צונויפגעבאַפּט. נו, זענען דאָס ווייבער. נו, זענען עס פּוסטע קעפּעלאַך. כי־כי־כי!

עס זענען אויך געווען צייטן פון גרויסן פרידן און אומבאַגרעניצטער פריינטשאַפט אין האָטעל. אין אַט־די צייטן זענען פאַרגעסן געוואָרן אַלע אַלטע חשבונות, און די שנאה פלעגט, ווי מיט אַ שטאַרקער האַנט, אַרויסגעריסן ווערן פון די הערצער. דאַן איז געווען גוט און געראַם אין דעם ענגן האָטעל. די אַלעמאַל בייזע און אויסגעקרימטע פּנימער פלעגן זיך אויסגלייכן, און די שטעכיקע אויגן פלעגן אָנהויבן צו שמייכלען. דאָס האָט געטראָפן זעלטן, אָבער אַז עס האָט זיך געטראָפן, האָט מען זיך געלאָזט וואוילגיין. מען האָט זיך צונויפגעקליבן אין דעם אונטערשטן גרויסן צימער, פאַרהאַנגען די פענצטער און געלאָזט זיך הוליען. און דאַן איז ניט געווען קיין גרעניץ צו דערהויבנקייט. מ'האָט געטאַנצט, געשפּרונגען און געליאַרעמט. די צונג האָט גערעדט גראָבע, פאַרשייטע רייד, און די אויגן האָבן, פאַרשכורטע, געבלאָנדזשעט אין אַ מאָדנעם דעליריום, ניט זעענדיק פאַר זיך דיווירקלאַכע וועלט. מען פלעגט אונטערן קאָונטער בא מייקלען, געפינען פאַרבאַהאַלטענע משקה, זידלען דעם אַלטן און טרינקען, טרינקען, ביז די שמחה פלעגט זיך פאַרוואַנדלען אין אַ משונהדיקער אָרגיע.

דער „דאָקטאָר" מיטן קראַנקען פוס פלעגט אויסשטרעקן זיין לינקע האַנט און מיט דעם שטעקן, מיט אימפּעטדיקער שנעלקייט, פירן איבער דער אויסגעשטרעקטער האַנט, אימיטירנדיק די באַוועגונגען פון אַ בויגן איבער די סטרונעס פון אַ פידל. דער „גענעראַל" פלעגט צופּאַטשען מיט די הענט און צוקנאַקן צום טאַקט מיט דער

צונג, און די פרויען פלעגן זיך אוועקלאָזן טאַנצן, מאַכנדיק משונה־דיקע שטיק, אימיטירנדיק עראָטישע באַוועגונגען מיט זייערע קערפערס, צווינגענדיק דערביי שטיקלאַך פון בורלעסק־לידער. עס פלעגט זיך אָנהויבן אַ נאָכקרימעניש נאָכן טערקישן בויך־טאַנץ, ביז מ'איז אריבער צו די באַרימטע אין דער באָוערי־וועלט „הולאַ־הולאַ“־טענץ, אין וועלכע די כאַריסטקע האָט זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט און וועלכע זי האָט אויך אַנדערע פּלייסיק געלערנט, פריער אַליין דורכמאַכנדיק יעדע באַוועגונג פון קערפּער:

—מיידלאַך, דעם טאַנץ דאַרף מען טאַנצן אַזוי, אַז אַלע גלידער, פון די שפּיצן פון די פיס־פינגער ביז די האָר, זאָלן טאַנצן.

און די איבעריקע האָבן געטאַנצט. דער „דאָקטאָר“ פלעגט נאָכשפרינגען אַף זיין קראַנקען פוס, צווינגענדיק מיט ווילדע קולות די אוממעגלאַכסטע אימפּראָוויזאַציעס. דער אַלטער „גענעראַל“ פלעגט אויך נאָכקרימען די באַוועגונגען פונם קערפּער, צוקנאַקנדיק דערביי מיט דער צונג און צוקלאַפּנדיק מיט די הענט. פון דער גוואַלדיקער אָנשטריינגונג און אויפרעגונג פלעגן זיינע ליפן אָנהויבן שטאַרק צו נעצן, דאָס פּנים פלעגט רויט ווערן און די אויגן פלעגן אָנגעגאָסן ווערן מיט בלוט. און אַזוי פלעגט ער, אַ האַלב־וואַנזיני־קער, טאָן די אַרבעט, ביז דער איבערגעטריקענטער האַלז פלעגט אָנהויבן צו קייכן און די אָנגעבלוטיקטע אויגן־לעפלאַך פינטלען מיט מערקווירדיקער שנעלקייט. עס איז געווען אַ שרעק צו קוקן אַף אים מיט זיין אָפענעם מויל, פון וועלכן עס האָט געשלאָגן אַ פּיענע, ווי בּאַ אַ פּאַליקן, און וואָס האָט זיך געעפנט און צוגעמאַכט ווי באַ איינעם, וואָס כאַפּט לופט בשעת ער טרינקט זיך.

די פרויען פלעגן אין דער לעצטער, שוין אויסגעשעפּטער, עקסטאַטישקייט באַקוקן זייערע צוויי קאַוואַליערן, איבערקוקן זיך מיט שכורע אויגן און אויספּלאַצן אין אַ קייכנדיקן געלעכטער, האַלטן זיך פאַר די זייטן און אַוועקפאַלן איינע דער אַנדערער אַפן האַלז. גע־וויינטלאַך פלעגט שוין דאַן אָנקומען די פולע אויסגעשעפּטקייט. מען פלעגט זיך יצעגיין צו די אייגענע צימערן, אוועקפאַלן אין בעט אין אַ שכורער פאַרגעסונג.

עס האָט אויך פּאַסירט, אַז באַ מייקלען אונטערן קאָונטער

האָט מען ניט געפונען קיין איינציקן טראָפּן משקה. אַזאַ אָוונט איז שוין געווען שטילער, צוריקגעהאַלטענער און האַרציקער. מען האָט זיך פּשוט גענומען פאַר די הענט און אַוועקגעגאַנגען אַ פריילאַכן קאַראַהאָד, ווי קינדער. דערביי האָבן די פרויען מיט ציטערנדיקע שטימען געזונגען קינדער־לידער, וועלכע זיי האָבן נאָך ניט פאַר־געסן פון זייערע אייגענע קינדער־יאָרן. נאָכדעם, דערוואַרימטע מיט די לידער און ווייטע עראינערונגען, האָט מען זיך צוגעשפּאַרט אַף דער אַלטער צעריסענער סאָפע באַ דער וואַנט און אָנגעהויבן דער־ציילן מעשיות, אמתע און אויסגעטראַכטע. די מעשיות, מערסטנס פון אייגענעם לעבן, זענען דערציילט געוואָרן מיט אַזוינע איינצעל־הייטן און מיט אַזאַ אויפריכטיקער טראַגישקייט, אַז אפילו די אויס־געטראַכטע פון זיי זיינען אויסגעהערט געוואָרן מיטן פולסטן גלויבן און מיט דער האַרציקסטער סימפּאַטיע. אָפטמאָל האָט אויך פּאַ־סירט, אַז מ׳האָט פאַרגאָסן אַ טרער אַף דעם דערציילערס ליידן, אַף די אמתע און אַף די אויסגעטראַכטע, ווייל אויך די אויסגעטראַכטע האָבן אין זיך געטראָגן די קערנער פון אמתע מענטשלאַכע ליידן און טיפע מענטשלאַכע בענקשאַפטן, און דערפאַר זענען זיי געווען ענלאַך אַף אייגענע, נאָך ניט אויפגעלייזטע ליידן און בענקשאַפטן.

דער „גענעראַל" האָט דערציילט זיינע מעשיות, מערסטענס פון שווערע טעג אַף דער מלחמה, פון העלדישקייטן, פון באַגעגענישן, מיט גענעראַלן, אונטער וועמען ער האָט געטריי אָפּגעדינט צענדלי־קער יאָרן. דער „דאָקטאָר" האָט דערציילט וועגן זיין פאַרגאַנגענער דאָקטאָר־קאַריערע, וועגן זיין אומגליקלאַכער ליבע, וואָס האָט אים אַרויסגעשטויסן פון זיין אייגענעם וועג און געבראַכט צום לעבן אַף דער באַוערי. און די פרויען, יעדע באַזונדער, האָט געהאַט צו דער־ציילן טראַגישע דערפאַרונגען מיט מענער, פון וועלכע די מערסטע זענען געווען אָדער העלדן, אָדער אויסוואורפן און פאַררעטער, מיט אומקלאָרע שיקזאַלן.

אַזוי פלעגט זיך דער אָוונט פאַרציען ווייט אין דער נאַכט אַריין. נאָך אַזוינע אָוונטן פלעגן אַף אַ צייט פאַרגעסן ווערן אַלטע קריוודעס און רכילותן, און אין האָטעל האָט געהערשט שלום. און נאָר ריטאַ,

די נייע איינוואוינערין, האָט ניט גענומען קיין אַנטייל אין די נאַכטי־קע הוליאַנקעס, פאַרוואָס מ'האָט זי זייער פיינט געהאַט.

ריטאַ, מיט איר גרויסן ענגלישן הונט רעקס, איז מערסטענס געזעסן אין צימער, ווי אַן איינגעשלאָסענע. זי האָט זיך אַ לאַנגע צייט ניט געקענט מיט די איינוואוינער, אַפילו מיט די פרויען. זי האָט מיט קיינעם ניט גערעדט. קיינער האָט ניט געוואוסט, וואָס עס האָט זי געבראַכט אין האָטעל, פאַר וועלכן זי האָט זיך מיט איר גאַנצער האַלטונג און מיט איר מהות ניט געפּאַסט. זי האָט זיך אָנגעטאָן רייך, האָט געשמירט אירע ליפּן און געשמינקט די באַקן. זי האָט אויך יעדן טאָג ניט פאַרגעסן אונטערפירן מיט שאָטן־בלייפעדערס די אויגן, ווי עס טוען פּרימאַדאָנאַס אויף דער בינע. זי איז זעלטן אַרויס פון האָטעל אָן דער באַגלייטונג פון איר הונט, וואָס איז איר נאָכגעגאַנגען טראָט אין טראָט, ווי אַ שאָטן.

דערפאַר האָבן אַלע די ערשטע צייט געקוקט אויף איר מיט נייגיר און באַהאַלטענער קנאה. ווי נאָר זי האָט זיך געלאָזט מיט אירע געמאָסטענע טריט איבערן קאָרידאָר און אַראָפּ די טרעפּ, באַגלייט פון איר גרויסן הונט, גלייך פלעגן זיך דורך שטיל־געעפנטע טירן באַווייזן שפּיציקע נייגעריקע אויגן און נאָכקוקן איר יעדן קער. אַזוי איז דאָס אויך געווען, ווען זי פלעגט זיך אומקערן אין צימער.

## .5

יע. זי איז אין אַלעמענס אויגן געווען אַ סוד. האָט מען זי דעריבער פיינט באַקומען. מען האָט גענומען וועגן איר צוטראַכטן ניט־געשטויגענע, ניט־געפלויגענע מעשיות. עס איז געקומען דערצו, אַז מ'האָט איר גענומען נאָכוואַרפן אַ בייזן געלעכטער און גיפטיקע שטעך־ווערטלאַך:

— זעט נאָר, ווי פאָרזיכטיק זי טרעט עס איבערן דיל, גאָר ווי אַ פּרינצעסע.

— האָט איר געזען, ווי זי חנ'דלט זיך פאַר איר הונט?

— אַז ס'איז ניטאָ קיין אַנדער קאַוואַליער, איז דער אייגענער הונט אַ קאַוואַליער.

— צווליבן הונט פאַרבט זי אַפילו די ליפּן און שמינקט די באַקן.

— כאַ־כאַ־כאַ!

— אַן אמתע פּרינצעסין! כי־כי־כי!

און אַזוי האָט מען יעדן טאָג געפונען עפּעס אַן אַנדער באַליי־דיקנדיקן אויסדרוק פאַר דער פּרעמדער סודותדיקער ריטאַ׳ן. און ריטאַ האָט געפילט די בייזקייט פון די שפּיציקע אויגן אויף זיך און מיט קיין איין־איינציקן בליק ניט באַוויזן, אַז זי פילט און ווייסט דאָס. זי האָט צו אַלעמען ליבלאַך געשמייכלט אין די אויגן און באַם באַגעגענען העפלאַך גענויגט זיך און באַגריסט. ניט געוואָלט אָנ־נעמען זייער בייזקייט, און אפשר ניט געוואָלט זי דערזען און ניט געוואָלט זיך שטעלן מיט בייזקייט אַנטקעגן.

די מענער האָבן מיט דרך־ארץ געקוקט אויף ריטאַ׳ן. ניט גע־וואוסט ווי צו האַלטן זיך אין איר קעגנוואַרט, ווי צו ריידן מיט איר. מען האָט געזוכט צו באַקענען זיך, און מורא געהאַט פאַר איר עלעגאַנטקייט. דער „דאָקטאָר“, דער „גענעראַל“ און מייקל פלעגן זיך שקלאַפיש פאַרנויגן, אָפּטרעטן איר דעם וועג און לויפן פאַראויס עפענען איר די טיר.

ריטאַ האָט זיך אָנגעטאָן עלעגאַנט. אמת, אירע קליידער זענען געווען אָפּגעטראָגענע, די פאַסאָנען — אַלטע. איצט האָט מען אַזעלכע קליידער שוין פון לאַנג ניט געטראָגן. אָבער אַלץ, וואָס זי האָט געטראָגן, איז געווען פונם טייערסטן מאַטעריאַל און שניט. דערפאַר האָט מען זי אין האָטעל טאַקע גערופן „די פּרינצעסין“.

און זי איז אין דער אמתן ענלאַך געווען צו אַ פּרינצעסין, ווען אַ ריינע, אַ ציכטיקע פלעגט זי זיך באַווייזן אין אירע העלע קליידער אין דעם האַלב־פינצטערן קאָרידאָר, באַגלייט פון איר גרויסן הונט און אַ דינעם אַראָמאַט פון פּאַרפיומען.

ריטאַ איז געווען שיין, אָבער איר שיינקייט איז געווען אַ פאַר־וועלקטע, אַ געפּאַלענע, וואָס האָט פאַרשעמט און שולדיק אַרויס־געקוקט פון אונטער די אויסגעגלעטע קנייטשען, פון אונטער דער קונציק־אויסגעלייגטער פריזור, פון דעם שטילן, רעזיגנירטן אויסדרוק פון אירע אויגן. זי איז שוין אויך ניט געווען קיין יונגע. אָבער צו

פינף־און־פערציק יאָר האָט זי געקענט אויסזען, ווי פינף־און־דרייסיק. יאָרן האָבן זי געלערנט צו זיין יונג. זי האָט אָפּטמאָל גע־רעדט פון טויט, געוואָלט דעם טויט, און דאָך תפילה געטאָן דער יוגנט.

ריטאַ האָט אָפּגעלעבט אירע יאָרן אין ברוויזיקער יוגנט. די יוגנט איז שוין פון איר געווען ווייט. דאָס, וואָס איז געווען איצט, איז געווען ניט איר לעבן. איר לעבן איז אַוועק, דערפאַר האָט זי געפּוצט אירע טעג אין די גוטע ווייטע עראינערונגען. זי האָט גע־וואָלט שטאַרבן אין די גוטע עראינערונגען. וועגן דער יוגנט. האָט זי זיך געפּוצט, געפּוידערט און געשמינקט, אָנגעטאָן זיך ריין און געשמאַקפול און נאָכגעמאַכט די אייגענע, פון דער יוגנט אָפּגע־שפּאָרטע, געוואוינהייטן.

און דערפאַר, וואָס קיינער האָט ניט געוואוסט איר פאַרגאַנ־גענהייט און ניט געוואוסט דעם אמת פון איר לעבן, האָבן די שכנים ניט אויפגעהערט צו זוכן די אַנטפּלעקונג פון יענער סודותדיקייט, וואָס האָט זי אַרומגערינגעלט. מען האָט שעה׳ן לאַנגע פאַרבראַכט אין קאָרידאָר מיט אָנגעשפּיצטע אויערן, צוגעהערט זיך צו יעדן רויש און שאָרך פון הינטער איר וואַנט, אויסגעקוקט די אויגן דורכן שליסל־לעכל. מען האָט זי נאָר געקענט זען איבער אַ בוך, לעבן טיש, אַ שטילע, אָדער פון צייט צו צייט הערן איר שטילן געשפּרעך מיטן הונט, וואָס איז געלעגן לעבן אירע פיס.

באַרק האָט אַ לאַנגע צייט ניט באַגעגנט ריטאַ׳ן. ער האָט נאָר געהערט וועגן דער נייער שכנה. די קלאַנגען האָבן אים ניט אינ־טערעסירט, און דערפאַר האָט אים אויך ניט אינטערעסירט די נייע שכנה. ער האָט נאָר איין מאָל באַמערקט וועגן דעם:

— כע! פּרוּיען קאָכן זיך אַרום אַ פּרוי. טייוואָלים־שפּיל.

אָבער איין מאָל האָט ער זי באַגעגנט אין קאָרידאָר. זי איז געגאַנגען שטאָלץ און געלאַסן, מיט שטילע, געמאָסטענע טריט. געהאַלטן דאָס פּנים אָפן און געקוקט גלייך פאָראויס. הינטער איר, טראָט נאָך טראָט, איז געגאַנגען דער גרויסער ענגלישער הונט.

באַרק האָט זיך אָפּגעשטעלט. ניט געקענט ווייטער גיין. ריטאַ מיט איר הונט זענען פאַרבייגעגאַנגען, פּונקט ווי קיינער וואָלט זיי

ניט געקומען אַנטקעגן. ער איז אַ ווייל געשטאַנען און געטראַכט. זי איז ניט געווען ענלאַך צו קיין אַנדערער פרוי אַף דער גאַנצער וועלט. זי איז געווען גאָר אַן אַנדערע. אָבער זי איז זיכער געווען ענלאַך צו אימיצן, וועמען ער האָט נאָענט געקענט. ער האָט זיך בלויז ניט געקענט דערמאָנען. אין דער פינצטערניש פון זיין נשמה האָט אַ ציטער געטאָן אַ פאַרגעסן געפיל און גענומען לעבן. אָבער ער האָט זיך ניט געקענט דערמאָנען. איז ער, אַן אומרואיקער, אריין צו זיך אין צימער און ניט אויפגעהערט צו טראַכטן, שווער און פאַרעקשנט, וועגן אָט־דער פרוי, וואָס איז געווען אַ פרעמדע און האָט אָנגערירט זיין האַרץ, ווי אַן אייגענע, אַ נאָענטע.

.6

באַרק האָט געאַרבעט אין אַ שפּייכלער פון מאָדעל־פיגורן אין דער גרויסער דעפּאַרטמענט סטאָר פון „בראָד ענד קאָמפּאַני". אונ־טער זיין אויפזיכט זיינען געווען אַלע פיגורן, סיי די אַלטע, וועלכע מ'האָט שוין באַנוצט אין דער קעלער־אָפּטיילונג פון סטאָר, סיי די נייע, וואָס זיינען געווען אַ פּראָדוקט פון נייע דערפינדונגען און אויסבעסערונגען אויפ'ן געביט פון מאָדעל־אינדוסטריע. זיי זיינען שוין געווען, לויט זייער סקולפּטורישער און מעכאַנישער פּולקאָ־מענקייט, איינע פון די נייסטע דערגרייכונגען אַף דעם געביט.

די הונדערטער מאָדעלן האָט מען געהאַלטן אין אַ ספּעציעלער געביידע, וועלכע מהאָט צוליב דעם צוועק נאָך מיט יאָרן צוריק, צוגעבויט צו דער הויפּט־געביידע פון סטאָר. זי איז געווען פאַר־בונדן מיט דער סטאָר דורך אַן איין־איינציקער טיר פון גאַלוואַ־ניזירטן בלעך. די טרי האָט זיך גערוקט, הין און צוריק, אין דער ברייט פון דער וואַנט, אַף רעדלאַך, צווישן אייזערנע שטאַנגען און, אַ צוגעמאַכטע, געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ גרויסער, בלעבענער וואַנט.

אַ גאַנצן טאָג, ווען די דעפּאַרטמענט סטאָר איז געווען איבער־געפּולט מיט מענטשן איז די אָפּטיילונג פאַר די פיגורן געווען צוגע־שלאָסן, און נאָר אין זעלטענע פאַלן, ווען עס איז געקומען אַ זייער

דרינגענדיקע נויטווענדיקייט ארויסצובאַקומען אַ פיגור, איז די טיר געעפנט געוואָרן אויך באַטאָג. אַזוי איז אָבער די טיר געווען שטענדיק אַ צוגעמאַכטע. ערשט אין אָוונט, ווען די גרויסע גע־ביידע האָט זיך געשלאָסן פאַר דעם דרויסנדיקן עולם איז אַריינגע־קומען דער מעכאַניקער, באַרק, דער הויפט ממונה אויף די קונציקע מעכאַניזמען פון די מאָדעל־פיגורן.

באַרק האָט דאָ אָפּגעאַרבעט אַכצן יאָר. פריער איז ער געווען אַ העלפער. ער האָט געהאָלפן דעם אַלטן מעכאַניק. פון אים טאַקע האָט ער זיך אויסגעלערנט זיין מלאכה. און שפּעטער, אַז יענעם האָט מען, צוליב עפּעס אָפּגעזאָגט פון דער שטעלע, איז באַרק גע־בליבן אַליין, און די גאַנצע צייט, זינט ער האָט איבערגענומען אויף זיך דעם שפּייכלער, איז ער ניט באַמערקט געוואָרן אין אַ וועלכער עס איז אומפּינקטלאַכקייט. ער האָט קיינמאָל אפילו ניט פאַרשפּע־טיקט צו דער אַרבעט. און ווי נאָר ער פלעגט אַריין אין זיין אָפּ־טיילונג, פלעגט ער שוין דאָרט פאַרבלייבן, ניט אַרויסגייענדיק ביז מ׳האָט אים באַדאַרפט.

און דער שפּייכלער, וואו ער האָט געאַרבעט איז געווען ממש איבערגעפילט מיט פיגורן. דאָ זיינען געווען די אַלטע און די נייע. די אַלטע האָבן זיך געפונען הינטער אַ דינער, דראָטענער וואַנט, אינם ווייטן טייל פון דער געביידע. דאָס זיינען געווען די אָפּגע־נוצטע און האַלב־צעבראָכענע פיגורן. זיי זיינען געשטאַנען און האָבן זיך געוואַלגערט מיט צעבראָכענע פיס און הענט, מיט צעדראַפּעטע באַקן, אָפּגעריבענע העלזער און אָפּגעשפּאָלטענע פּלייצעס. איי־ניקע זיינען געווען אָן נעזער. זיי זיינען געווען פאַרשטויבטע און פאַרלאָזענע.

די נייע זיינען שוין געווען אַ פּראָדוקט פון דער נייער צייט. זיי זיינען געווען דאָס לעצטע וואָרט אין דער פיגורן־אינדוסטריע. אויסגעמאָדעלירט לויט די געשטאַלטן און אויסזען פון די שענסטע פרויען פון דער וועלט, האָבן זיי ביז דעם לעצטן מעגלאַכן באַגריף. געטראָגן דעם אָנבליק און דעם אויסזען פון וואונדער־שיינע לעבע־דיקע פרויען. געמאָלן פון מאָדערנעם מאָלער און מאָדעלירט פון מאָדערנעם סקולפּטאָר, האָבן זיי אין דעם אויסדרוק פון זייער פּנים,

אין דעם לעבעדיקן שוואונג פון זייערע גלידער געטראָגן דעם ריטם פון מאָדערנעם לעבן, די לעבעדיקע פאַנטאַזיע פון דעם קינסט־לער. זיינע אידעאַלע באַגערן, זיין פאַרערונג פון פרויען־קערפּער. אין יעדן קנייטש, ווי אין אַ קונסט־ווערק, איז געווען אַריינגעהויכט דער לעבעדיקער צאַפּל פון זיין נשמה.

די פיגורן זיינען געשטאַנען אויסגעשטעלט אין דער שטאָל־צער אָרדענונג אין וועלכער עס שטייען שטאָלצע שיינהייטן. זיי האָבן געגלאַנצט מיט זייער פּאָליטור, שטאָלצירט מיט די קלוג־צוגעטראַכטע מעכאַניזמען פון זייערע קערפּערס, וואָס האָבן מעג־לאָך געמאַכט אין זיי די ענדערונג אין זייערע פּאָזעס. זייער שטיין איז געווען לעבעדיק און רייצנדיק. זייערע אויסגעשטרעקטע אָרעמס זיינען געווען רירעוודיק־צאַפּלדיק און דער כלומרשדיקער טראָט פון זייער פוס איז געווען לעבעדיק אין שוואונגיק. דערפאַר האָבן די אַלטע פיגורן געקוקט אויף די נייע מיט געפאַלענער קנאה.

ווייל עס איז געווען אַ שטאָלצע אַריסטאָקראַטישקייט אין אָט די נייע פיגורן. צו זיי האָט זיך אַפילו דער קאָסטומירער באַ־צויגן אַנדערש. אָבער באַרק האָט זיי ניט ליב געהאַט. אַרום זיי איז אויך געווען מער אַרבעט. אָבער דאָס איז ניט געווען די הויפּט אורזאַך פון זיין פיינטשאַפט צו אָט די מאָדעלן. זיי זיינען געווען צו אידיאַליזירטע, צו אויסגעטראַכטע. אין זיי איז ניט געווען דער פּשוטער מענטש פון פלייש און בלוט. זייערע גלידער זיינען געווען צו צאַרט און צו איידל. זיי זיינען געווען אַריסטאָקראַטן.

באַרק איז דאָ געווען דער באַלעבאָס. ער האָט נאָר באַדאַרפט אָפּשליסן די טיר און אַ דריק טאָן אַן עלעקטריש קנעפּל, און דער פּלאַץ מיט די טויטע פלעגט אויפלעבן. דאָס ליכט פון עטלאַכע לעמפּלאַך פלעגט זיך אַ וויג טאָן איבער די ווענט, איבערן באַלקן און איבער די האַלב־ערנסט־ האַלב־שמייכלדיקע פיגורן. אונטערן שיין פון אָט דער פויזנדיקער ליכט איז געשטאַנען אין פּלאַץ אַן אומרואיקייט. די גאַנצע מחנה פיגורן פלעגן עפּעס ווי לעבעדיק ווערן. די געשנירלטע ברעמען פלעגן זיך אַ ריר טאָן. די חן־גריבלאַך אַף די באַקן פלעגן זיך צעשמייכלען און צעשפּילן. די דינע נאָזלעכער פלעגן ציטעריקער ווערן. פּונקט ווי זיי וואָלטן אַריינגעצויגן אין

זיך א דינעם אראמאט. עס האט זיך געדוכט, אז די לעבעדיק־גע־וואָרענע פיגורן, צעשטעלט אין רייען, וועלן זיך א ריר טאָן און אוועקלאָזן זיך אין גלייכער אָרדנונג, אין א משונהדיקער שטומער פּראָצעסיע, אָדער אין א ווילדן פּאראַד, מיט טענץ און גאָט־לעסטערונג.

ווייל עס איז שוין געווען א געוואגטע קדושה־לעסטערונג אין דעם אליין, וואָס זיי, די טויטע, זיינען מיט אזא געוואגטער חוצפּה־דיקייט ענלאך געווען צו לעבעדיקע מענטשן פון בלוט און פלייש, וואָס זיי האָבן מיט יעדן שטומען גליד ארויסגעשריען די נאָענט־קייט צו מענטשן, פונקט ווי זיי וואָלטן זיך געריצט מיט אים, דעם געטלאך־באשאפענעם.

אָבער באַרק איז געוואוינט געווען צו די פיגורן. ער האָט זיי געקענט, ווי מענטשן. ער האָט זיך געקענט לייכט פאנאנדערקלייבן אין די פאַרשיידענערליי פּנימער. צווישן זיי זיינען געווען פריילאַכע און ערנסטע, שטאָלצע און נאַכלעסיק־זאָרגלאָזע. אייניקע האָבן אויך פאַרמאָגט אָפענע האַרציקע בליקן, אייניקע — שפּאָטישקייט אין אויסדרוק פון פּנים. די ערנסטערע צווישן זיי זיינען געווען די זיצנדיקע פיגורן. אַלע איבעריקע האָבן פאַרמאָגט אין זיך, אין זייער גאַנצן האַלטן, אין דעם אויסדרוק פון זייערע פּנימער, בלויז קאָקעטסטווע. די אויגן האָבן שעלמיש געשמייכלט. די פּלייצעס האָבן זיך טראָציק געשפּיצט און די אָרעמס זיינען שטיפעריש גע־האַנגען, ווי זיי וואָלטן עפּעס געכאַפּט אין דער לופטן.

באַרק האָט זיי סאָרטירט און אויסגעשטעלט לויט זייער גרויס און כאַראַקטער. ווייל צווישן די פיגורן זיינען געווען „עלטערע" און „אינגערע". די „עלטערע" האָבן געהאַט פול־אַנטוויקלטע קערפּער־טיילן, ווי פול־אַנטוויקלטע פרויען, מיט פולע היפטן און בריסט, מיט קיילאַכדיקע ברייטע פּלייצעס און בייכער, מיט דיק־לאַך געזעצטע פיס און אָרעמס. די „אינגערע" האָבן געהאַט יונגע, נאָך ניט אינגאַנצן אַנטוויקלטע פאָרמען, מיט בליענדיקע, נאָך ניט אינגאַנצן אויסגעפילטע בריסט, מיט שפּילעוודיקע בייכער און היפטן, מיט שלאַנקע פיס און אָרעמס.

צווישן די פיגורן זיינען געווען אזוינע, וועלכע באַרק האָט

ליב געהאַט און אויך אַזוינע, וועלכע ער האָט ניט געקענט פאַר־טראָגן. אַזוינע פיגורן פלעגט ער שוין זען צו פאַררוקן ערגעץ אין אַ ווייטסטן ווינקל, ער זאָל זיי ניט זען פאַר די אויגן און אויך אַנ־דערע זאָלן ניט דערזען. אַזאַ פיגור האָט זעלטן ווען דערזען די ליכטיקע וועלט פון אַ וויטרינע. און אַז ס׳האָט פאַסירט, אַז דער קאַסטיומירער האָט זי שוין דערזעען, האָט באַרק באַנוצט זיין גאַנצע ווערטער־קראַפט, כדי אָפּצוהיטן פון איר:

— וואָס? איר ווילט נעמען די פיגור? טוט אַ קוק אויף איר. עס איז דאָך אַ שאַנד אַ קוק צו טאָן. אַ פאַרזעעניש! ניטאָ אין איר קיין פּראָפּאָרציע, איר וועט פּטרן אויף איר אַ קלייד. דאָס שענסטע קלייד וועט די פיגור פאַרמיאוסן. אָט, זעט איר, פּלייצע, און די היפּטן. ניין, מיסטער קלאַר, לאָזט זי אָפּ. זי איז ניט פאַר קיין וויטרינע.

בטבע אַ שווייגנדיקער, האָט שוין באַרק שטענדיק געפונען גענוג ווערטער צו פאַרמיאוסן די פיגור אין די אויגן פון דעם קאַסטומירער, און איז אַמאָל טאַקע אַרויס דער זיגער. אָבער באַ־זונדערס האָט ער פיינט געהאַט די פיגור נומער 47. דאָס איז גע־ווען אַ מיידל פון דעם אַריסטאָקראַטישן קלאַס. זי איז געווען אַ מיידל מיט אונטערגעפירטע ברעמען, מיט שפּאָטיש־שמייכלענדיקע אויגן און שפּיציקע פּלייצעס, וואָס האָבן טראַציק אַרויפגעקוקט אַנטקעגן די שמייכלענדיקע אויגן און האָבן ווי אויסגעלאַכט באַרקן יעדעס מאָל, וואָס ער האָט אויף איר אַ קוק געטאָן. אַפילו אירע ניט אַנטוויקלטע בריסטלאַך האָבן אויך טראַציק געשטעקט אינ־איינעם מיט די פּלייצעס צום געלעכטער און שפּאָט.

## 7

דער קאַסטומירער קלאַר איז אַלע מאָל געקומען מיט אַ שעה שפּעטער פון באַרקן. מיט אים פלעגט אויך קומען זיין געהילף, וועלש. און גלייך ווי די צוויי פלעגן אַריינקומען אין שפּייכלער פלעגט דער פלאַץ זיך בייטן. אַלע מאָל איז דאָ געווען אַ שטיל־קייט. אַ רואיקייט איז געווען אויסגעשפּרייט אַף די ווענט און

באַלקן. די פיגורן האָבן געשוויגן. באַרק האָט געשוויגן. די לאָמפן זיינען געהאַנגען און געשפּרייט אַ שווייגנדיק ליכט. און נאָר ווען די צוויי קאָסטומירער זיינען אַריינגעקומען פלעגט ווערן אַנדערש. עס פלעגט ווערן טומלדיק. דערצו איז נאָך דער הויפט קאָסטומירער געווען אַ מענטש מיט אַ געמבע. ער האָט גערעדט הויך אַפן קול. געלאַכט און געשריען אפילו דאַן, ווען עס איז גאָר ניט נויטיק גע־ווען. ער האָט אויך באַ דער אַרבעט ליב געהאַט אויסצופייפן פאָ־פולערע מעלאָדיעס. און ער האָט בכלל ליב געהאַט אָנצומאַכן מער טומל מיט זיין קומען וויפיל דער פלאַץ האָט געקענט פאַרטראָגן. באַזונדערס האָט דער טומל ניט געקאָנט פאַרטראָגן באַרק. דאָס קעניגרייך פון זיינע פיגורן איז דאַן געווען ניט אין זיין רשות. אָבער העלפן האָט ער ניט געקענט. דערפאַר איז ער אָבער געווען אָנגעכמורעט און נאָך שווייגנדיקער און האָט, ווי אַן אַווטאָמאַט, געטאָן די אַרבעט און געענטפערט אויף פראַגעס.

קלאָר האָט אויך מיט זיין קומען אין פלאַץ אָנגעמאַכט אַלע מאָל אַן איבערקערעניש. די גאַנצע אָרדענונג איז צעשטערט גע־וואָרן אין איין מינוט צייט. ער פלעגט פאַנאַדעררוקן, אָן צערע־מאָניעס, די פיגורן. אייניקע זיינען דערביי אַרויסגערוקט געוואָרן פאָראויס און אייניקע זיינען געבליבן פון הינטן. ער האָט זיי סאָרטירט. אַרומגעקוקט און אַרומגעטאַפט. פונקט ווי ניט באַרק, נאָר ער אַליין וואָלט געווען דער באַלעבאָס אַפן פלאַץ. די אָפגע־קליבענע צום קאָסטומירן האָט דער אַסיסטענט פאַרשריבן. נומער צו נומער. ווי קלאָר האָט זיי אויסגעשריען אַפן קול.

קלאָר האָט ליב געהאַט צו ריידן און מאַכן פאַרשיידענע באַ־מערקונגען וועגן יעדער פיגור באַזונדער. פאַנאַנדערפרעגן וועגן די אייגנשאַפטן פון יעדן מעכאַניזם, וועגן דער הויך און דיק פון דער פיגור. אַף אָט־די אַלע פראַגן האָט באַרק באַדאַרפט ענטפערן מיט אַלע פינקטלאַכקייטן. ער האָט אויך באַדאַרפט אָפטראָגן די פיגורן צו די וויטרינעס, אָפשטויבן זיי, ברענגען אין אָרדענונג דעם מעכאַניזם.

עס האָט פאַסירט אַז די דריי האָבן זיך פאַנאַנדערגערעדט וועגן די מאָדעלן. איז דער געשפרעך געפירט געוואָרן אַף אַזאַ אופן,

ווי די טויטע מאָדעל־פיגורן וואָלטן געווען באַקאַנטע, לעבעדיקע פּערזאָנען. למשל:

— העי, באַרק, זאָלסט ניט פאַרגעסן אָפּוואַשן אַביסל דעם מיידל זעכצן די פּיס. זי האָט שמוציקע פּיס. דורך העלע זאָקן וועלן די פלעקן אַרויסקוקן. זעסט? אָט דאָ, אונטער די איקרעס.

אָדער:

— אָט באַ דער איז דער בויך אַ צו גרויסער. דאָס קלייד וועט אָף איר ליגן ווי אָף אַ טראָגעדיקער. וואָס זאָגסטו? קענסטו אפשר איר דאָס בייכל איינשרומפּן. קענסט ניט? אַ שאָד. אַזאַ שיין פּנים. אַך, דו נאַרישע מיידל, וואָס דו ביסט! האָסט אַ צו גרויסן בויך.

אָדער:

— אָט־די־אָ וועט זיין פּונקט, וואָס איך האָב געוואָלט פאַר דעם באָל־קלייד מיט די אויסשניטן. אַ צאַרטער רוקן און שיינע בריסט. וועסט זיין אזוי גוט, באַרק, און אָפּפּאָלירן איר אַביסל דעם האַלז, דעם רוקן און די בריסט. מען דאַרף דאָך זי עפּעס ווייזן פאַר לייטן.

אָדער:

— יע, באַרק. איך האָב געוואָלט דערמאָנען. האָסטו שוין עפּעס געטאָן מיט דער „קאַליקע"? קען מען זי שוין אַוועקזעצן ווי אַ פיין מיידל? אַזאַ עקשן! לאָזט זיך גאָרניט אַוועקזעצן.

— ניין, מר. קלאָד. אָפּגעאַרבעט אָף איר אַ גאַנצע נאַכט. אינגאַנצן פאַנאַנדערגענומען און ווידער צונויפגעשטעלט. די היפּט איז צו גראָב. זעצסט זי נאָר אַוועק, שטעקט זי דיר אַרויס. אַזאַ גראָבער הינטן!

— אַזאַ קאַליקע! כאַפּט זי דער טייוול! מ'דאַרף זי אָפּ־שיקן פון וואַנען זי איז געקומען, און פאַרטיק. פאַרשרייב דעם נומער.

— אַ שאָד, זייער אַ שיינע מיידל. יעדע קלייד וואָלט איר געפּאַסט ווי אַ כלה.

— יע, אַ שאָד. אָבער מ'דאַרף זי אָפּשיקן צוריק אין דער פאַבריק. האָסטו אפשר אַן אַנדערע אויף איר פּלאַץ, באַרק?

באַרק פירט צו קלאָדן צו אַ פיגור אַביסל ווייטער. רוקט אַרויס

אַ נייע פיגור. נאָך ניט קיין גענוצטע. מיט אַ פּנים פון אַ מאַדאָנע. פרום און קאַלט. קלאָד נעמט זי אָן פאַר דער טאַליע. הייבט זי אונטער און שטעלט זי אַוועק נעבן צום עלעקטרישן לאָמפּ:

— קום קאַרש אַהער, ליבינקע. לאָמיר דיך אָנקוקן. ניין. ביסט צו פרום פאַר דער וויטרינע. אין אַ מאָנאַסטיר דאַרף מען דיך אַוועקזעצן. ניין. דאָ דאַרפן מיר האָבן אַ פרויקע, וואָס זאָל זיין לעבעדיק און זינדיק. ניין, באַרק, די וועט ניט גיין. דו פאַרשטייסט אַף פרויען ניט מער פון אַ געפּגרטער קאַץ. טו נאָר אַ קוק, וועלש, וואָס פאַר אַ פרוי ער רוקט מיר צו פאַר דעם קאָלירטן קליין. עס איז דאָך צום לאַכן! איך דאַרף אַ לעבעדיקע מיידל, מיט ברען אין די אויגן, עס זאָל קאָקעטירן, פלירטירן, וואַמפּירן, און ער גיט מיר אַ מאָנאַשקע. זאָל דיר גאָט צו דער עלטער אַזאַ ווייב געבן, וועסטו מיט איר אינאיינעם פאַרפראָרן ווערן! איך ווינטש דיר פון גאַנצן האַרצן. גלויב מיר.

באַרק האָט זעלטן געענטפערט אַף אַזאַ רעפּליקע. ער האָט געשוויגן. ניט די, האָט ער געקענט רעקאָמענדירן אָן אַנדערע, וואָס האָט געהאַט אי ברען אי קאָקעטסטוואָ. פלעגט ער אַרויסרוקן די אַנדערע. און שווייגנדיק וואַרטן וואָס קלאָד וועט וועגן איר זאָגן.

— אָט אַזוי, באַרק, וועסטו צו דער עלטער אַ פאַרשטייער. די האָט אַלע מעלות פון אַ טייער קינד. אַ פיין קינד. פאַרשרייב וועלש. פאַר דער וויטרינע נומער זעכצן. אָט אַזוי באַרק. גיב זיי אַהער, די מיידלאַך!

און אַזוי איז יעדע מאָדעל־פיגור געווען ווי אַ לעבעדיקער מענטש, מיט אַ פּנים, כאַראַקטער און אויסדרוק. און באַרק האָט זיי, יעדע איינע, געקענט לויט דעם אויסזען, לויט געשטאַלט און לויט טויזנטער, קוים באַמערקבאַרע קלייניקייטן וואָס וואָלטן אַפילו ניט דערשיינען פאַר אַ פרעמדן אויג.

באַרק האָט ניט אַלע מאָל ליב געהאַט צוצוקוקן ווי דער קאָמ־טומירער טוט אָן די פיגורן אין דער וויטרינע. ער פלעגט ברענגען די פיגור, אַוועקשטעלן זי אין פענסטער און אַוועקגיין צוריק. אָבער באַרק האָט געהאַט באַליבטע מאָדעלן. צו זיי איז ער ניט געווען גלייכגילטיק. זייער באַשטימונג פאַר דער וויטרינע איז געווען פאַר

אים אַליין אַ פּאַסירונג. עס איז געווען אַ פרייד און אַן אייפער־זוכט. ווייל די פענסטער, פון דער גאַס, זיינען געווען פאַרהאַנגען מיט אַ גרויסן ווייסן לייוונט פון אַ גערדיכטן געוועב. קיין מענטשלאַך אויג האָט ניט געקענט אַדורכקוקן. די וויטרינע איז געווען אַן אָפּ־געזונדערטער צימער. דער קאָסטומירער האָט מיט פּאָרזיכטיקע באַ־וועגונגען, מיט די שפּיצן פון זיינע פינגער אָנגעצויגן אָפּן ראָזעווען לייב פון דער מאָדעל־פיגור דאָס דינע זייד פון קלייד, זייער לייכט באַרירט די פאָרמען און גלידער פון געשניצטן קערפּער, ווי ער וואָלט ניט געוואָלט צו שטאַרק באַליידיקן איר פרוילאַכקייט, איר נאַקעטקייט. באַרק האָט נאָכגעקוקט און אויפגעכאַפּט מיט אַ פריי־דיקער, אייפערזיכטיקער רעגונג זיין יעדע באַוועגונג. געהאַט אַזאַ אַנגענעם־ווייטיקדיקן און טיף־עראָטישן געפיל אַרום האַרצן און אין דעם גאַנצן קערפּער, פּונקט ווי די פרעמדע הענט וואָלטן באַ־רירט זיין אייגענע געליבטע, אָדער דעם קערפּער פון זיין ווייב. און עס האָט זיך געדוכט, אַז די פיגור איז אויפגעלעבט געוואָרן פון אָט דער באַרירונג און אַז אין איר האָט פון דעם אויפגעצי־טערט אַ פרייד און אַ רעגונג. די אויגן זיינען עפּעס לעבעדיקער און שעמעוודיקער געוואָרן און די בריסט — הילפלאָזער, דערשראָ־קענער. און נאָך האָט זיך געדוכט, אַז אָט־אָט, און די פרעמדע הענט וועלן זיך פאַרגעסן, וועלן זיך אויפרעגן און וועלן טאָן עפּעס שרעקלאַכס.

פון דעם איז געווען אַ שרעק אין האַרצן. אָבער דאָס איז געווען אַן אַנגענעמער שדעק. און באַרק איז געשטאַנען אַן אַ זייט, אַז קלאָר זאָל אים ניט זען, און מיט געשפּאַנטע אויגן, אין מאָדנער פאַרגעסונג און שרעק געקוקט און געקוקט. און טיף אין אים האָט געפיבערט אַן אומבאַזיגבאַרער פאַרלאַנג, אַז עס זאָל פּאַסירן דאָס שרעקלאַכסטע. די אייפערזוכט האָט געזוכט אַ וועג צום אויסדרוק. עס האָט זיך געוואָלט, אַז עס זאָל פּאַסירן אַ וואונדער. דאָס אומ־מעגלאַכע זאָל מעגלאַך ווערן. דאָס לעבן האָט געוואָלט קלאָרקייט.

אָבער דער וואונדער האָט קיינמאָל ניט פּאַסירט. און באַרק פלעגט צום טויזנטן מאָל אַוועקגיין פון דער וויטרינע אַ שווייגנ־דיקער, אַן אַנטוישער און ניט קיין באַפרידיקטער. און ערשט ווען

ער איז געקומען צוריק אין שפּייכלער, צו זיינע פיגורן און פאַר־מאַכן נאָך זיך די טיר, פלעגט דאָס האַרץ איינגעשטילט ווערן.

עס פלעגט אויך פּאַסירן, אַז גאַנצע וואָכן איז ניט געווען וואָס צו טאָן. דער קאַסטומירער פלעגט ניט קומען. באַרק איז געווען אַליין אין דער געביידע, אַן איינגעשלאָסענער אין די פיר ווענט מיט די מאָדעלן. קיינער איז צו אים ניט אַריינגעקומען. די נאַכט־וועכטער, וואָס זיינען באַנאַכט אַרומגעגאַנגען איבער דער לענג און ברייט פון גרויסן דעפּאַרטמענט סטאָר און געהיט די איבער־געדעקטע גוטס אויף די לאַנגע טישן און קאַנטאָרן, האָבן ניט ליב געהאַט באַרקן. זיי זיינען צו אים קיינמאָל ניט אַריינגעקומען זאָגן אַ וואָרט. אַליין באַרעדעוודיקע, זשעדנע דורך דער לאַנגער נאַכט אויסצורעדן מיט אַ מענטשן אַ וואָרט, האָבן זיי קיינמאָל ניט גע־פירט קיין געשפּרעכן מיט באַרקן. זיי האָבן אים געלאָזן זיצן, פאַר־שפּאַרטערהייט, הינטער דער בלעכענער טיר. איז באַרק געווען צופרידן. ווייל ער איז אין זיין איינזאַמקייט ניט געווען אַליין. די אין רייען־אויסגעשטעלטע פיגורן זיינען ניט געווען סתם טויטע פי־גורן געמאַכט דורך מענטשלאַכע הענט צו באַדינען אַ געווויסן צוועק, וואָס זיינען איז זייער תוך, אין זייער שטומער אומבאַוועגלאַכקייט געווען ענלאָך און אייניק צווישן זיך. פאַר אים זיינען זיי געווען ווי באַזונדערע מענטשן, מיט באַזונדערע אייגנשאַפטן אין כאַ־ראַקטער און אויסדרוק. יעדע פון זיי האָט אים געקענט דערציילן איר אייגענע מעשה, אויסמאָלן פאַר אים אַ באַזונדער בילד פון איר לעבן און אויסזינגען איר אייגן ליד.

ער האָט אפילו געקענט ריידן מיט זיי. אַליין דערציילן זיי פון זיין לעבן. און מאָדנע איז דערביי געווען, וואָס פאַר מענטשן, פאַר לעבעדיקע מענטשן, האָבן אים שטענדיק געפעלט ווערטער, ניט געהאַט וואָס צו ריידן און וואָס צו דערציילן. און פאַר זיי, פאַר די טויטע, פאַר יעדער איינעם פון זיי, זיינען געווען ווער־טער, ווי פון פריער אָנגעגרייט. ער האָט באַדאַרפט צוגיין און פונאַנדערריידן זיך. און ווערטער האָבן זיך שוין, אַליין פון זיך, פאַרבונדן אין די נויטיקע פראַזן, געבעטן זיך אויף דער צונג. אַ קוק געטאָן אויף איינער, און עס איז שוין געווען פון וואָס צו ריידן:

— הע, וואָס ? מר. קלאַד האָט דיך ניט געוואָלט ארויסשטעלן ? דאָס איז גאָרניט. ניט געזאָרגט. אָט אזא איז ער שוין, מר. קלאַד. ניט היינט, איז שפּעטער. ער וועט דיך ארויסשטעלן. זיי וועלן דיך אָנקוקן. אַך, וועלן זיי דיך אָנקוקן ! דו דאַרפסט נאָר צוואַווארטן נאָך אביסעלע, און דאַן וועט דיך די וועלט דערזען. טויזנטער וועלן דיך קומען אָנקוקן. נאָר איין ביסעלע געדולד, מיין טייערע.

ער האָט געריעדט, און שוין האָט זיך געפרייט זיין הארץ מיט איר פרייד. און שוין איז געווען גוט פון דעם, וואָס מ׳וועט זי אויך ארויסשטעלן פאַר די אויגן פון דער ליכטיקער וועלט.

און אַמאָל האָט ער אויך זיך געקאָנט טרייסטן דורך זייער נאָענטקייט. ער האָט זיך געקאָנט מיט איינער פון זיי פאַנאַנדער־ריידן וועגן זיך און וועגן זיין לעבן צווישן מענטשן. ריידן לאַנג און געמיטלאַך, אָדער אין רירנדיקע ווערטער פאַרטרויען זיך פאַר זיי, דערציילן די אייגענע סודות און באַקלאָגן זיך אַף דעם אייגענעם ביטערן שיקזאַל אַף דער וועלט. און ניט זעלטן האָט פּאַסירט, אַז ער האָט אזוי לאַנג, פאַר אַ פיגור, געעפנט זיין הארץ, ביז פון זיינע אויגן האָבן אָנגעהויבן שטראָמען גוטע הארציקע טרערן און זיינע ציטערנדיקע ליפּן האָבן אָנגעהייבן זוכן די באַרירונג פון איר קאַל־טער, טויטער האַנט, און אַ שטילער קוש פלעגט אָפּקלינגען אין דעם נאַכטיקן קעניגרייך פון מיסטריעזע פרויען־געשטאַלטן. קיי־נער האָט פון דעם ניט געוואוסט און קיינער האָט אפילו ניט גע־קענט פאַרדעכטיקן. אָבער באַרק פלעגט אָפּטרעטן אָן אַ זייט, אוועקזעצן זיך אַף אָן אָרט און זיצן אזוי אַ פאַרזונקענער אין זיינע שווערע רעיונות, מיט אַ געבויגענעם קאָפּ.

איין מאָל איז גראד פלוצלונג אריינגעקומען אין שפּייכלער קלאַד. ער האָט שנעל ארומגעקוקט דעם פּלאַץ, געפּרואווט מיט די אויגן אויסגעפונען באַרקן. אָבער יענער איז געזעסן ערגעץ צווישן די פיגורן, אַ פאַרטראַכטער. האָט שוין קלאַד אָנגעהייבן רופן :

— העי, באַרק, וואו, צום טייוול, ביסטו ? שלאָפסט ? אָדער ביסט אוועקגעפגרט צווישן די אַלטע מאָדעלן, הינטער דער גראַטע ?

באַרק האָט דערהערט קלאַדס שטימע, איז ארויסגעקראָכן פון צווישן די פיגורן און אוועקגעשטעלט זיך, אַ שווייגנדיקער, אַליין

ווי אַ טויטע פיגור, לעבן אים און געוואַרט אַף אַ באַפעל. קלאָד האָט אים אָנגעקוקט:

— וואָס שווייגסטו? זאָג עפּעס. דו לעבסט, צי דו ביסט געפּגרט? עפּעס קוקן ניט דיינע אויגן. צי דו ביסט שיכור.

באַרק איז געשטאַנען אַן אומבאַוועגלאַכער. קלאָד האָט נאָך אַמאָל אים אָנגעקוקט פאַרוואונדערט:

— גיי אהיים, באַרק. דו ביסט קראַנק. עפּעס איז מיט דיר. זע ווי דו ביסט בלייך. האָסט קיין פּנים ניט. גיי, זאָג איך דיר, אהיים.

באַרק האָט ניט געענטפערט. אַז קלאָד איז אַרויס, האָט ער זיך אַוועקגעזעצט צוריק אַף דעם זעלביקן אָרט און געזעסן ביז אינדערפרי. ווען ער האָט שוין באַדאַרפט אַוועקגיין אהיים.

און אַרויסגיין פון דער אַרבעט פלעגט באַרק אַלע מאָל אין דערזעלביקער צייט, צו דער מינוט, אפילו ווען פאַר אים איז גאָרניט געווען קיין אַרבעט. אפילו ווען קלאָד פלעגט אים הייסן גיין אהיים, פלעגט ער אויך ניט גיין. די נאַכט איז געווען ניט זיינע, האָט ער זי ניט געוואָלט נעמען.

פונקט פיר אַזייגער אינדערפרי פלעגט ער זיך אויפהייבן פון זיין אָרט, פאַררוקן די שווערע בלעכענע טיר, צושליסן זי, איבערן טאָג, מיט דעם גרויסן לאַנגן שליסן און אויפהענגען דעם שליסל אין אַ באַשטימטן פלאַץ, אין דעם הויפּט אָפיס, וואָס האָט זיך געפונען אַפן העכסטן שטאָק, און נאָכדעם ערשט דערפילן, אַז זיינע פליכטן זיינען אויסגעפאָלגט געוואָרן ביז דער קלענסטער פינקט־לאַכקייט. דערפאַר פלעגט ער זיך דערפילן אינדרויסן אַ רואיקער און אַ באַרואיקטער.

ער האָט זייער ליב געהאַט די פינצטערע פרימאָרגנס. ער האָט זייער ליב געהאַט די פרישקייט, וואָס האָט געשמעקט מיט טאָג און מיט נאַכט אינאיינעם. דערפאַר איז ער טאַקע קיינמאָל ניט געפאָרן אהיים, שטענדיק געגאַנגען.

ס'איז געווען אַ פאַרגעניגן צו גיין צווישן די ריזיקע געביי־דעס. פאַרביי רייכע קוואַרטאַלן, פאַרביי די גרויסע געשעפטן, מיט טונקעלע אויסגעלאָשענע וויטרינעס צו דער באַוערי, צו זיין באַוערי,

וואו ער האָט געפירט זיין לעבן און וואו עס איז געווען זיין היים. דאָרט האָט ער אויך געהאַט אַ שטענדיקן רעסטאָראַן „די בין“, וואו ער האָט געגעסן און געטרונקען און וואו ער האָט געקענט, נאָכן עסן, זיצן לאַנג און פאַרבאָרגן אין אַ ווינקל טראַכטנדיק זיינע אייגענע געדאַנקען פון לעבן אַרום אים.

„די בין“ איז געווען אַ לאַנגער פּלאַץ מיט איין פענסטער, וואָס האָט אַפילו אין די זוניקע טעג געגעבן זייער ווייניק ליכט, דערפאַר וואָס עס איז שטענדיק געווען פאַרשטויבט און אויסגע־שריבן מיט ווייסן, אָנווייזנדיק געגוי די פאַרבייגייער די מעניו און די ביליקע פּרייזן. אין דעם רעסטאָראַן האָט אַלעמאָל געשמעקט מיט אַ שווערן ריח. אַ ספּעציפישע באוערי זויערקייט געמישט מיט דעם ריח פון אַלטער קאַווע און טוכלע, אָפּגעלעגענע שפּייזן. באַרק האָט דאָרט געהאַט זיין אייגענעם ווינקל אין ווייטסטן טייל פון רעסטאָראַנט, וואו ער איז געזעסן איינער אַליין, אַ פּאַרטיפּטער אין אַן אייגענער פינסטערניש, וועלכע דאָס טונקעלע ליכט האָט קיינ־מאָל ניט געקאָנט באַלויכטן און אַ מענטשלאַך אויג דערגרונטעווען. און אַז ער איז אַזוי געזעסן און געשוויגן, איז זיין שווייגן געווען ווי אַ טייל פון זיין עסן. עס איז געווען אַזוי, ווי דאָס עסן וואָלט געווען פאַרן שווייגן.

און געגעסן האָט ער יעדן פרימאָרגן דאָס זעלביקע: צוויי געפּרעגלטע אייער מיט צוויי טעפּעלאַך שוואַרצע קאַווע. דער רעס־טאָראַטאָר, אַ באַוואַקסענער, דיקער מענטש, האָט צוגעטראָגן צו אים די קאַווע מיט דער אייביקער באַמערקונג:

— פרישע אייעלאַך, מיסטער באַרק, פון אונטער דער הון. ספּע־ציעל פאַר אייך. אַ פאַרגעניגן צו עסן. די קאַווע איז היים, ווי איר האָט ליב.

באַרק האָט אויף דער באַמערקונג קיינמאָל ניט געענטפערט. ער האָט זיך קיינמאָל ניט צוגעהערט צו דעם, וואָס דער מענטש האָט צו אים גערעדט. ער האָט נאָר צוגערוקט צו זיך דעם טעלער מיט דער שפּייז, איינגעבויגן זיך טיף איבער דעם טעלער און גע־געסן, לאַנגזאַם און פאַרטראַכט, אַזוי ווי דאָס עסן וואָלט געווען אַ שטילער ריטואַל, אַן רוישיקע באַוועגונגען און קלאַנגען. און דער־

פאַר איז ער שוין נאָכן עסן פאַרבליבן אַ לענגערע צייט אין דער זעלביקער שטימונג. אין אַ שטילער פאַרגעסונג און רואיקע טראַכטונגען.

אין רעסטאָראַן פלעגן זיך אַריינלאָזן טומלדיקע מענטשן. פריע אַרבעטער און בעטלער פלעגן קומען אַהער עסן זייערע אָני־בייסנס. מען האָט געהערט הויך׳ אַפן קול, געקריגט זיך, דערציילט מעשיות און פּאַסירונגען. אמתע און אויסגעטראַכטע. אַ געדיכטער רויך האָט געפּויזעט איבער די ווענט און איבערן באַלקן. עס זיינען אָפטמאָל פאָרגעקומען געשלעגן צווישן בעטלער און טרעמפּס, וואָס האָבן זיך ניט געקענט איינטיילן מיט זייער יחוס. אָבער באַרק האָט קיינעם ניט געזען, ניט געהערט די טומלדיקע רייד און נאָר אַ פאַרבאָרגענער אין ווינקל, געזעסן און געטראַכט זיינע געדאַנקען.

דאָ האָבן אים אַלע געקענט. געוואוסט זיין שווייגערישן כאַ־ראַקטער. פאַררעכנט אים צווישן די טונקעלע געשטאַלטן אַף דער באוועריאַן געהאַלטן אים פאַר דעם אַנטיפּאַטישסטן מענטשן צווישן די עסערס אין רעסטאָראַן, מיט אַ גיפטיקער צונג, וואָס האָט גע־קענט ביטער באַליידיקן, ווען ער האָט פאַרבונדן אַ געשפּרעך מיט מענטשן. דאָ האָט מען אים אויסגעמידן.אויסגעמידן אפילו אַריינ־צוקוקן אין דעם ווינקל, וואו ער איז געזעסן, ווייל עס האָט שוין ניט איינמאָל פּאַסירט, אַז אימיצער האָט אים אָנגערירט מיט אַן אומפאָרזיכטיק וואָרט און פון דעם זיינען אַרויסגעקומען מיאוסע קריגערייען, וואָס האָבן זיך יעדעס מאָל שיר ניט פאַרוואַנדלט אין ביטערע געשלעגן. האָט קיינער מיט אים ניט גערעדט. זיצט דאָרטן באַרק, טאָ זאָל ער זיצן. מ׳האָט געוואוסט, אַז אים טאָר מען ניט אָנרירן, האָט מען אים ניט אָנגערירט.

איז באַרק אַזוי געזעסן אין דעם פרימאָרגנדיקן טומל, אַן איינגעוויקלטער אין וואָלקנס פרעמדן רויך ביז דער גרויער פרימאָרגן פלעגט אַריינקוקן אין דעם פאַרשטויבטן פענסטער. דאַן פלעגט ער זיך אויפהויבן און אוועקגיין צו זיך אין האָטעל שלאָפן.

8

פרויען האָט באַרק שטאַרק אויסגעמידן. אפילו די אייגענע שכנים־פרויען האָט ער אויסגעמידן. ער האָט זיי ניט געקענט. ער האָט מיט זיי קיינמאָל ניט גערעדט און ניט איינטיילגענומען אין דעם לעבן פון האָטעל טאָקע צוליב זיי.

באַרק האָט פיינט געהאַט פרויען. ער אַליין האָט ניט געוואוסט געננוי די אורזאַכן פון זיין פיינטשאַפט. וואַרשיינלאַך איז עס געווען דערפאַר, וואָס פרויען האָבן אים אויסגעמיטן. אפשר איז אין דעם שולדיק געווען זיין מיאוסער אויסזען און אפשר — זיין בייזער, אָפּשטויסנדיקער כאַראַקטער. פרויען האָבן אים פיינט געהאַט. און עס וואָלט אין דעם ניט געווען קיין צו פיל בייז, ווען זיי וואָלטן דערביי ניט אַרויסגעוויזן אָט די פיינשאַפט זייערע אַזוי אָפן און באַליידיקנדיק. אפילו פאַר געלט האָט ער זיך קיינמאָל ניט געקענט איינקויפן אַביסל פון דער פרויען ליבע. די געקויפטע פרויען האָבן פאַר זיין געלט ניט אַרויסגעוויזן, אָדער ניט געקענט אַרויסווייזן קיין פריינטשאַפט צו אים. פאַרקערט, עס איז שטענדיק אויסגעקומען אַזוי ווי ער וואָלט פאַר זיין אייגן געלט זיך איינגעקויפט נאָך אַביסל פון פרעמדער שנאה און פאַראַכטונג. פון דעם איז זיין פאַרביטערונג צו פרויען נאָך מער געוואָקסן. און אויב דאָס איז נאָך געווען ווייניק, האָט אַן אומגליקלאַכער צופאַל איינגאַנצן און אויף אַלע מאָל אָפּגעריסן אים פון פרויען און פרויען־ליבע. עס האָט פּאַסירט, אַז אַ גאַסן־פרוי האָט אים אָנגעשטעקט מיט אַן עקלהאַפטער ווענערישער קראַנקהייט, אָנגעשטעקט, און זי איז אויף אייביק פאַרלאָרנגעגאַנגען פון זיינע אויגן. בלויז דער בייזער אָנדענק פון איר איז פאַרבליבן מיט אים. אַ שווערער אָנדענק. אַליין אַ קראַנקע, איז זי געווען צו אים ברוטאַלער, ווי אַלע פרויען. זי האָט אים באַשאָנקען מיט איר מיאוסער קראַנקייט, און ניט רחמנות געהאַט אויף אים. פונקט ווי זי וואָלט פון אים נקמה גענומען. און פאַר וואָס האָט זי גראָד פון אים נקמה גענומען? — דאָס איז פאַר אים אויף אַלע מאָל געבליבן אַ סוד. זי איז געווען די לעצטע פרוי. די לעצטע

שווערע דערינערונג אין זיין לעבן. און נאָכדעם איז אַלץ אָפּגע־
שטאָרבן אין זיין ברוסט.

און אַז ער האָט דערזען ריטאַן און עפּעס האָט זיך אין אים
אַ ריר געטאָן האָט ער זיך דערשראָקן פאַר אָט דער אייגענער
לעבעדיקייט. ער האָט מורא געהאַט צו באַגעגענען זיך נאָך אַמאָל
מיט איר און אין דער זעלביקער צייט באַגערט, מיט אַ מאָדנער
באַגעריקייט, צו זען זי. דאָס איז געווען אַ שמערצלאַכער געפיל,
וואָס האָט אים ניט געלאָזט רוען. צווישן איר און אים זיינען
געווען ווענט, און ער האָט ניט געפילט זייער ממשותדיקייט. עס
האָבן אים פון איר אָפּגעטיילט ווייטקייטן און ער האָט ניט געוואוסט
פון די ווייטקייטן. זי איז געווען אַלע מאָל מיט אים און אין אים.
און אויב עס האָט אים עפּעס אָפּגעטיילט פון איר, איז דאָס געווען
אַזאַ אומבאַשטימטע גרעניץ, ווי די גרעניץ צווישן טויט און לעבן.
עס איז געווען אַ גרעניץ, און ניט געווען. עס האָט זיך געדוכט,
אַז אָט איז, דאַכט זיך, געווען ריטאַ, און אָט איז זי שוין ניט געווען.
אפילו זיין אייגן לעבן איז געווען און ניט געווען. עס האָט נאָר
געציטערט אין זיין ברוסט אַן אויפגעוועקטער געפיל. זי איז
געווען די גרעסטע באַגעגעניש אין זיין לעבן. זי איז ניט געווען
ענלאַך צו קיין אַנדער פרוי אויף דער וועלט. זי איז געווען גאָר
אַן אַנדערע. ער אַליין האָט נאָך ניט געקאָנט באַשטימען אין וואָס
עס איז באַשטאַנען איר אַנדערשקייט צווישן פרויען, און שוין
געוואוסט, אַז זי איז ניט ווי אַלע.

הערפאַר האָט יעדן אינדערפרי באַרק אָנגעהויבן צו קומען
פריער. ער איז געקומען און אַוועקגעזעצט זיך אונטן, אין דער
„לאָבי". מייקל האָט זיך געוואונדערט אויף באַרקן. ער האָט אָבער
מורא געהאַט צו פרעגן, אָדער בכלל אויסצוריידן אַ וואָרט, און באַרק
האָט נאָר געטראַכט וועגן ריטאַן. געוואַרט ביז זי וועט זיך באַווייזן
אין איר פרימאָרגנדיקן קלייד, אין דער באַגלייטונג פון הונט, איבער
די טרעפּ, און אַרויסגיין אין דרויסן שפּאַצירן. און ווי יענע פלעגט
דורכגיין און פאַרשווינדן הינטער דער דרויסנדיקער טיר, גלייך
פלעגט זיך אויך אויפהויבן באַרק פון זיין פּלאַץ און אַוועקגיין צו
זיך אין צימער. אַזוי איז דאָס געווען יעדן טאָג.

און איינמאָל אין אַזאַ פרימאָרגן, ווען באַרק איז געזעסן אין דערוואַרטונג צו זען ריטאַן האָט אויבן פּאַסירט אַ געוויינלאַכע זאַך: ריטאַ איז אַרויס פון איר צימער אין באַגלייטונג פון הונט און געלאָזט זיך גיין מיט שטילע געמאָסטענע טריט איבערן טעפּיך, פאַרביי די פאַרמאַכטע טירן. זי האָט נאָך קיין צייט ניט געהאַט דורכצושפּאַנען אַ צענדליק טריט, ווי טירן האָבן זיך געעפנט און עס האָבן זיך גענומען דעריאָגן שפּאָטישע בליקן. מערי, די פּראָסטיטוטקע, האָט זיך ניט איינגעהאַלטן און האָט איר נאָכגעלאָזן אַ שטעכיקע באַמערקונג:

— העי, פּרינצעסע, איר האָט פאַרלאָרן אייער פּרינץ הינטער זיך!

אַלע האָבן זיך הילכיק פאַנאַנדערגעלאַכט. ריטאַ האָט זיך אומגעקערט, אַ קוק געטאָן ווער עס האָט דאָס געזאָגט. אויך דער הונט האָט זיך אומגעקערט, ווי ער וואָלט וועלן ווייסן וואָס ריטאַ וועט טאָן. און ריטאַ איז אַ ווײַלע געשטאַנען מיט מילדע אויגן, געקוקט אויף די פרויען הינטער איר און איז אַוועק אַראָפּ די טרעפּ. גלייך איז אויך דער הונט אַוועק נאָך איר. און אַז זי איז שוין פאַרשוואונדן האָט זיך ערשט אָנגעהייבן דער אמתער טומל.

אַלע זיינען אַרויס אין קאָרידאָר. יעדע האָט עפּעס געהאַט צו דערציילן וועגן ריטאַן. די אויפגערעגטע פאַנטאַזיעס האָבן צוגעטראַכט פאַרשידענע מעשיות. מען האָט זיך געוויצלט און געלאַכט.

— ווי געפעלט אייך איר קאַוואַליער?

— דאָס פירט זי אים יעדן אינדערפרי — — — —. ער האָט זיך באַ איר איבערגעגעסן מיט צוקערלאַך...

מער פון אַלעמען האָט גערעדט מערי:

— איר וועט ניט גלויבן, מיידעלאַך, וואָס איך וועל אייך דערציילן, אָבער איך שווער אייך: דאָס איז אַן אמת. זי לעבט מיט איר הונט!

אַלע האָבן זיך געכאַפּט פאַר די קעפּ:

— גיי, מערי, ביסט משוגע! ווי קאָן דאָס זיין?

— כ׳שווער אייך ס׳איז אמת! איך האָב אליין געהערט ווי זי רעדט צו אים אַזוינע צאַרטע רייד, ווי צו אַ געליבטן. ערשט נעכטן איז דאָס געווען. איך האָב הינטערן טיר אונטערגעהערט. זי זאָגט צו אים: „נו, קום, ליבינקער, צו מיר אונטערן קאָלדרע". און נאָכדעם האָט זי אַלץ גערעדט אַזוינע רייד צו אים.

מען האָט זיך ווידער געכאַפּט פאַרן קאָפּ:

— וואָס רעדסטו, מערי, עס קאָן ניט זיין!

— כ׳שווער מיט מיין לעבן!

מען האָט געכיכיקעט, געשטויסן זיך אין די זייטן, געקניפּט זיך און געקייקלט זיך פון געלעכטער. ניט געקאָנט בארואיקן זיך. עס איז געווען דער העכסטער פּונקט פון סענסאַציע און רעגונג. ענדלאַך האָט די אלמנה געזאָגט:

— וואָס רעדסטו, מערי, ווי קאָן אַ הונט?...

אַלע האָבן זיך נאָך מער פאַנאַנדערגעלאַכט. מערי האָט געזאָגט:

— אָ, דו ווייסט ניט. ער איז אַ געלערנטער. ער איז ווי אַ מענטש.

— אַ געלערנטער הונט! האַ־האַ!...

פּונקט אין יענער מינוט איז אַריינגעקומען אין קאָרידאָר בארק. די פרויען האָבן אים אַרומגערינגלט און האָבן דערציילט די מעשה מיט ריטאַן און מיט איר הונט. בארק איז געשטאַנען און געהערט, שווער און אַנגעכמורעט. און נאָכדעם געזאָגט:

— אָט אַזוי איז אַלע מאָל מיט אייך, פרויען. ניטאָ קיין קעפּ אויף אייך. איר באַטראַכט ניט. פאַרוואָס באַטראַכט איר ניט? אָט איז געקומען צווישען אייך אַ פרוי, אַ שוועסטער אייערע. איר ווייסט ניט פון וואַנען זי איז אַהער געקומען און וואָס עס האָט זי אַהער געבראַכט. און וואָס האָט זי אַהער געקאָנט ברענגען, אַזאַ? האָט איר דאָס געטראַכט? ווי קומט אַזאַ אין אונזער אָרט, צו דער באָוערי און אין אונזער האָטעל? — האָט איר דאָס געטראַכט? געקומען אַ מענטש פון די הויכע פענצטער אין גהינם אריין, און איר לאַכט פון אים. דאָס לעבן האָט אַ מענטשן דערהויבן און נאָכדעם אַראָפּגעשליידערט אין דער ערד אריין. — ווייסט איר וואָס דאָס

איז? אַך, איר! בעסער אַריינפאַלן אין גהינם, איידער אין אייערע מיילער, אַט וואָס!

ער האָט אָפּגעשפּיגן און איז אַוועק צו זיך. די פרויען זיינען געבליבן שטיין אונטער זיינע שווערע רייד, ווי אונטער אַ שווערער משא, און ערשט ווען ער איז פאַרשוואונדען הינטער דער טיר, האָט מען גערעדט, אָבער שוין ניט וועגן ריטאַן. און צום סוף אַוועק צו זיך, פאַרשעמטע.

9

נאָר מערי האָט זיך ניט געקענט איינגאַנצן באַרואיקן. אין איר האָט, אָן אַ וועלכער עס איז באַזונדער אורזאַך, געברענט אַ שנאה צו ריטאַן. עס האָט זיך געוואָלט איר טאָן שלעכטס. אין קאָפּ זיינען געקומען טויזנטער בייזע איינפאַלן, וואָס האָבן גע־קאָנט אומגליקלאַך מאַכן ריטאַס לעבן אין האָטעל. יעדן טאָג זיינען אין איר קאָפּ געקומען נייע איינפאַלן, איינער גרויזאַמער פאַרן אַנדערן. יעדן טאָג האָט זיך געוואָלט עפּעס אָפּטאָן. אין דעם וואָלט געווען אַ גרויסע באַפרידיקונג. אָבער עס האָט זיך איר געוואָלט אַמאָל אַרויפוואַרפן זיך אויף ריטאַן מיט פויסטן און נעגל, איינגראַבלען זיך אין איר לייב, רייסען זי פאַר די האָר. און כאָטש ס׳איז פאַר דעם גאָר ניט געווען קיין אורזאַך, איז אָבער דאָס געפיל געווען שטאַרק און באַצווינגענדיק, ווי אַ געפיל פון נקמה.

מערי איז געווען אַן אומגליקלאַך מיידל. זי איז געבאָרן געוואָרן אויף דער באָוערי. זינט זי האָט זיך געקאָנט געדענקען איז זי אַלע מאָל געווען אויף דער גאַס. נאָך אַ קליין מיידעלע, האָט זי זיך אַרומגעוואַלגערט אָפּן ברוק פון דער גאַס, אָן איבער־געלאָזענע אויף גאָטס באַראָט. די מאַמע איז געווען אַ וועשערן אין אַ וועשעריי, און קיין פאָטער האָט זי ניט געהאַט. איז זי גאַנצע טעג געווען אויף דער גאַס און געוואַרט, אין שטומער וואַרטעניש, אויף דער מוטער, וואָס פלעגט זי אין אָוונט אויפקלייבן, אַן איינגעקויטיקטע און, אַ הונגעריקע און געבן איר עפּעס עסן.

אַז מערי איז עלטער געוואָרן איז איר מוטער פּלוצלונג אַלט און קראַנק געוואָרן. איז מערי געוואָרן די פאַרדינערן. זי האָט עטלאַכע יאָר געאַרבעט אין אַ פאַבריק און נאָכדעם האָט זי, אַ מינדעריעריקע, אַן ארבעטער פון פאַבריק פאַרפירט און אין אַ קורצער צייט שפּעטער איז זי שוין געווען אַ גאַסען־פרוי. די באועריי האָט זי אַ שטוים געטאָן און די באוערי האָט זי אוועקגעפירט איבער אירע וועגן. ס'איז גאָר ניט געווען קיין אַנדער אויסוועג. און פון אָנהויב האָט זי טאַקע די מוטער געשלאָגן, איזדיעקעווועט זיך איבער איר, געריסן פון איר לייב שטיקער פלייש, אַרויסגעטריבן אַף דער גאַס. אָבער שפּעטער האָט זי שלום געמאַכט מיט דעם טאָכטער'ס שיקזאַל און האָט אַליין ביז איר טויט געלעבט מיט דער טאָכטער'ס פאַרדינסטן.

יערן אָוונט האָט די אַלמנה געהאָלפן מערין אָנטאָן אירע קליידער, פאַרקאַמען די האָר, פאַרבן די ליפּן און פּוידערן די באַקן מיט ראָזע פּודרע. דאָס אַלץ האָט זיך די אַלטע אויסגעלערנט צו טאָן מיט אַ מוטערלאַכער איבערגעבנקייט און מיט אַזאַ געפיל אין האַרצן, ווי זי וואָלט זי אָנגעטאָן צו דער חופּה. און אַז אַלץ איז שוין געווען פאַרטיק פלעגט די אַלטע זי באַקוקן מיט אַ געניט אויג. באַטראַכטן איר טואַלעט, פלעגט באַמערקן, אַז די דעקאָלטע איז ניט גענוג נידעריק, אָדער אַז ס'וואָלט גלייכער געווען בייטן די זאָקן אַף לייב־קאָליר זאָקן, ווייל לייב־קאָליר רעגט דאָס אויג.

און עס איז אַלע מאָל געווען מאָדנע, וואָס די אַלטע האָט זיך אַזוי געפירט מיט דער טאָכטער. אַליין איז זי שוין געווען שוואַך. אירע הענט האָבן געציטערט פון שוואַכקייט און עלטער און אינגאַנצן האָט זי אויסגעזען, ווי אַ סקעלעט, וואָס מ'האָט אַרומגעצויגן מיט אַ ברוינער, איינגעשרומפּטער און געקנייטשטער הויט. אירע אויגן פלעגן זיך צוזאַמענרונצלען מיט די רונצלען פון פּנים און עס איז שווער געווען צו וויסן וועלכע רונצלען זיינען פון די אויגן און וועלכע — פון די באַקן. איר אַלט, ציינלאָז מויל האָט זיך געעפנט פּלוצלונג צעביביקן און זאָגן:

— זיי האָבן ליב, אַז עס רעגט, די מאַנסבילן, כי־כי־כי!

— יע, אָבער מיינע פּיס זיינען צו דינע. מענער האָבן ליב דיקע פּיס.

— די אַלטע פּלעגט זיך דאַן אָפּ איר צעשרייען:

— וואָס? דיינע פּיס זיינען צו דין? וואָס רעדסטו, נאַר דו איינע, דו האָסט שיינע, שטאַלטנע פּיס. מענער האָבן ליב שטאַלטנע פּיס.

— יע, אָבער סע זיינען דאָ אַזוינע, וואָס יאָגן זיך נאָך ביוסט.

— די בריסט, מיינסטו? — דו ביסט אַ נאַר! די הויפּט זאַך איז ווי דו האַלסט זיך. דער ביוסט דאַרף זיין אַ באַוועגלאַכער, און די בריסט — לעבעדיקע. פאַרשטייסט? עס זאָל ניט אויסזען אַזוי ווי זיי וואָלטן מיט שמאַטעס אָנגעשטאָפּט געווען.

— יע. אָבער אַנדערע האָבן ליב דיקע פרויען. עס טרעפט, אַ מאַן פרעגט מיך: „פּאַרוואָס ביסטו אַזוי דאַר, מיידעלע?" — איז מיר אַ שאַנד צו קוקן אָפּ זיך. אַזאַ דינע בין איך.

— ניט אמת! ביסט ניט קיין דאַרע. מענער האָבן ליב אַזוינע ווי דו.

אַזוינע געשפּרעכן האָבן די מוטער און די טאָכטער געפירט צווישן זיך גאַנץ אָפט.

אומקערן פּלעגט זיך מערי אינדערפרי, אַן אויסגעשעפּטע און אַן אויסגעמאַטערטע, אַוועקפאַלן, אַ שווייגנדיקע, אָפּן בעט. די מאַמע פּלעגט, ווי אַ גנב, שטיל און פּאָרזיכטיק צושאַרן זיך צו איר:

— נו טאָכטער, וויפיל האָסטו געבראַכט?

מערי פּלעגט אַ ווילע גראָבן זיך אין די אויסגעטאָנענע קליידער, אַרויסנעמען פון די זאָקן דאָס געלט און מיט כעס אַ וואַרף טאָן צו דער אַלטער:

— נאַ!

און אומקערן זיך, אין שטומער ביטערניש, צו דער וואַנט. ליגן און שווייגן ביז דער שלאָף פּלעגט קומען און באַרואיקן. און אין אָוונט פּלעגט שוין די מאַמע שטיין לעבן איר צוקאָפּנס און וועקן:

— טאָכטערל, שטיי אויף. עס עפּעס, טרינק עפּעס. וועסט שוין באַלד דאַרפן גיין.

מערי פלעגט אַמאָל ניט וועלן אַרויסגיין פון בעט. עס האָט זיך איר געוואָלט שלאָפן און שלאָפן און פאַרגעסן זיך. זי פלעגט פּרוּאוון זאָגן:

— מאַמע, איך וואָלט היינט ניט וועלן גיין, כ'בין מיד.

די אַלטע פלעגט זיך דאַן אַף איר צעשרייען מיט אַ שיפּעדיקן קול:

— אַ פוילענצע ביסטו, אָט וואָס! וויפיל ברענגסטו עס אריין, אַז דו זאָלסט וועלן בלייבן אין דערהיים? יעדע פאַבריק מיידל מאַכט דאָך מער געלט פון דיר. אַזאַ מיידל ווי דו מוז האָבן זיידענע וועש. אַ שפּילעכל, זיידענע וועש!

עס האָט אויך אַ סך מאָל געטראָפן, אַז מערי איז געקומען אהיים אַ שיכורע, אַ צעשלאָגענע, מיט צעפליקטע קליידער און אַ צעדראַפּעטן פּנים. זי פלעגט דאַן וויינען און רייסן זיך די האָר פונם קאָפּ, שילטן די מוטער מיט ביטערע קללות. אירע ליפּן האָבן דאַן מיט ליידנשאַפט אַרויסגעזאָגט גיפטיקע און גראָבע גאַסן־ווערטער, מיאוסע קללות האָבן זיך געריסן פון האַלז. אירע הענט האָבן זיך געביילט און זי איז געקראָכן שלאָגן די אַלטע מאַמע:

— מיט אַ מעסער וועל איך דיך קוילענען אַלטע נבלה! מיט אַ מעסער!

און די אַלטע פלעגט זיך צעוויינען און צעיאָמערן ווי אַן אַלטע וואָלפיכע:

— דו ווילסט שלאָגן דיין אַלטע מאַמע, די ביטערע אַלמנה? וויי, וויי איז דער מאַמען, וואָס האָט אויפגעהאָדעוועט אַזאַ טאָכטער!

און מערי פלעגט זיך שלאָגן אין קאָנוואולסיעס, ראַנגלען זיך מיטן אייגענעם האַרץ און פאַלן, אַן אויסגעמאַטערטע, אַף דעם הוילן דיל און אַריינפאַלן אין אַ פאַרגעסונג. דאַן פלעגט זיך די אַלטע איבערבויגן איבער איר, אויסטאָן פון איר, דער שלאַפנדיקער, די צעריסענע קליידער, לייגן קאַלטע קאָמפּרעסן אויף די וואונדן און אַף די אונטערגעשלאָגענע אויגן און ניט אויפהערן צו יאָמערן איר עלנטן יאָמער:

— אוי, ווי זיי האָבן דיך צעבלוטיקט, די בעסטיעס! אוי, ווי זיי האָבן דיך צעבלוטיגט! טאָכטער מיינע, טאָכטער מיינע!

מערי האָט ניט געהערט דעם געוויין פון איר מוטער און נאָר די אָרימע וועגט פון צימער האָבן זיך צוגעהערט צו דעם יאָמער און געשוויגן, ווייל שוין ניט צום ערשטן מאָל האָט זיך אין זיי געריסן דאָס געוויין.

נאָכדעם איז שוין מערי אַלע מאָל פאַרבליבן אין הויז עטלאַכע טעג, ביז די וואונדן האָבן זיך אויף איר פאַרהיילט. זי פלעגט ליגן און שווייגן, ווי אַ שולדיקע. ניט ענטפערן אויף דער מאַמעס פראַגעס און נאָר געטראַכט מיט רחמנות פון אַן אָרימער גאַסן פרוי מיטן נאָמען מערי, וועמען מ'האָט באַליידיגט און ביטער געשלאָגן און וואָס וויל זייער שטאַרבן, שטאַרבן!

און אַז די מאַמע איז געשטאָרבן און זי איז איבערגעבליבן אַליין האָט זיך קיין זאַך ניט געענדערט אין איר לעבן. ווייל די שנאה צו דער מוטער האָט ניט אויפגעהערט צו לעבן אין איר האַרצן. די מוטער איז געשטאָרבן און די שנאה צו איר האָט געלעבט און נאָך אַלץ גע'סמ'ט מערים לעבן. און אַז אַ מענטש קאָן טראָגן אַ שנאה צו דער אייגענער מאַמען, ווי שטאַרק דאַרף שוין זיין די שנאה צו מענטשן און צו דער וועלט? איז זי געווען בייז און ניט פאַרגינעריש. געהאַט אַ נייגונג צו טאָן שלעכטע זאַכן און געווען די ערשטע אין האָטעל צו פאַרפירן קריגערייען און געשלעגן, אַמאָל גאָר אָן אַ וועלכער אורזאַך, בלויז פון עפּעס אַן אינערלאַכן פאַרלאַנג צו נעמען פון זיך אַליין אַ ביטערע נקמה. און די נקמה אָן זיך אין שטענדיק געווען זיס.

אָט אַזאַ איז געווען מערי.

דערפאַר האָט זי אויך דאָס מאָל ניט געקאָנט באַרואיקן זיך, ניט געפינענדיק קיין אויסדרוק פאַר איר כעס. זי איז אַ ווילדע געזעסן און נאָכדעם אַריין צו באַרקן אין צימער. באַרק האָט זי פאַרוואונדערט אָנגעקוקט:

— נאָך וואָס ביסטו געקומען, מערי?

— מיש זיך ניט אַריין, באַרק, אָט וואָס!

— כ'פרעג: וואָס דאַרפסטו?

— ריטא איז אַ סנאָב! פאַרשטייסט? אַ סנאָב! און איך וועל איר דאָס זאָגן! ווי זי וועט זיך נאָר צוריקקערן, וועל איך איר דאָס זאָגן.

— וועסט ניט זאָגן. איך וועל דיר דיינע ביינער איבער־ברעכן, אַז דו וועסט נאָך אַמאָל עפענען דיין מויל אויף איר, פאַר־שטאַנען?

— דו קאָנסט מיר ניט פאַרווערן!

— כ׳וועל פאַרווערן.

— מיר דאַרפן דאָ ניט קיין סנאָבס! פאַררייסט דעם נאָז און גייט אַרום דאָ, ווי אַ פרינצעסע. מיר זיינען פּראָסטע באַוערי מענטשן. און זי איז פון פּאַרק עוועניו. זאָל זי גיין צו איר פּאַרק עוועניו.

— אַז אַ מענטש איז געקומען צו דער באַוערי, איז ער פון דער באַוערי.

— איך וועל איר די אויגן אויסדראַפּען.

— וועסט ניט אויסדראַפּען.

— איך וועל אויסדראַפּען!

— איך וועל דיר דיינע ביינער איבערברעכן!

באַרק האָט אַ קוק געטאָן אויף איר מיט זיין בייזן בליק, און מערי האָט געמוזט אַרונטערלאָזן די אויגן. ער האָט אַ ווײַלע אָפּ־געוואַרט און געזאָגט:

— ריטא איז אַהער געקומען און מיר ווייסן ניט פון וואַנען זי איז געקומען. אפשר באַהאַלט זי זיך פון אימעצן. אפשר וויל זי אויסמיידן שלעכטס. מיר ווילן ניט אויסמיידן קיין שלעכטס. איך וויל ניט און דו ווילסט ניט. מיר זיינען פאַרזונקען אין דעם, ווי אין אַ בלאָטע. און זי וויל. דו פאַרשטייסט, זי וויל. האָסטו געטראַכט? — זאָגסט — פּאַרק עוועניו. אַז אַ מענטש קומט פון רייכקייט צו אָרעם־ברויט — דאָס איז זעלטן! דאָס קאָנען מיר ניט טאָן. ניט איך און ניט דו.

מערי איז געשטאַנען און געשוויגן. איר ברוסט האָט זיך געהויבן פון אויפרעגונג. אירע הענט האָבן געציטערט, און באַרק האָט פאַרטגעזעצט:

— און דו, מערי, גיי צו זיך און פאַרגעס. זי איז דאָ, זאָל זי זיין. ניט דיין דאגה, ניט מיין דאגה, ניטאָ באַ אונז באַ אַלעמען קיין איבעריק גליק. מיר זיינען אַלע שטיפקינדער. און זי איז אויך אַזאַ. זי איז דאָ — איז זי אַזאַ. לאָז זי צורו.

זיי האָבן אַ ווײַלע געשוויגן. אין אַ מינוט אַרום האָבן זיך דערהערט טריט. דאָס זיינען געווען די באַקאַנטע, געמאָסטענע טריט פון ריטאַן, וואָס האָט זיך צוריקגעקערט פון איר שפּאַציר. מערי האָט זיך מיט אַמאָל אַ ריס געטאָן פון אָרט און האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו דער אָפענער טיר. באַרק האָט איר נאָכגעשריען:

— איך זאָג: גיי ניט!

זי האָט אָבער ניט געענטפערט. זי איז געלאָפן מיט אימפּעטיקע טריט גלייך צו ריטאַן. יענע איז געשטאַנען און זיך באַמיט אָפּצועפענען מיטן שליסל די טיר. לעבן איר איז געשטאַנען דער הונט און האָט גערולדיק געוואַרט ביז זיין באַלעבאָסטע וועט עפענען. מערי האָט זיך אוועקגעשטעלט האַרט לעבן ריטאַן מיט אויפגערעגטע אויגן און אַ בלייכן פּנים:

— מיר דאַרפן דאָ ניט האָבן קיין פּאַרק וועניו דאַמען!

ריטאַ האָט זיך אַביסל דערשראָקן. ניט גלייך פאַרשטאַנען. און מערי האָט שוין צוגעטראָגן צו איר פּנים אַ האַרטן פויסט און נאָך בייזער געזאָגט:

— איך זאָג: גיי זיך צו דיין פּאַרק עוועניו!

דער הונט האָט זיך פּלוצלונג אַ הייב געטאָן מיט אַן איינגעהאַלטענעם ברום. אין איין רגע וואָלט ער אַ שפּרונג געטאָן אויף מערין. אָבער ריטאַ האָט אים מיט שרעק אין קול אָפּגעהאַלטן:

— ניט, ניט! בלייב רואיק, רעקס!

און גלייך, מיט ביידע הענט, אַרומגענומען מערים פּלייצעס און מיט טרערן געזאָגט:

— איך בעט אייך. דער הונט וועט אייך צעבייסן! אוי, איך בעט אייך, טייערע, טשעפּעט ניט, ער וועט אייך צעבייסן!

אין דעם מאָמענט איז שוין אויך צוגעקומען באַרק. ער האָט מיט כעס אַ צי געטאָן מערים האַנט, אָפּגעשלעפּט זי פון ריטאַן און געזאָגט:

ל. באנוקאוו

— כ׳האב דיר געזאגט, מערי, איין מאל: — ניט גיי!

יענע האט זיך א ריס געטאן פון זיינע הענט:

— נעם אראפ דיינע הענט פון מיר, אויסוואורף!

בארק האט זי אנגענומען מיטביידע הענט פאר די פלייצעס און מיט די טונקעלע אויגן ארייננגעקוקט איר גלייך אין דער נשמה אריין. צוויי פאר אויגן זיינען אף א רגע דערטרונקען געווארן אין טיפע אפגרונטן און פארפאלן געגאנגען. נאכדעם האט שוין בארק רואיק געזאגט:

— גיי צו זיך אין דיין צימער, און איר גייט צו זיך אין אייער צימער. אייך וועט דא קיינער ניט טשעפען. כל־זמן איך בין דא וועט אייך קיינער ניט טשעפען. זייט רואיק.

מערי איז אוועק צו זיך. ריטא — צו זיך. די טירן פון די צוויי שכנות, פון ראזען און ביטרים, האבן זיך געעפנט און ביידע זיינען געבליבן שטיין אף די שוועלן:

— וואס האט פאסירט, בארק?

— גאר ניט האט פאסירט! און איר, וואס האט איר ארויס־געשטעקט אייערע קעפ, ווי שלאנגען פון אונטער א קלאץ? דער־שמעקט א קריגעריי אין דערלופטן? גייט אין אייער צימער, א ניט וועל איך אייך מיט א בעזים ארייננטרייבן.

די טירן האבן זיך צוריק צוגעמאכט. בארק האט א שפיי געטאן אין דער ריכטונג פון די צוגעמאכטע טירן:

— טפו! טייוואלים אין מענטשלאכן געשטאלט!

און איז אוועק צו זיך אין צימער.

אין האטעל איז געווארן שטיל. און נאר די בייזע שלאנג פון רכילות האט אויפגעהייבן איר קאפ פון פארגעסונג, א וויקל געטאן זיך אין דער גאנצער לענג און אוועקגעפויזעט איבער דעם קארידאר, פארקראכן אין אלע ווינקעלאך, אונטערגעפויזעט אונטער אלע טירן און צעטראגן איבערן האטעל א נייעם סם פון רכילות. אין שעה ארום האט שוין דער האטעל דערציילט פון א נייעם סקאנדאל. די נייס איז באלד פארשפרייט געווארן איבערן גאנצן קווארטאל, ארום דעם האטעל, און יעדער איינער האט געהאט צו דערציילן און דערציילן.

## 10

יענעם אָוונט איז באַרק געקומען אין פּלאַץ צו זיין אַרבעט מיט אַ שווער געמיט. ער איז געווען אויסערלאַך רואיק, אָבער אינ־ווייניק אין אים האָט עפּעס געזאָטן. און עס איז ניט געווען דער אינדערפריעדיקער סקאַנדאַל, וואָס האָט אים אויפגערעגט. אַזעלכע שטימונגען פלעגן אים באַפאַלן מערסטנס אָן אַ וועלכער עס איז באַשטימטער אורזאַך. עס פלעגט קומען פון ערגעץ אַ האַנט, צו־זאַמענדריקן זיין גאָרגל מיט גאַליקער ביטערניש און אויפזיטן אין די אָדערן די בלוטן. און אַזוי איז דאָס איצט אויך געווען.

ער איז אַריינגעקומען אַן איינגעהאָרבעטער, טיף אַריינגערוקט דעם קאָפּ צווישן די אַקסלען. די אויגן זיינען געווען באַהאַלטן טיף אין די פינצטערע שאָטנס. די באַוועגונגען זיינען געווען לאַנגזאַמע, געמאָסטענע און אָנגעשטרענגטע. און אין דער גאַנצער פיגור איז געווען דרויסנדיקע רואיקייט, אָבער אין אים האָט געברענט אַ פייער. דאָס האַרץ האָט שטאַרק געקלאַפּט. און באַרק האָט אַליין, אין שטומער מורא, איינגעהערט זיך אין דער אייגענער איינגע־שלאָסענער אומרואיקייט, צו די אייגענע אויפגעשראָקענע בלוטן און צו דעם פאַרשטיקטן געשריי אין זיין ברוסט. איז ער, ווי אַ שאָטן ארומגעגאַנגען צווישן די פיגורן, אַרומגעניוכעט אַלע ווינקלען, געוויגט זיך הין און הער, ווי אַן אַלטע שטומע מאַלפּע, צווישן די גלאַנציקע נאַקעטע פרויען־קערפּערס און אויפגעשראָקן זייער אָפענע שיינקייט מיט זיין נאַכטיקער שאָטנדיקייט.

יענע נאַכט האָט באַרק געהאַט אַ סך אַרבעט. פון באַטאָג זיינען פאַר אים איבערגעלאָזן געוואָרן עטלאַכע אָרדערס. מען האָט באַדאַרפט פאַרריכטן און אָפּפּאָלירן עטלאַכע פיגורן, און מען האָט באַדאַרפט גלייך צוטרעטן צו דער אַרבעט. אָבער באַרק האָט זיך ניט געאיילט, געמאָסטן די אייגענע טריט, לאַנגזאַם אַרומגעקראָכן און געזוכט, ניט וויסנדיק וואָס. פּלוצלינג האָט ער זיך אָפּגע־שטעלט לעבן דער פיגור זיבן־און־פערציק. דאָס איז געווען די

פיגור, וואָס ער האָט זייער פיינט געהאַט, און עס איז געווען אַזוי, ווי ער וואָלט זי טאַקע די גאַנצע צייט געזוכט.

אַנטקעגן אים האָט געשמייכלט אַ שיין פּנים מיט אונטערגע־פירטע ברעמען און געפאַרבטע ליפּן. אין שמייכל איז געווען זאָרג־לאָזיקייט און שפּאָט. אין יעדן גליד פון איר קערפּער איז געווען אָפּלאַכעניש. האָט שוין באַרק ניט אויסגעהאַלטן און געבראָכן דאָס שווייגן:

— שמייכלסט, בעסטיע!

און באַרק האָט מיט ציין־קריצעניש געזאָגט:

— אַף אַזאַ ווי דו פּאַרקוקן זיי זיך, די פרויען. שטעלן זיך אַוועק אַרום דער וויטרינע און נאָכדעם קאָפּירן זיי אין לעבן דיינע מיאוסע מאַניערן. זיי זיינען ווי מאַלפּעס, די פרויען. קאָפּירן פון אַ טויטער פיגור, און שטאָלצירן נאָך מיט דעם. טפו, מיאוסקייט!

די מאָדעל האָט נאָך אַלץ ניט אויפגעהערט צו שמייכלען. האָט באַרק ווידער געזאָגט:

— און ווי קאָן מען האָבן דרך ארץ פאַר אַ פרוי? פריער וועלן זיי אָראָפּנעמען פון דיר אַ מוסטער, ווי צו טראָגן דאָס קלייד און נאָכדעם וועלן זיי זיך אויסלערנען שמייכלען אַזוי ווי דו, און שטיין אַזוי ווי דו און האַלטן דעם קערפּער אַזוי ווי דו. פריער דו און נאָכדעם זיי, די מאַלפּעס. טפו! ווי איך האָב אייך פיינט!

— נישקשה, זיי וועלן זיך אַף קיין אַנדערער ניט פאַר־קוקן. אויף דיר וועט זיך יעדער איינע פּאַרקוקן. ווייל ביסט אַ צעלאָזענע, האָסט אַ פּוסטן שמייכל און אַ חוצפּהדיקן פּנים. צום טייוול!

און די פיגור האָט געשמייכלט, מיטן פּנים, מיט די אויגן, מיט די צאַרט־געשניצטע פּלייצעס, מיט די בריסט און מיטן בויך.

באַרק האָט געזוכט אויסדרוק פאַר זיין כעס, בעריש אַ כאַפּ געטאָן די פיגור אין זיינע אָרעמס און אַוועקגעטראָגן זי מיט ציין־קריצעניש אין אַ ווייטער ריי. דאָרטן האָט ער זי גראָב אַ שטעל געטאָן אַף דער ערד. די פיגור האָט זיך אַ וואַקל געטאָן און אָנגע־הייבן פאַלן מיטן קאָפּ אַף אַנדערע פיגורן. באַרק האָט זי אונטער־געכאַפּט און מיט רוגזה צוריק אַ שטעל געטאָן:

— שטיי! אַז ניט — צעשפּאַלט איך דיר דיין מוח!

די פיגור האָט ניט געוואָלט שטיין. זי האָט זיך געוואַקלט און שפּאָטיש געשמייכלט באַרקן גלייך אין די אויגן אריין.

האָט ער זי אָנגעכאַפּט מיט ביידע הענט ביים האַלז און האָט זי גענומען ווערגן און טרייסלען, בויגן זי ביז דער ערד, אַזוי ניט אויפהערנדיק צו קרימען דעם מויל אין בייזע גרימאַסן, ביז ער האָט זי אויסגעצויגן אויף דער ערד, מיטן פּנים ארויף. נאָכדעם איז ער אָפּגעטראָטן אַביסל און אַ שטוים געטאָן, אָבער דאָס שמייכלענ־דיקע פּנים און די שפּאָטישע אויגן האָבן ניט אויפגעהערט אויס־צולאַכן. איז שוין פון דעם באַרקס פּנים געוואָרן רויט און די אויגן — נאָך פינצטערער. ער האָט אינגאַנצן געציטערט פון אויפ־רעגונג, ניט געקאָנט פאַרטראָגן די שפּאָטישקייט פאַר זיינע אויגן. אָנגעכאַפּט זי נאָכאַמאָל פאַרן האַלז און ווידער גענומען ווערגן, ווערגן, מיט שרעקלאַכער הנאה, ביז באַ אים אַליין זיינען די אויגן עפּעס ווי ארויסגעקראָכן פון שטערן. דער שטערן איז באַדעקט געוואָרן מיט שווייס און אין קאָפּ האָט זיך צונויפגעלאָפן אין הייסע שטראָמען דאָס אויפגערעגטע בלוט. פאַר זיינע אויגן האָט זיך די גאַנצע וועלט אַ שאָקל געטאָן און גענומען פאַלן, פאַלן. אָבער דערפאַר האָט ער באשיינפערלאַך דערזען, ווי די אויגן פון דער פיגור זיינען אויסגעלאָשן געוואָרן, דאָס פּנים האָט זיך אויסגעקרימט און אינגאַנצן האָט זי אויסגעזען אַנדערש.

ערשט דאַן האָט ער זי אַ שלײדער געטאָן אָן אַ זייט, אָפּגע־טראָטן צום ווערקשטאַט און האָט זיך שווער אַוועקגעזעצט. זיין ברוסט האָט זיך שטאַרק געהייבן, מיט אַ ווייטיק אין די לונגען. אין האַלז האָבן געוואָרגן ספּאַזמען און אין די ווינקלען פון די ליפּן האָט געזאָטן אַ פּיענע.

ער איז אַזוי געזעסן און ניט געפּילט, אַז הינטער אים איז די גאַנצע צייט געשטאַנען דער קאָסטומירער, קלאָד, און האָט זיך געהאַלטן באַ די זייטן פון געלעכטער. ער האָט לאַנג געלאַכט און נאָכדעם געזאָגט:

— העי, באַרק, האָסט געשלאָגן אַ דאַמע. דאָס געזעץ וועט דיך פאַרפאָלגן, דו ליימענער גולם, וואָס דו ביסט! כאַ־כאַ־כאַ!

און ער האָט זיך ווידער געכאַפּט פאַר די זייטן.

באַרק איז שווער געזעסן. ניט באַוועגט מיט אַן אבר. געווען ווי אַ טויטער. און נאָר שנעל געאָטעמט. קלאָד האָט ווידער אָנגע־הייבן ריידן:

— לאָמיר קאָרש אַ קוק טאָן צי זי לעבט נאָך. אויב זי איז טויט, ברודער — וועסטו ניט אויסמיידן דעם עלעקטריק־שטול, אָדער די תליה. וועסט זיך דאַרפן אָפּגעזעגענען מיט די שייניגקע מיידעלאַך אין שפּייכלער. און ווי דו האָסט זי געשלאָגן! — אַ ווייב שלאָגט מען ניט אַזוי.

ער האָט זיך איינגעבויגן איבער דער ליגנדיקער פיגור, אויפ־געהייבן זי און אוועקגעטראָגן צום גרויסן ווערשטאַט־טיש, ווי אַ לעבעדיקע, פּאָרזיכטיק אויסגעצויגן זי מיטן פּנים אַרויף און גענומען אַרומקוקן איר קערפּער:

— אָ, דאָס איז דאָך נומער זיבן און פערציק. אָט די, וואָס דו שרייסט וועגן איר אַלע מאָל, אַז זי האָט ניט קיין פּראָפּאָרציע. נו, ברודער, ביסט ניט גערעכט. דו פאַרשטייסט זיך אויף פרויען קערפּערס זייער ווייניק. אַלטע בחורים פאַרשטייען זיך אויף די זאַכן זייער ווייניק. עך, נאָך גוט, וואָס זי איז ניט קיין וואַקסענע, אַז ניט וואָלט פאַר איר געווען אַ סוף מיט אַן עק.

קלאָד האָט צוגעלייגט זיין באַק צו איר ברוסט, אַריינגענומען אין זיין האַנט אירע, ווי אַ דאָקטאָר, וואָס מעסט אויס דעם פּולס, און איין רגע געשוויגן. נאָכדעם ערנסט געזאָגט:

— קאַפּוט! זי איז שוין טויט. האָסט זי דערהרגעט, מערדער!

באַרק האָט געשוויגן און שנעל געפּינטלט מיט די אויגן אין אויפרעגונג. ניט גערירט זיך פון אָרט. געווען דערשלאָגן און אויס־געשעפּט. אין יעדן גליד איז געווען אַ שווערקייט, וואָס האָט ניט געלאָזט זיך רירן.

קלאָד האָט ווידער געזאָגט:

— העי, באַרק! וואָס מאַכסטו זיך, ווי ניט דיך מיינט מען. האָסט ערשט דער׳הרג׳עט אַ דאַמע, און מאַכסט זיך ניט ווויסנדיק. אָט לייג צו אַן אויער צו איר האַרצן. דאָס האַרץ קלאַפּט שוין ניט.

דער פּולס איז טויט. אין איר איז שוין קיין אָטעם ניטאָ. זי איז טויט ווי אַלע טויטע.

באַרק האָט אַף אים אַ קוק געטאָן מיט זיין גרויען בליק, און פּלוצלונג, ניט דערוואַרטעט פאַר זיך אַליין, אַ הייב געטאָן זיך אַנט־קעגן קלאָדן:

— שווייג, אַז ניט — — —

און ער האָט אַ כאַפּ געטאָן פון טיש אַ שווער געצייג.

קלאָד איז אַ רגע געשטאַנען פאַרוואונדערט. ער האָט נאָך באַרקן אין אַזאַ צושטאַנד קיינמאָל ניט געזען. ער איז אָפּגעטראָטן אָן אַ זייט. געזאָגט:

— לייג אַוועק דאָס געצייג. ווערסט ניט אַוועקלייגן, וועל איך דיך אַוועקלייגן. איך בין דיר ניט די מאָדעל.

באַרק האָט זיך ניט גערירט פון אָרט. אָבער זיין פּנים איז געווען שרעקלאַך. האָט קלאָר אָפּגעוואַרט אַ רגע און, שוין מיט אַן אַנדער טאָן, געזאָגט:

— גיי קלייב אויס אַ זיצנדיקע פיגור, זאָל זיין נומער אַמציק, אָדער אַן אַנדערע. מיך אַרט ניט. אָבער זי דאַרף זיצן לעבן אַ פּיאַנע, פאַרלייגט אַ פוס אַף אַ פוס. זי באַדאַרף ניט שפּילן. איר קאָפּ מוז זיין אויסגעדרייט אָן אַ זייט מיט די אויגן אַרויף און ליבלאַך שמייכלען צו אימיצן, וואָס שטייט הינטער איר. לאָמיר זאָגן, צו אַ קאַוואַליער, וואָס שטייט דאָ גלייך הינטער איר. פאַר־שטייסט? נאָכדעם טראָג זי צו צום פענסטער צוועלף.

ער האָט דאָס געזאָגט, ווי אַלע מאָל, שנעל און פאַרשטענד־לאַך, ווי קיין זאַך וואָלט פריער ניט פּאַסירט, און מיט שנעלע טריט אַוועק צום אַרויסגאַנג.

באַרק איז שווערלאַך אַוועק צווישן די רייען פיגורן, אויפגע־זוכט, וואָס מ'האָט באַדאַרפט, און אַוועקגעטראָגן אַף דעם באַ־שטימטן פּלאַץ.

צוריקגעקומען איז ער אַ שטילער, אָן אַ וועלכער עס איז אויפ־רעגונג אין זיין ברוסט. אַוועקגעזעצט זיך אַף אַן אָרט, אין אַ ווינקל, און מיט אַ געבויגענעם קאָפּ, צווישן די קני, ביז דער שעה ווען ער האָט באַדאַרפט גיין אַהיים.

אין רעסטאָראַן. אַף דער באוערי, איז ער געגאַנגען, ווי אַלע מאָל. אָבער קומענדיק אַהיים איז ער ניט געבליבן זיצן אין דער לאָבי. ער איז גלייך אַוועק צו זיך און פון דאָרט ניט באַוויזן זיך, אַן איינגעשפּאַרטער, אַ גאַנצן טאָג. און קיינער האָט ניט געוואוסט צי ער איז געווען אינדערהיים, צי ניט, ווייל זיין קומען אַהיים איז געווען אַ מין אַריינגבענען זיך און זיין אַוועקגיין, ווי אַן אַנטלויפן ערגעץ, ניט באַמערקט פון מענטשן.

צוריקקומענדיק צו דער אַרבעט איז ער געווען שטיל. ער האָט זיך באַוועגט לאַנגזאַם. אין יעדער באַוועגונג איז געווען רואיקייט. אויך די באַגעגעניש מיט קלאָרן איז געווען אַ רואיקע. מיט שטילער אונטערטעניקייט באַגעגענט דעם קאַלטן בליק פון קלאָרן און שפּעט באַנאַכט, ווען קלאָר און דער העלפער זיינען אַוועק אַהיים, איז זיין האַרץ איבערפולט געוואָרן מיט אַ מאָדנער־גוטסקייט. אַ גוטסקייט צו דער וועלט און צו זיך. אַזוי ווי עס וואָלטן זיך געעפנט די פאַרשלאָסענע קוואַלן פון זיינער אַן אייגע־נער, נאָך ניט דערקאַנטער, גוטסקייט. און מיט אָט דער גוטסקייט האָט ער זיך געוואָלט טיילן מיט זיך און מיט דער וועלט.

די פיגורן זיינען אין זיינע אויגן געווען שענערע. פון זיי האָט אָפּגעשלאָגן אַ באַזונדער גלאַנץ. זיי זיינען געווען יום־טובדיק און פריילאַך. און ער איז געווען איינער פון זיי.

זיין האַרץ איז געווען פול. עס האָט זיך געוואָלט ברעכן די שטילקייט אַרום זיך מיט שטילע רייד. איז ער צוגעגאַנגען צו דער פיגור מיט׳ן פּנים פון דער מאַדאָנע, וועלכע מ׳האָט שטענדיק גע־קליידט אין שוואַרצן און זי האָט אין שוואַרצן אויסגעזען ווי אַ יונגע אלמנה מיט גרויסע קלאָרע אויגן. צוגעגאַנגען און גענומען ריידן. גערעדט פון טיפעניש אַרויס, ווי צו אַ נאָענטער:

— זיי זאָגן: איך בין שלעכט און פאַרדאָרבן. מיין צונג איז ניפטיק. איך בין שלעכט צו אַלעמען און צו זיך. דערפאַר האָבן מיך אַלע פיינט. און עס איז אמת וואָס זיי זאָגן וועגן מיר. איך בין שלעכט. מיינע רייד זיינען שלעכטע און מיינע טאַטן — נאָך ערגערע. איך בין שלעכט צו זיך און צו אַנדערע. אָבער פאַרוואָס בין איך שלעכט, פרעג איך.

באַרק האָט אָפּגעוואַרט. די פיגור האָט געשוויגן. ניט געענט־פערט. האָט ער אַליין געענטפערט:

— איך בין שלעכט, ווייל איך בין ניט דאָס, וואָס איך בין. אַז אַ מענטש איז ניט דאָס, וואָס ער איז, איז ער שלעכט. אָט וועל איך דיר זאָגן: איך בין אַ איד, און קיינער ווייסט דאָס ניט. און פאַרוואָס ווייס קיינער ניט? אָט איז דאָך מיין פּאָטער געווען אַ איד. ברכהן האָט מען אים גערופן. אַן אָרעמער איד פון דער באוערי. האָט געבאָרן אַ קינד און געשטאָרבן. וויל קיינער פון דעם ניט ווייסן. קיינער וויל ניט ווייסן, אָבער זיין בלוט שרייט אויס פון מיר יעדע רגע פון מיין לעבן. עס שרייט. און אַז דאָס בלוט שרייט, ווי קאָן מען ניט הערן אַזאַ געשריי? און זיי הערן ניט. זיי האָבן אויפגעקליבן אַ אידישן זון אף דער באוערי און אוועקגעגעבן אים אין אַ קריסטלאַכן אַנשטאַלט. אַ אידן האָבן זיי געלערנט גלויבן אין קריסטוסן. און איצט בין איך ניט קיין איד און ניט קיין קריסט. אַ פרעמדער מענטש אף דער וועלט מיט אַ מיאוסן פּנים, וואָס שטויסט אָפּ אַ יעדערן. מער גאָרנישט.

באַרק האָט ווידער אָפּגעוואַרט. אים האָט געענטפערט שטיל־קייט און אַן אָפּענער, אויפריכטיקער בליק פון טויטע אויגן, און באַרק האָט פאָרטגעזעצט:

— זיי גלויבן מיר ניט. אָבער דו זאָלסט ווייסן: איך בין אַ איד. מיין טאַטע איז געווען אַ איד און מיין מאַמע — אַן איר־לענדערקע. אַז זיי זיינען געשטאָרבן האָט מען מיך צוגענומען אין יתומים־אַנשטאַלט און איך בין געוואָרן אַ קריסט און אַ פרומער קאַטאָליק. און ווי איך בין געווען פרום! קיינער האָט ניט געקאָנט זיין אַזוי פרום. מיין האַרץ האָב איך אוועקגעגעבן צו דעם מאַר־טירער־יעזוסן. און איצט: זעסט — איך בין ניט פרום און איך גלויב ניט אין גאָט און דערמאָן ניט יעזוסעס נאָמען. און פאַרוואָס גלויב איך ניט?

אָפּגעשטעלט זיך. אָפּגעוואַרט אַ רגע, געענטפערט:

— ווייל ס'איז ניטאָ קיין יושר! אַז ס'איז ניטאָ קיין יושר, איז ניטאָ קיין גאָט אף דער וועלט! קלייניניקע קינדערלאַך שטאַרבן אף דער באוערי. מענטשלאַכע לעבנס פוילן אף דער באוערי.

מענטשלאַכע שאַנד ליגט אָפן אויף דער באוערי, ווי אַן אומפאַר־שעמטע זונה, און אַרום איז אַזאַ שיינע וועלט מיט זון, רייכקייט און וואוילטאָג. און די, וואָס האָבן מיך געלערנט גלויבן, זיינען אַליין ניט גלויביקע. גאָטס פּריסטער זיינען אָפּנאַרער און פאַר־פירער. זיי האָבן גערעדט פון הייליגקייט און אַליין געטונקט זייערע נשמות אין זינד. ווי קאָן איך גלויבן?

ער האָט אַריינגעקוקט אין דעם אָפּענעם בליק פון דער פיגור. אירע אויגן זיינען געווען ברייט־געעפנט. דער אויסדרוק פון איר פּנים־קלאָר, און עס איז אים געווען גוט אַזוי צו עפענען פאַר איר דאָס האַרץ. ריידן רייד נאָך ניט גערעדטע.

— און אַז ס'איז ניטאָ קיין יושר — דאַרף מען ניט קיין זונשיין! אַז די זון קאָן שיינען אויף ביטערער אָרעמקייט, אויף פויל־קייט און טויט און אין דער זעלביקער צייט — אויף רייכקייט און זויבערקייט און לוקסוס, — דאַרף מען ניט קיין זון. און עס איז ניטאָ קיין גאָט! און אַז אין דעם סאַמע פונדאַמענט פון דער וועלט איז ניטאָ קיין יושר האָט מען באַדאַרפט נעמען און אונ־טערצינדן די וועלט אין אַ העלישן פייער. זאָל זי ברענען. פון איין עק ביז דעם צווייטן.

ער האָט פלוצלינג אַ קוק געטאָן מיט אַ פאָרשנדיקן בליק איר אין די אויגן, ווי וועלנדיק אויספאָרשן צי מ'קאָן איר פאַרטרויען, און מיט אַ שטילן קול געזאָגט:

— דו ווייסט, איך האָב געוואָלט אונטערצינדן די סטאָר. כ'האָב געוואָלט צולייגן פייערן אין אַלע ווינקעלאַך, פון אויבן ביז אַראָפּ, און זאָל ברענען די סטאָר. אַך, וואָלט עס געווען אַ פייער! אינמיטן נאַכט וואָלטן זיך די פלאַמען געהייבן העכער און די שרפה וואָלט געווען שרעקלאַך. אָבער דאָס איז אַ קלייניקייט. די גאַנצע וועלט האָט באַדאַרפט ברענען, פאַרשטייסט? — די גאַנצע וועלט!

ער האָט ניט באַמערקט ווי זיין געמיטלאַכע שטימונג איז פאַריבער. זיין מאַרך איז געווען שווער און האָט געברענט. די ברוסט האָט זיך שטאַרק געהייבן פון אויפרעגונג. פון אומבאַהאָלפנ־קייט האָט געקלעמט ביים האַרצן. דערפילט אַזש אַ שוואַכקייט אין אַלע אבֿרים, עס האָט זיך געוואָלט וויינען.

— זעסט, איך בין אַליין, אַליין אויף דער וועלט. צווישן הימל און ערד — אַליין, און מיר איז ניט גוט. אָבער איך ווייס: איך בין גערעכט, איך בין גערעכט!

ער איז פּלוצלונג געפאַלן אויף די קני, ארומגענומען מיט די הענט די הילצערנע פיס פון דער מאָדעל און צוגעפאַלן מיטן פלאַטעענדיקן פּנים צום קעלט פון טויטן וואקס, צוגעפאַלן אין א פרומען שווייגן, ניט געפילט ווי איבער די באַקן זיינען גערונען טרערן. האָט ניט געוואוסט צי ער איז אויף דער וואָר. ארום איז געווען חלום.

אַז ער איז אויפגעשטאַנען פון דער ערד איז שוין געווען זייער שפּעט אין דער נאַכט. עס איז ניט געווען וואָס צו טאָן. אָבער דער קאָפּ איז געווען קלאָר און אין הארצן איז געווען א דערלייכטערונג. האָט ער זיך אוועקגעזעצט אין א ווינקל און געזעסן אזוי אָן געדאַנקען ביז דער צייט ווען ער האָט באדאַרפט גיין אהיים.

11

ווען באַרק איז געגאַנגען איבער די שלאָפנדיקע גאַסן האָט געגאָסן א רעגן. א דריבנער האַרבסטיקער רעגן האָט זיך געשפּרייט איבער די גאַסן און דעכער. פון אהינטערן שטאָט האָט זיך געהויבן א קאַלטער טאָג. די הייזער זיינען געווען איינגעוויקלט אין א געדיכטן טומאַן. באַרקן האָט ניט געאַרט דער רעגן און דער טומאַן. ער האָט זיך ניט געאיילט צו זיין אָרימען אָנבייסן. אים האָט זיך געוואָלט גיין און גיין, פאַרפאַלן ווערן צווישן די גרויסע געביידעס, אין די געדיכטע נעבלען, ווי אין טיפע אונטערערדישע לאַבירינטן.

פון דעם רעסטאָראַן איז ער ארויסגעגאַנגען ווען עס איז שוין געווען גרויסער טאָג. מענטשן זיינען ארומגעגאַנגען איבער די גאַסן אָנגעכמורעטע, אומצופרידענע, מיט נאַסע שירעמס און פאַרדאגה׳טע פּנימ׳ער, אין טיפע קויטיקע קאַלאָשן, האָבן זיך געטאָפּטשעט אין דער נאַסיקער בלאָטע, געאיילט זיך צו זייערע טעגלאַכע באַשעפטיקונגען.

באַרק איז ניט געגאַנגען אהיים. ער איז געגאַנגען צום נאָ־

ענטסטן סקווער־פּאַרק. אַ טויטלאַכער טרויער איז געווען אויסגע־שפּרייט אויפן פּאַרק. די אַראָפּגעפאַלענע בלעטער האָבן מיט אַ טונקעלן צודעק באַדעקט די גרויע ערד. אַ פּוילקייט האָט געטראָגן פון די צעפּוילטע גראָזן און בלעטער. די הוילע בוימער זיינען געשטאַנען מיט די נאַקעטע קערפּערס קעגן קעלט און נאַסקייט ווי אָרעמע פאַרוואָרלאָזטע אַלטיטשקע און געציטערט מיט אַלע אברים. אויף אַ נאַסער באַנק איז געזעסן אַן איינזאַמע, איינגעקאָרטשעטע פיגור פון אַ מענטשן, וואָס איז געווען אומבאַוועגלאַך ווי אַ טויטער. מיט די דאַרע שפּיציקע פּלייצעס אַרויף. דערהערט באַרקס טריט האָט זיך דער מענטש האַסטיק אַ הויב געטאָן און מיט שנעלע טריט אַוועקגעשפּאַנט אים אַנטקעגן. באַרק האָט פאַר זיך דערזען אַ פּאַרשוין פון אַ יאָר פערציק, וואָס איז געווען הויך און דאַר, מיט איינגעפאַלענע אויפגעפלאַמטע אויגן און אַ באַוואַקסענעם פּנים. אויף אים איז נאַס און אומגעלומפּערט געהאַנגען אַ העלער זומער־דיקער רעקל. ער האָט שטאַרק געציטערט פון קעלט. געהאַלטן די הענט טיף אין די קעשענעס. שנעל דערציילט די געוויינלאַכע געשיכטע פון אַרבעטלאָזיקייט, הונגער און קעלט און גאָר צום סוף, כמעט דורך טרערן, געזאָגט:

— ליבער הער, זייט אַזוי גוט, שענקט אַ נדבה. שענקט אויף אַ שטיקל ברויט, צו דערהאַלטן די נשמה.

ער איז געשטאַנען פאַר באַרקן מיט אַ געבויגענעם רוקן, ווי אַ דערשלאָגענע פאַריאָגטע חיה, וואָס האָט קיין כוח ניט צו שטייען אויף די אייגענע פיס, געקוקט אים אין די אויגן און געוואַרט.

באַרק האָט געגעבן אַ מטבע. האָט ער זיך שנעל און נידעריק פאַרנויגט, עפּעס אַ ברום געטאָן אונטערן נאָז, וואַרשיינלאַך דאַנק־ווערטער, אָבער אַזוי נאַכלעסיק און מיט אַזאַ טאָן, ווי דאָס וואָלטן געווען איבעריקע, ניט וויכטיקע ווערטער, און גלייך, ניט אומ־קערנדיק זיך, גענומען שפּאַנען צום אַרויסגאַנג. באַרק האָט אים אַ רוף געטאָן:

— העי, אַנטלויף ניט! וואוהין לויפסטו?

יענער האָט זיך אָפּגעשטעלט. ניט ווילנדיק צוגעקומען צו באַרקן. באַרק האָט געזאָגט:

— גייסט פאַרטרינקען? האָב קיין מורא ניט. מ׳מעג טרינקען.

—ס׳איז קאַלט. מ׳דאַרף זיך דערוואַרעמען אַביסינקע. מיטן הונגער איז נאָך ווי עס איז, אָבער די קעלט ברעכט איבער אַלע ביינער.

ער האָט אַ ציטער געטאָן מיט אַלע אברים. באַרק האָט געזאָגט:

— קום מיט מיר. וועסטו זיך דערוואַרעמען און וועסט נאָך כאַפּן אַ טרונק. ס׳איז דאָ ניט ווייט. קום.

זיי זיינען ביידע געגאַנגען שווייגנדיק. באַרק אַביסל פאָראויס און דער פרעמדער — נאָך אים. זיי זיינען געגאַנגען צו מייקלס פּלאַץ. דאָרטן האָט אים באַרק אַוועקגעזעצט לעבן אַ טישל, אַליין איז ער אַוועק צום קאָנטער מאַכן אַ באַשטעלונג: און אין עטלאַכע מינוט אַרום זיינען זיי שוין געזעסן לעבן טישל ווי אַלטע גוטע פריינט. געטרונקען שווייגנדיק. אין דעם אומבאַקאַנטנס אויגן האָט ביסלאַכווייז אויפגעפלאַמט אַ פרייד. ער האָט געטרונקען איין גלעזל נאָך דער צווייטער. געזאָגט:

— עך, גוט! אָט דאָס איז גוט! גאָט אַליין האָט מיר אייך צוגעשיקט אין אַזאַ ביטערן טאָג. כ׳האָב געמיינט — איך וועל אויסגיין אָפן קאַלטן נאַסן באַנק. ערשט איך גיב אַ קוק — איר גייט. אַ דאַנק. אַ גרויסן דאַנק אייך. כ׳וועל קיין מאָל ניט פאַרגעסן.

ער האָט אויסגעטרונקען נאָך און פּלוצלונג, ווי אַן אייגענער, געווענדט זיך צו באַרקן:

— נו, און איר — וואָס טרינקט איר ניט אוים קיין גלעזעלע? איך וועל אויך מיט אייך אויסטרינקען. אָט גיסט אָן. ניטאָ שוין? און איך האָב ערשט געוואָלט נאָך אַמאָל מיט אייך אויסטרינקען. אַ שאָד.

ער האָט זיך אָבער באַלד געפונען און האָט וואוילעריש אַ קאָמאַנדעווע געטאָן:

— עי, אַלטער, הויב זיך אויף! וואָס שלאָפסטו? זעסט ניט, אַז אָנשטענדיקע מענטשן זיינען געקומען אַ טרונק טאָן! שנעלער גיב זיך דאָרטן אַ קער.

דער אַלטער האָט צוגעטראָגן דעם געטראַנק און איז ווידער אָפּגעטראָטן צו זיין פּלאַץ, פּונקט ווי ער וואָלט גאָר ניט געזען פאַר וועמען ער האָט דעם געטראַנק אוועקגעשטעלט. באַרק איז געזעסן און ניט געהאַט וואָס צו זאָגן דעם אומבאַקאַנטן, אַזוי פאַר־שטענדלאַך איז אים געווען יענעמס לעבן. אַזוי קלאָר. עס איז ניט געווען וואָס צו זאָגן דעם מענטשן און עס איז ניט געווען וואָס צו הערן פון׳ם מענטשן. ער איז נאָך אַ ווײַלע געזעסן און געוואָלט אויפשטיין.

דער פרעמדער האָט ניט אָפּגעלאָזן:

— וואוהין איילט איר זיך? בלייבט מיט מיר אַ ווײַלע. און וואוהין איז דאָ צו איילן זיך? — צו אַ ווייב? צו אַ היים? ע, די זאַכן וועלן אין ערגעץ ניט אַנטלויפן. גאַנץ וועלן זיי זיין. און מיט אַן אינטערעסאַנטער באַגעגעניש איז שוין גאָר אַנדערש. דאָס איז אַ פּאַסירונג. יע, מיין ליבער הער, אַ פּאַסירונג. ווייל דו באַגעגנסט זיך איין מאָל און נאָכדעם — ניטאָ. אפשר אַף אייביק. גלויבט מיר, איך האָב אַמאָל אויך געהאַט אַ היים און אַ ווייב און אָט די אַלע זאַכן, און וואָס זאָל איך אייך זאָגן — קוים פּטור געוואָרן. אַזוי פיל צרות אויסגעשטאַנען. טאָג און נאַכט איין נגון — ארבעט, זאָרג, ווער פאַרשוואַרצט. דער קאָפּ פּלעגט זיך באַ מיר פאַרדרייען ווי ביי אַ באַראַן. ניט געוואוסט אַף וואָסער וועלט איך בין. נו, האָב איך באַשלאָסן צו מאַכן פון אַלץ אַ תל. און איך האָב געמאַכט. אַ סוף מיט אַן עק!

באַרק האָט גלייכגילטיק אַ זאָג געטאָן:

— נו, און אַף דער באַוערי איז בעסער? פירן אַ הינטיש לעבן.

— וואָס רעדט איר, ליבער מענטש! איך בין דאָך ווי אין אַ גן־עדן. איך בין דאָ מיט אייגענע, צווישן אייגענע. ניטאָ גאָר קיין פרעמדע. איך גיב אַ קוק אַ מענטשן אין די אויגן אַריין און לייען, ווי פון אַ בוך. יעדערער איז מיין ברודער. אין ליידן מיין ברודער. און אַז איך וויל איז דאָך די גאַנצע וועלט מיינע. איך דאַרף נאָר פאַרוועלן. פריער — וואָס האָב איך געהאַט? אַ ווייב און אַ היים און נאָך אייניקע נאַרישקייטן, און איצט איז אַלץ —

מיינס. די שטאָט מיט די טויזנטער הימל־קראַצער — זי איז מיינע. און אַז איך וויל — גנב'ע איך זיך אַריין אין זייער רייכן בראָדוויי, און מיין האַרץ ווערט פול מיט נחת פון די רייכע אווטאָמאָבילן, פון די ליכטיקע וויטרינעס, פון די הונדערטער טעאַטערן, פון די מיליאָנען עלעקטרישע לאָמפּן. ווייל — אַלץ איז מיינס. איך הערט — עס איז מיינס! ווייל איך גיי אַרום און האָב הנאה פון אַלץ. ווי אַ באַלעבאָס בין איך אין דער שטאָט. און דערפאַר, אַז איך קום צוריק צו דער באָוערי, איז אַזוי ווי איך וואָלט מיט זיך געבראַכט גאַנצע פּעק מיט רייכטימער. איך בין רייך און מיין האַרץ איז מיר רואיק. און די אָרעמקייט, וואָס אַרום איז ניט שרעקלאַך, אפילו אנגענעם.

— באַרק האָט ווידער קאַלט באַמערקט:

— און פאַר וועמען וועסטו איבערלאָזן דיינע רייכטימער, אַז דו וועסט אוועק'פּגר'ן אַפן נאַסן טראָטואַר? אָט וואָס איך וואָלט וועלן וויסן.

— פאַר וועמען? פאַר קיינעם ניט, זאָל עס בלייבן. אַ רייכן אַרט ניט. ער איז ניט קאַרג. געוועזן — ניטאָ, — אַלץ איינס. דערצו איז דאָך דער קאַלטער ווינטער ניט אויף אייביק. ער גייט פאַריבער. עס קומט אָן דער זומער. דאַן גיי איך אַרויס אויף די שליאַכן. אַלץ ווידער מיינס. די זון שיינט פאַר מיר און די פויגע־לאַך זינגען פאַר מיר און די בלומען בליען פאַר מיר. און איך גיי אַרום איבער גאָטס וועלט, ווי אַ קעניג, און קלייב נחת פון מיין רייכקייט. און אַ ווייב? כע! די מאַמע־ערד איז געטרייער פון דער בעסטער ווייב. זי באַזאָרגט שוין מיט אַלעם גוטן. זי איז רייך, איך בין רייך.

באַרק האָט אונטערבראָכן:

— די שטאָט מיט אַלע אירע רייכטימער איז אַ פּראָדוקט פון שווערער, געדולדיקער אַרבעט פון טויזנטער. אפילו די נאַטור איז אַ פּראָדוקט פון שווערער מי, און דו זאָגסט — ס'איז דיינס. ס'איז אַ ליגן, אָט וואָס דיינע רייד זיינען.

באַרקס אויגן זיינען פינסטער געוואָרן. זיין קול איז געוועזן

הייזעריק און זיין פּנים — קאַלט און פרעמד. דער אומבאַקאַנטער האָט זיך דערשראָקן, ער האָט גענומען זיך פאַרענטפערן:

— גוט, גוט, איר זייט גערעכט. איך האָב שוין פון דעם אַליין געטראַכט. פיל מאָל געטראַכט. און וויפיל מאָל האָב איך דאָס לידל געהערט זינגען פון מענטשן? אפשר טויזנטער מאָל האָב איך געהערט. אָבער דאָס איז דאָך אַן אַלטע מעשה. גאָט האָט געהייסן אינם שוויים פון נאַרישן שטערן דעם אייגענעם ברויט פאַרדינען. שוין געהערט! גייט נאָר אַרוים אַף אונזער באַוערי, און איר וועט גלייך דערהערן דאָס לידעלע. אַלע זינגען זיי מיט דעם זעלביקן נוסח. אָ. זיי דערציילן אייך פון פליכט און פון גאָט און פון הייליקייטן. פאַר יעדן ביסן ברויט וועלן זיי אייך דערוועגן מיט דרשות וועגן גאָט און פליכט. די שטראָפער און די רעטער. איך בין נאָך געווען אַ קינד ווען איך האָט דערהערט די שטראָף־רייד אין גאָטס נאָמען, און דעם גאַנצן לעבן האָט מען מיך מיט זיי געקאָרמעט. כ׳וויל מער ניט. אַ דאַנק! לאָזט צורו.

ער האָט זי אַ ווײַלע פאַרטראַכט און האָט פאָרטגעזעצט:

— אָבער, צום טייוול, פאַרגלייכט ניט קיין מענטשן. איין מענטש צו דעם אַנדערן איז ניט קיין פּאָר. איינער ווערט געבאָרן און עס ווערט פאַר אים פאַרשריבן — אַרבעטן, זאָל ער פאַר־שוואַרצט ווערן, ווייל זיין שיקזאַל איז צו זיין אַ שקלאַף. אַ צוויי־טער ווערט געבאָרן און אים ווערט פאַרשריבן צו זיין אַ קעניג. נו, דאַרף זיך אפשר דער קעניג אַוועקשטעלן מיט די שקלאַפן אינאיי־נעם שווערע ציגל טראָגן? ניין. אַ שקלאַף איז אַ שקלאַף און אַ קעניג איז אַ קעניג. און אַ קעניג וועל איך שטאַרבן.

באַרק האָט אים אונטערבראָכן:

— אַ באַוערי בעטלער ביסטו, אָט וואָס. אַ נייער קעניג! בראָדוויי און די הימלקראַצערס! האָסט אין אַ בראָדווייער טעאַטער אפילו מיט איין פוס ניט אַריינגעשטעלט. און רעדסט!

— אמת, ניט אַריינגעשטעלט. אַ קעניג דאַרף דאָס ניט. אַ קעניג דאַרף נאָר וויסן, אַז אַלץ איז דאָ, אַז אַלץ איז פאַר אים אָנגעגרייט. אַ קעניג איז רייך מיט דעם אַליין, וואָס ער איז דאָ. און נוצן — זאָל יעדערער האָבן וויפיל זיין האַרץ גלוסט. צו וואָס

דאַרף איך דאָס? איך דאַרף קיין זאַך ניט. מיר איז גענוג צו וויסן, אַז ס'איז דאָ, און איך בין שוין צופרידן און רייך אויף אַלע מאָל. האָט איר עס פאַרשטאַנען?

ער האָט זינגעריש אַ קוק געטאָן אויף באַרקן און צוגעגעבן:

— מיר וועלן אויסטרינקען, האַ? און נאָך וויל איך אייך בעטן, איידער איך גיי אַוועק: — גוטער מענטש, גיט מיר נאָך עטלאַכע סענט, בלויז עטלאַכע סענט. דערנאָך וועל איך אַוועקגיין און אייביק זיין דאַנקבאַר.

באַרק האָט אים געגעבן אַ מטבע און זיך אָפּגעקערט. יענער האָט זיך נידעריק פאַרנויגט און איז אַרויס פון האָטעל. באַרק האָט זיך אויך באַלד אויפגעהויבן און געלאָזט זיך גיין אַרויף צו זיך. אין קאָרידאָר האָט אים באַגעגנט ריטאַ. זי איז געגאַנגען אין באַגלייטונג פון איר הונט. באַרק האָט זיך אָפּגעשטעלט. אָפּגעטראָטן איר דעם וועג. זי האָט זיך אויך אָפּגעשטעלט און קוקנדיק אים גלייך אין די אויגן אַריין, געזאָגט:

— איך דאַנק אייך. אַז ניט איר וואָלט מיר אויסגעקומען שלעכט. זי האָט זיך אויף מיר געוואָרפן מיט די פויסטן. איין רגע, און מיין הונט וואָלט זי צעביסן. איך ווייס גאָר ניט ווי צו דאַנקען אייך.

אַזאַ שטימע האָט ריטאַ געהאַט, וואָס קיין אַנדער פרוי אויף דער וועלט האָט ניט געהאַט. אַ קלינגענדיקע און אין דערזעלביקער צייט — אַ באַהאַלטענע, האָט זי דערפרייט באַרקס פאַרפרעמדטע גלידער. ער איז געשטאַנען און ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערן אויף אירע רייד. האָט זי שוין ווייטער גערעט:

— איך בין דאָ אַ פרעמדע. די פרויען דאָ האָבן מיך ניט ליב. זיי באַליידיקן מיך. אָך, גאָט, ווי זיי באַליידיקן מיך. איך האָב זיך ניט געוואָלט באַקלאָגן, און אָט באַקלאָג איך זיך פאַר אייך.

אין איר ווייכן קול האָבן זיך דערהערט טרערן. זי האָט זיך אָבער ניט אָפּגעקערט. געקוקט באַרקן גלייך אין די אויגן. און באַרק האָט זיך געוואונדערט: אַלע פלעגן זיך אָפּקערן פונם בליק פון זיינע אויגן און זי האָט רואיק, אָן אַ וועלכן עס איז ציטער

געקוקט אים גלייך אין די אויגן אריין. ער האָט געקענט בלויז אַרויסשטאַמלען:

— אָ, זיי, זיי זיינען. ———

זי האָט אים אַרויסגעהאָלפן:

— זיי זיינען אומגליקלאַכע, זיינען זיי בייז. און מ'דאַרף זיי מוחל זיין. זיי זיינען ניט שולדיק.

און זי איז אַוועקגעגאַנגען. באַרק האָט געקוקט אַף איר ווי אַף אַ גרויסן וואונדער. זי איז ניט געווען קיין געוויינלאַכע פרוי. און קיין פרוי האָט נאָך צו אים ניט גערעדט אַזוי ווי זי. און זי איז געווען ענלאַך צו אימיצן וועמען ער האָט זייער גוט געקענט, וועמעס אָנבליק עס האָט געלעבט אין זיין הארצן, און ער האָט אַלץ ניט געוואוסט ווער דאָס איז געווען.

באַרק איז איצט געווען אויסגעמאַטערט. ער האָט ניט געקענט טראַכטן. ער האָט זיך איינגעשפּאַרט אין זיין צימער. ער האָט שוין באַדאַרפט שלאָפן. פאַר אים איז געשטאַנען אַ נאַכט פון אַרבעט. ער האָט אָבער ניט געקענט שלאָפן. דער קאָפּ איז געווען פּוסט. די אויגן זיינען געווען אָפן און האָבן געזוכט אַ געשטאַלט, וואָס איז געווען אַף דער וועלט און וואָס ער האָט ניט געקענט אויפזוכן און געפינען. דאָס געשטאַלט איז געווען נאָענט און ער האָט עס ניט געקענט גרייכן.

## 12

מערין האָט מען עטלאַכע טעג ניט באַמערקט אַרויסגיין פון איר צימער. אָבער אין צימער איז שטענדיק געווען שטיל און די טיר איז אויך געווען פאַרקייטעלט, אָדער צוגעשלאָסן מיט אַ שליסל. אַפן קלאַפּ אין טיר האָט זי אויך ניט געענטפערט. האָט מען ניט געוואוסט וואָס מיט איר איז. און מערי איז דערווייל געלעגן אַ קראַנקע. עס האָט איר אין ערגעץ ניט וויי געטאָן. זי וואָלט אויך ניט געקאָנט אָנווייזן וואו עס איז אין איר די קראַנקייט געלעגן. זי האָט זיך געפילט אינגאַנצן קראַנק. עס איז קראַנק געווען אין איר דאָס ביסל בלוט, קראַנק דאָס האַרץ, די ביינער און יעדער

גליד באַזונדער. דער מאַרך איז געווען קראַנק. און זי האָט געפילט אין זיך אַזאַ פוילעניש, וואָס האָט זיך געגרעניצט מיט צעפאַלונג. אין צימער איז געווען דער אָטעם פון טויט, אין האַרצן — אַ פוסטקייט.

איז זי געלעגן אַליין. ניט געוואָלט ריידן מיט מענטשן. ניט געוואָלט ריידן מיט זיך. געשוויגן, אַן אייגענגורעטע אין דער איי־גענער געפאַלנקייט. עס האָט זיך געוואָלט פאַרבאָרגן אין זיך, ווי פון אַ דרויסנדיקער קעלט, באַהאַלטן די קראַנקע גלידער און דאָס ביסעלע לעבן.

דאָס גאַנצע פריערדיקע לעבן האָט זיך געלאָשן און אין טויטער שווערקייט געפרעסט די שלייפן פון דעם אויפגעפלאַמטן קאָפּ. עס האָט זיך ניט געוואָלט מער לעבן. עס האָט זיך געוואָלט שטאַרבן. ווייל זי האָט געפילט די קראַנקייט פון גאַנצן קערפּער. וואָלט כאָטש קראַנק געווען אַ האַנט, אָדער אַ פוס, אָדער אַן אַנדער אבר, וואָלט זי געקענט אָפּשניידן דעם קראַנקען אבר, באַפרייען זיך פון אים. און דאָ איז זי שוין פון אַ לאַנגער צייט אינגאַנצן קראַנק געווען. יעדער צעל אין איר איז שוין געווען פאַר׳סמ׳ט, דאָס בלוט אין איר איז געווען אומריין און פאַר׳סמ׳ט. די ביינער האָבן געפוילט. אפילו דער אָטעם אירער איז געווען צעפוילט. ניין, זי, וואָס האָט געזען אַף זיך אַזוינע דערנידערונגען אין לעבן, האָט אָט דאָס ניט געקענט אַריבערטראָגן. דאָס איז געווען איבער אַלע כחות.

און אַרום איז קיינער ניט געווען. ניט קיין שוועסטער און ניט קיין פריינט. און דאָס האָט נאָר אַ שוועסטער, אָדער אַ פריינט געקאָנט פאַרשטיין. ניין, אפילו איר מאַמע וואָלט עס אויך ניט פאַרשטאַנען. און די נאַכט איז אָנגעקומען. די שטאָט האָט שוין אומעטום אָנגעצונדן ליכט. עס האָט זיך אָנגעהייבן אַ נאַכטיק לעבן. און נאָר בא מערין אין צימער איז נאָך געווען פינסטער. עס האָט זיך ניט געוואָלט אָנצינדן דאָס ליכט. אין דער פינסטער איז געווען לייכטער. עס האָט פאַרבאָרגן. ניט געשפּאַרט אין די אויגן די ווירקלאַכקייט.

ערשט שפּעט, אַרום צען אַזייגער, האָט זי דערהערט אַ קלאַפּ אין טיר. אַ פרעג געטאָן:

## ל. כאַנוקאָוו

— ווער?

— איך. ריטאַ.

— ווער? ריטאַ?

זי האָט ניט געקענט פאַרשטיין. ריטאַ זאָל פּלוצלונג אָנקלאַפּן. ניין, דאָס איז געווען מאָדנע. איז אַראָפּ פון בעט, אָנגעצונדן ליכט און געעפנט די טיר. און דערפאַר, וואָס דאָס איז געווען אומגעוויינלאַך, האָט זי נאָך אַמאָל אַ פרעג געטאָן:

— דאָס זייט איר, ריטאַ?

— יע. דאָס בין איך. לאָזט מיך אַריין אויף אַ רגע. אַז איר וועט ניט וועלן וועל איך גלייך אַרויסגיין.

— ניין, קומט אַריין.

איז ריטאַ אַריין אין צימער. און מערי האָט ניט געוואוסט וואָס צו טאָן און וואָס צו זאָגן. האָט ריטאַ פּשוט געזאָגט:

— כ׳טראַכט די גאַנצע צייט, אַז עפּעס איז מאָדנע וואָס איר זייט אינדערהיים. זייט איר קראַנק?

— יע. כ׳בין זייער קראַנק.

— וואָס? צוגעקיטל זיך?

— ניין קראַנק.

געזאָגט, און אַרונטערגעלאָזן דעם קאָפּ. און ביידע האָבן אַ ווײַלע געשוויגן. נאָכדעם האָט זיך מערי דערמאַנט:

— אָך, זעצט זיך.

צוגערוקט אַ שטול. ריטאַ האָט זיך אַוועקגעזעצט. געזאָגט:

— און איר לייגט זיך אין בעט. איר זייט דאָך קראַנק. האָט איר זיך שוין באַראַטן מיט אַ דאָקטאָר?

מערי האָט ביטערלאַך אַ שמייכל געטאָן:

— אַ דאָקטאָר וועט מיר ניט העלפן.

— זאָגט וואָס איר באַדאַרפט און איך וועל אייך ברענגען. איך האָב עפּעס אויך אין מיין צימער. איך בעט אייך, זאָגט.

און זי האָט זיך אויפגעהויבן. מערי האָט זי אָפּגעשטעלט:

— ניין, אַ דאַנק. איך דאַרף קיין זאַך ניט. אָט זיצט לעבן מיר אַ ווײַלע און מער גאָר ניט. און איך וועל זיך צולייגן. מיר איז שווער.

זי האָט זיך אַריינגעלייגט אין בעט און גלייך דערפילט אַ פּאַר־לאַנג נאָך אַמאָל צונויפדרייען זיך און איינגנורען זיך וואָס טיפער אין זיך. זי האָט אַביסל פאַרשעמט געשוויגן. עס איז געווען מאָדנע, וואָס ריטאַ איז געזעסן באַ איר אין צימער, גאָר אַזוי ווי צווישן זיי וואָלט קיין זאַך ניט פּאַסירט. האָט זי זיך ניט איינגעהאַלטן און געזאָגט:

— איך בין זייער שולדיק געגן אייך, ריטאַ. איך האָב אייך ווי געטאָן. איך האָב זיך ניט געקענט העלפן. איך האָב אַ בייזע צונג.

ריטאַ האָט זי אונטערבראָכן:

— ניין, זאָגט עס ניט, מערי. איר זייט ניט קיין שלעכטע. איר האָט מיך ניט געקענט. איין מענטש פאַרשטייט ניט דעם צווייטן ביז ער באַקענט זיך מיט אים. און איצט בין איך טאַקע געקומען באַקענען זיך. איך וויל אייך קענען און איך וויל, אַז איר זאָלט מיך קענען.

מערי האָט קורץ און מיט אַ כעס אָפּ זיך געזאָגט:

— וואָס איז דאָ וואָס צו קענען אין מיר? איך בין אַן אַלטע מויד, אַ גאַסן־פרוי, און בין ניט ווערט וואָס איך לעב אויף דער וועלט. און אייך האָב איך ווי געטאָן אויס בייזקייט. עס האָט געברענט אין מיר אַ בייזקייט אויף אייך, און פאַרוואָס — ווייס איך ניט.

— אין דעם בין איך אַליין שולדיק. איך האָב זיך באַהאַלטן פון אייך, געמאַכט פון מיין לעבן אַ געהיימנים. ניט אויסגעזאָגט אייך מיין אמת. אייער אמת איז אָפן און מיינער איז אַ באַהאַלטענער, האָט איר מיך פיינט באַקומען. מיין שולד. איך בין אויך אַן אומגליקלאַכע. אפשר אומגליקלאַכער פון אייך אַלעמען. ווען איך וואָלט אויסעגשריען מיין אומגליק וואָלט אייך לייכטער געווען און איר וואָלט מיך ליב געהאַט ווי אַ שוועסטער אין ליידן. און אַז איך שווייג — זייט איר ניט מיט מיר. אָ, איך פאַרשטיי דאָס. אין דעם איז אינגאַנצן מיין שולד. איך טאָר ניט פאַרשווייגן מיין אומגליק. אַזוי ווי איר אַלע, דאַרף איך אים אַרומטראָגן אינדרויסן, אַז אַלע זאָלן זען. זאָלן רחמנות האָבן, אָדער פאַראַכטן.

מערי האָט געשוויגן. האָט נאָך ניט געוואוסט צי דאָס וואָס ריטאַ זאָגט איז גוט צי שלעכט. געווען פאַרזיכטיק. ניט געוואָלט גלייך אָננעמען יענערס ווערטער אַזוי, ווי זיי זיינען אַרויסגעזאָגט געוואָרן. און דאָך איז געווען מאָדנע, וואָס ריטאַ איז געזעסן אין איר צימער און גערעדט אַזוינע רייד. און עס איז ניט געווען קיין טרער אין אירע אויגן און עס איז ניט געווען קיין טרויער אין איר קול. זי האָט גערעדט קאַלט, גלאַסן און אמת'דיק.

ריטאַ האָט געזאָגט:

— און איר, מערי, האָט מיך פיינט מער פון אַלעמען. אָבער אייך פאַרגיב איך. און איך האָב אייך ליב. איר זייט מיר ווי אַ שוועסטער. איר זאָגט, איר זייט אַ גאַסן פרוי און איך זאָג אייך — איך בין צוויי מאָל אַ גאַסן־פרוי. איר פאַרקויפט זיך און איך פאַר־קויף זיך שרעקלאַכער פון אייך. איר פאַרקויפט אייער לייב און איך — מיין לייב און מיין זעל. מיין זעל איז פאַרקויפט — פאַר־שטייט עס, מערי. איך בין צוויי מאָל געפאַלן. עס איז ניטאָ קיין מענטש אַף דער וועלט, וואָס איז אַזוי געפאַלן, ווי איך.

זי האָט דאָס געזאָגט, און מיט אימפּעטיקע טריט צוגעגאַנגען צו מערים בעט. געפאַלן אַף די קני, אָנגעכאַפּט מערים האַנט, צו־געפאַלן צו איר מיט די ליפּן און טלאַכע מאָל, אין פלוצלונגער עקס־טאַטישקייט, באַדעקט זי מיט הייסע קושן, און נאָכדעם אַזוי געבליבן מיטן פּנים אין מערים קני, אַ געבויגענע אַף די קני, אין אַ שטילער פאַרגעסונג.

מערי איז געווען זייער דערשראָקן. ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. אויפגעהויבן זיך אַביסל און, אַ בלייכע, געזאָגט:

— אָך, וואָס טוט איר? גאָט, וואָס האָט איר אַזוינס געטאָן?!

אָבער ריטאַ האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, מיט גוטע אויגן אַ קוק געטאָן אַף מערין און געזאָגט:

— איך האָב קיינעם ניט. זייט מיר אַ שוועסטער. זייט מיר אַ פריינט.

און ווידער האָט מערי ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. געפילט נאָר ווי עס איז צוגעלאָפן צום האַלז אַ האַרטער קנויל און ווערגט,

און ווערגט. האָט זי זיך אַ וואָרף געטאָן אין ריטאַס אָרעמס און פאַרגאַנגען זיך אין אַ ביטערן געוויין. געוויינט לאַנג און ביטער און מיט דערלייכטערונג, ווי אַ קינד. שפּעטער אַ ווײַלע געזאָגט:

— אוי, בין איך אַ מערדערין. ווען אין וואָלט געוואוסט וואָס איך האָב געטאָן מיט מיין טריפה׳נעם בלוט. איך האָב פאר׳סמ׳ט טאַטעס פון קנידער. איך האָב פאר׳סמ׳ט מאַמעס. איצט וועלן זיי געבאָרן קראַנקע, ראַכיטישע קינדער, בלינדע, טויבע, פּאַראַלי־טישע. און דאָס האָב איך אַלץ געטאָן. איך. און מיר דוכט, אַז זיי שרייען צו מיר און ווייזן אַף מיר מיט די פינגער, ווי אַף אַ מער־דערין. אָך, ריטאַ, טרעט אָפּ איין טראָט פון מיר און גיט מיר אַ שפּיי אין פּנים מיט פאַראַכטונג. אפשר וועט מיר גרינגער ווערן. אוי, איך וועל גיין אינדרויסן, אוועקלייגן זיך אַף דער באַוערי און זאָלן מיר צעטראַמפּלען די רעדער אַפן שטיין פון גאַס. געבאָרן געוואָרן אַף דער גאַס און שטאַרבן אַף דער גאַס.

און ווידער איז מערי געפאַלן מיטן פּנים אין קישן און ווידער געוויינט. און ריטאַ איז ווידער צוגעפאַלן מיט הייסע ליפּן צו מערים הענט און זיי געקושט, און עס איז אין דעם געווען אַזוי פיל ליבע און מענטשלאַכער נאָענטקייט, פיל מער וויפיל דער צווייטער האָט געקענט פאַרנעמען. האָט זיך שוין מערי ניט געקענט באַ־הערשן. זי האָט זיך איינגעגראָבן מיט די פינגער אין אייגענעם צעפּאַטליעטן קאָפּ, האָט איינגעפלאָנטערט די פינגער וויפיל זי האָט געקענט און גענומען רייסן גאַנצע פּאַטליעס האָר און שרייען מיט משונה׳דיק אויסגעטאַרטשטע אויגן:

— אוי, דערווערגט מיך, ריטאַ! מיט אייערע הענט דער־ווערגט מיך! איך בין אַ מערדערין און אַ שלאַנג!

עס האָט גענומען ריטאַן עטלאַכע מינוט פון פיבערדיקער אָנ־שטרענגונג און טרערן ביז מערי איז געקומען צו זיך, צוריק אָפּגע־וואָרפן איר קאָפּ אַפן קושן און אויסגעצויגן די אויפגערעגטע הענט מאַט און מאַכטלאָז אין דער לענג פון איר קערפּער. אירע אויגן האָבן זיך בּיסלאַכווייז גענומען צונויפקלעפּן. ניט געקענט זיך עפענען. זי איז אריינגעפאַלן אין אַ פאַרגעסונג. יעדער אבער איז־ער באַזונדער איז אריינגעפאַלן אין פאַרגעסונג. אין עטלאַכע מינוטן

אַרום איז זי שוין געשלאָפן. און נאָר אַפן בלייכן פּנים האָט זיך מאָדנע שנעל פּאַנאַנדערגעשפּילט אַ קרענקלאַכע רויטקייט און פון דער גאַנצער האָט אַ שלאָג געטאָן אַ היץ. דאָס האָט די קראַנקע צוגעקראָגן פיבער. איז שוין ריטאַ געבליבן זיצן אַ גאַנצע נאַכט לעבן מעריס בעט. געזעסן און געקוקט אַף איר, וואָס איז געווען אַ פרעמדע און אַן אייגענע, אַ ווייטע און אַ נאָענטע. די נאַכט האָט זיך געצויגן, געצויגן. אין די שלייפן האָט געקלאַפּט דאָס בלוט און דאָס האַרץ האָט געבענקט, געבענקט.

הינטערן פענסטער האָבן אַרומגעשטייעט טריט פון מענטשן, וואָס האָבן געזוכט אַ היים אַף דער אָרעמער גאַס. הינטערן פענ־סטער האָבן אַרומגעבלאָנדזשעט שטימען. פרעמד־אייגענע האָבן ניט געקענט געפינען קיין רו אין דער פינסטערער, האַרבסטיקער נאַכט. און עס איז קיינער ניט געווען וואָס זאָל זיי ווייזן אַ וועג צו זייער היים. די וועלט האָט זיך באַהאַלטן אין שלאָף.

ערשט צו אינדערפרי צו האָט זיך מערי אויפגעכאַפּט, געעפנט די אויגן און פאַרוואונדערט אַרומגעקוקט זיך:

— אַך, דאָס זייט איר, ריטאַ.

זי האָט אָפּגעזיפצט. געזאָגט:

— עס איז אַזוי גוט, וואָס איר זייט דאָ. איך דאַנק אייך.

זי האָט דאָס געזאָגט, און שוין איינגעאַנצן אַ וואַכזאַמע, גענומען ריטאַס האַנט און זי וואַרעם צוגעדריקט צו דער אייגענער ברוסט. ווידער געזאָגט:

— אוי, ריטאַ, גוטער מענטש, מיר האָט זיך ערשט גע׳חלומ׳ט אַזאַ שיינער און אַזאַ טרויעריקער חלום. און איך מוז אייך דער־ציילן. איר וועט הערן?

— דערציילט, דערציילט. זיכער וועל איך הערן.

מערי האָט אַ זיפץ געטאָן און גענומען דערציילן:

— מיר האָט זיך גע׳חלומ׳ט, אַז איך האָב אַ געליבטן. און די מאַמע לעבט. און אַלץ איז, ווי עס איז געווען פריער. אפילו דאָס זעלביקע הייזל, און דיזעלביקע גאַס. אַזוי מאָדנע. אָט ווי דאָס וואָלט טאַקע ערשט געווען. אַך, עס איז גוט, וואָס איר זייט דאָ. ווי וואָלט איך איצט געווען אַליין?

און אַזוי זיינען ביידע פרויען געזעסן ביז שפּעט אינדערפרי און גערעדט ווי שוועסטער איבער אַן אַלגעמיינעם אומגליק. און נאָכדעם האָבן שוין אַלע געוואוסט וועגן ריטאַס ביינאַכטיקן באַזוך אין מעריס צימער. און גלייך האָבן זיך גענומען פאַרשפּרייטן פאַרשידענע איינצלהייטן און קלאַנגען, וואָס זיינען געגאַנגען פון מויל צו מויל ביז זיי זיינען אָנגעקומען צו באַרקן.

13

און אַז באַרק האָט זיך פון דעם דערוואוסט איז אויף זיין פּנים, ווי אַלע מאָל, ניט געווען ניט קיין פאַרוואונדערונג און ניט קיין צווייפל. פּונקט ווי דאָס וואָלט געווען אַ געוויינלאַכע זאַך. ער איז אַ ווײַלע געשטאַנען, ניט אויסריידנדיק קיין וואָרט, און איז אוועק צו זיך. אָבער ווי נאָר ער איז איבערגעטראָטן די אייגענע שוועל האָט ער דערהערט אַ שטילן קלאַפּן אין זיין טיר. דאָס איז צו אים געקומען ריטאַ. איר פּנים איז געווען בלייך און אויסגע־מאַטערט פון דער שלאָפלאָזער נאַכט. אָבער אירע אויגן האָבן אָפן און פאַרטרויליך געקוקט גלייך אין באַרקס אויגן אַריין. און זי האָט פּשוט, ווי צו אַן אַלטן באַקאַנטן, געזאָגט:

— איך בין צו אייך געקומען מיט אַ גרויסער בקשה. איר מוזט מיר העלפן. מערי איז זייער קראַנק. זי מוז גלייך אוועק־געשטעלט ווערן אונטער דער אויפזיכט פון אַ דאָקטאָר. אַ דאָקטאָר האָב איך אַ באַקאַנטן. ער איז פון די באַרימטע. איך וועל אים אַהער באַשטעלן. אָבער ער טאָר ניט וויסן, אַז איך בין דאָ. קיינער טאָר עס ניט וויסן. איר און מערי טאָרט מיך ניט אַרויסגעבן. קיינער טאָר דאָ ניט וויסן, אַז איך האָב אים איינגעלאַדן. עס מוז זיין אַ סוד.

באַרק האָט געשוויגן. זיין פּנים האָט קיין זאַך ניט אויסגע־דריקט. האָט ריטאַ אַ ווײַלע געקוקט אויף אים, אָפּגעוואַרט און געזאָגט:

— איך וויל איר זאָלט מיך פאַרשטיין. זיי טאָרן ניט וויסן, אַז איך בין אויף דער באַוערי. איך בין פון זיי אַוועק. איך בין פון

זיי אַנטלאָפן. איך באַהאַלט זיך אויס פון זיי. און דאָ וועלן זיי קיינמאָל ניט זוכן. אָבער איצט דאַרף מען זיין פּאָרזיכטיק. דער דאָקטאָר טאָר פון מיר ניט וויסן. אַז ער זאָל זיך דערוויסן, וועט אַלץ זיין פאַרפאַלן. און פאַרוואָס איך בין דאָ, וועל איך אייך ווען עס איז דערציילן. עס איז אַ לאַנגע געשיכטע.

באַרק האָט קאַלט געזאָגט:

— איר זייט דאָ, ווייל איר זייט פון דער באַוערי. אַלע, וואָס זיינען פון דער באַוערי, קערן זיך אום צו איר, ווי צו אַן אַלטער מאַמען.

ריטאַ האָט זיך אַביסל דערשראָקן פאַר זיינע רייד. זי האָט אַנגעשטעלט אַף אים אירע פאַרוואונדערטע אויגן און אַליין איז זי געוואָרן נאָך בלייכער:

— פאַרוואָס דענקט איר, אַז איך בין פון דער באַוערי? פון וואַנען ווייסט איר?

באַרק האָט אָפּגעוואַרט. געוואַקלט זיך. נאָכדעם מיט אַנט־שלאָסנקייט געזאָגט:

— אָ, דאָס איז אַ געוויינלאַכע זאַך. די, וואָס זיינען פון דער באַוערי קומען אַלע מאָל צוריק. זיי קערן זיך אום. דאָ געבאָרן געוואָרן, דאָ געשטאָרבן. ס'איז שוין אַזוי פון אַלע מאָל, און איר אויך אַזוי. פון פאַרק עוועניו קומט קיינער ניט אַהער צוליב פאַר־געניגן. מ'קומט נאָר ווען מ'איז געצוואונגען. נו, און איר זייט געצוואונגען. דער שיקזאַל צווינגט, זייט איר געקומען. אַזאַ לעבן אַף דער באַוערי, וואָס באַצווינגט, אַ קללה אַזאַ. איך האָב דאָס שוין לאַנג געוואוסט.

ביידע זיינען אַ ווײַלע געשטאַנען אַן ווערטער. אין צימער איז געווען שטיל. אין האָטעל איז געווען שטיל. און עס האָט זיך געדוכט, אַז אימיצער שטייט הינטער דער טיר און הערט־אונטער דעם געשפּרעך פון די צוויי. האָט ריטאַ צום ערשטן מאָל דערפילט אַ מורא פאַר באַרקן און פאַר דעם אייגענעם סוד. און באַרק איז געווען רחמנות'לאַז. ער האָט געוואָלט, ווי אַלע מאָל, דערפירן זיין געדאַנק ביז'ן סוף. מיט אים איז שטענדיק געווען אַזוי. אָדער ער האָט

געשוויגן, אָדער אַז ער האָט זיך פאַנאַנדערגערעדט, איז ניט געווען קיין סוף צו דער שווערקייט פון זיינע רייד. ער האָט גערעדט:

— און איצט, אַז איר זייט דאָ, איז ניטאָ וואָס זיך צו באַהאַלטן. אַלץ אַזוי מיט אייך ווי עס באַדאַרף צו זיין. עס איז ניטאָ קיין ליגן אין אייער לעבן. איר האָט דעם ליגן איבערגעלאָזן הינטער זיך. דער אמת, דער ריינער אמת, איז אין אייער נשמה. איז ניטאָ פאַרוואָס צו שרעקן זיך. איר זייט געקומען צו זיך אַהיים, און אין דער אייגענער היים האָט איר מורא פאַר יענע מענטשן אייערע. ניין, דאָס איז ניט גוט. איר דאַרפט פון זיך אָפּטרייסלען אַפילו די מורא פאַר זיי. קיין זאַך פון זייער לעבן טאָר ניט פאַרבלייבן אין אייך. איר זייט אויף דער באַוערי. דאָ איז אַן אַנדער וועלט. און די מענטשן דאָ זיינען גערעכט, וואָס זיי האָבן אייך פיינט און האָבן נאָך צו אייך ניט קיין צוטרוי. איר זייט נאָך ניט קיין אונזעריקע. ווערט אַן אונזעריקע, און מיר אַלע וועלן אייך קענען ליב האָבן. פאַרק עוועניו איז נאָך אויף אייערע קליידער.

ריטאַ איז געווען גערירט און דערשראָקן פון באַרקס אומגעוויינלאַכע רייד. קיינער האָט נאָך מיט איר ניט גערעדט מיט אַזאַ טאָן. עס האָט זיך געוואָלט פּראָטעסטירן קעגן זיינע רייד, ווי קעגן שווערע שטראָף־רייד. עס האָט זיך אָבער אויך געוואָלט וויינען, אויסגיסן אַלע ווייטיקן פון האַרצן און בעטן פאַרגעבונג. אַזאַ כח איז געווען אין באַרקס רייד. האָט ריטאַ געזאָגט:

— אָך, באַרק, וואָס בין איך? איך בין דאָך בלויז אַ שוואַכער מענטש. וואָס קען איך טאָן? אַז איך אָב שוין באַשלאָסן צו קומען אַהער, האָב איך מורא געהאַט צו באַגעגענען דעם ערשטן מענטשן, וואָס איז מיר געקומען אַנטקעגן. איך ווייס ניט אַרויס מיין מורא, אָבער איך האָב מורא. איך שטאַרק זיך, און ווייס ניט, אויף ווי לאַנג און אויף ווי ווייט עס וועט מיר קלעקן די שטאַרקייט. און איך ווייס, איך האָב אַפילו ניט אין זיך די שטאַרקייט צוצוגיין צום ערשטן מענטשן אויף דער באַוערי און אויסציען צו אים מיין ווייסע האַנט, כדי צו דריקן זיין האַרטע שמוציקע האַנט. און אַז איך וועל עס טאָן, וועל איך טאַקע דערפילן אין אים מיין פאַרוואָגלטן

ברודער? וועט טאַקע מײַן האַרץ אַ ציטער טאָן מיט ליבשאַפט פון אַ שוועסטער? איך פרעג בײַ אײַך, באַרק?

באַרק האָט ווידער קאַלט, אָן דער וואַרעמקייט פון אַ פאַר־טרויטן, געזאָגט:

— די ליבשאַפט צום אײנציקן איז גאָרניט ווערט. אַט אַפילו אײַער ליבע צו דער אומגליקלאַכער מערין איז אויך גאָרניט ווערט. די ליבע דאַרף קומען צום אײנצלנעם פון דער גרויסער ליבע צו אַלע־מען. און אײַער ליבע איז פון אײנצלנעם צו אַלעמען. אַלע זײַט איר אַזוי, איר קענט ניט פאַרטראָגן די לײַדן פון אַן אײנציקער נשמה, און איר פאַרזעט די לײַדן פון אַ מענטשהייט. מערי, וואָס איז מערי? זי איז בלויז אַ שפּיגל צו דערזען זיך, דעם אײגענעם פּנים, און ניט מער. מען קען דורך איר קײן זאַך ניט זען, אַ חוץ דאָס ביסל לײַדן פון אַן אײנציקן מענטשן. איר וועט איר העלפן. זי וועט געזונט ווערן, אָדער אויפהערן צו זײַן אַ גאַסן־פרוי, און איר וועט דורך איר אַפילו דעם אײגענעם פּנים אויפהערן צו זען. איר וועט שוין מײנען, אַז איר האָט אײַער חלק אױף דער וועלט אָפּגעטאָן.

ריטאַ האָט דערפילט אַ ווייטיק פון באַרקס רייד. עס איז געוועזן אַזוי, ווי באַרק וואָלט צו איר ניט געהאַט קײן צוטרוי. אַזוי ווי ער וואָלט בײַז אויסגעלאַכט אירע בעסטע געפילן. דאָס איז שווערער געווען צו פאַרטראָגן, ווי די אָפענע אָנפאַלן פון די אַנדערע שכנים. זי האָט געזאָגט:

— איר גלויבט, אַז איך דאַרף לאָזן אָט אַזוי אַ מענטשן שטאַרבן, ווייל דאָס האַלט ניט אויס אַ געוויסע פילאָסאָפיע, וואָס איר טראָגט אין אײַער קאָפּ?

— ניין, ניט דאָס. איר ווילט די אַרבעט טאָן ווי אַ הייליקע, פאַרבאָרגענערהייט און ברענגענדיק קרבנות. און איך זאָג, אַז מען דאַרף העלפן פּשוט, ניט ברענגענדיק קײן קרבן. און אײַער אוועק־גײן טאָרט איר אויך ניט באַהאַלטן פון יענע. איר האָט געטאָן אַ זאַך, קומט מיט איר אַרויס אָפן. אָפן פאַר זיי און אָפן פאַר אונז. אָט וואָס.

— אָבער וואָס ווילט איר זאָל איך טאָן?

— באַהאַלט זיך ניט. רופט דעם דאָקטאָר. זאָגט אים, אַז איר וואווינט צווישן אייגענע, אױף דער באַוערי, אינדערהיים, און זאָל ער העלפן דער לײַדנדיקער, און טאָמער ניט — מאַכט אויך ניט אויס. פאַר מערין איז בעסער דער טויט. אַזוי אויך שוין לאַנג געלעבט אױף דער באַוערי. דאָ איז דאָס לעבן קורץ. און אַזאַ ווי זי האָט שוין לאַנג באַדאַרפט שטאַרבן.

ריטאַ האָט ניט געקענט פאַרטראָגן זײַנע לעצטע ווערטער:

— איר זייט אַ געפערלאַכער מענטש! ווי קענט איר אַזוי רעדן וועגן אַ מענטשן וואָס לײַדט אַזוי שטאַרק.

באַרק האָט בייז אַ קוק געטאָן אױף ריטאַן און ווידער מיט דער גאַנצער שווערקייט געזאָגט:

— אָ, איר דאַרפט ניט זײַן אַזוי דערשראָקן. בײַ אונז איז דער טויט אַ געוויינלאַכע זאַך. מיר זײַנען דערצו געוואוינט געוואָרן. בײַ אונז איז ער בלויז אַ באַפרייער. מיר ווילן דעם טויט. בײַ אונז איז ער ניט קיין פילאָסאָפיע. בײַ אונז איז ער אַ נויטווענדיקייט.

ער האָט דאָס געזאָגט, און האָט זיך אָוועקגעזעצט אין זײַן שטול אַ ווייטער, אַ שווערער און אַ פרעמדער. עס איז שווער געווען אויף אים צו קוקן. עס איז שווער געווען אַפילו צו שווייַגן. האָט ריטאַ מער קיין זאַך ניט געזאָגט און איז אַרויס פון צימער. זי האָט זיך באַדאַרפט אײַלן. אַ דאָקטאָר האָט געמוזט געבראַכט ווערן צו דער קראַנקער. און קיין טעלעפאָן איז אין האָטעל ניט געווען. מען האָט באַדאַרפט צוגיין אין דעם נאָענטסטן אַפּטייק געשעפט.

זי איז אַרויסגעגאַנגען און באַרק איז געבליבן זיצן אױף זײַן אָרט, מיט די גרויע אויגן געווענדעט אין אומבאַשטימטקייט, אַזוי ווי אַ בלינדער, וועמעס אויגן סטאַרטשען פאָרויס, אָבער דער בליק האָט ניט קיין פערספּעקטיוו און קיין אויסדרוק. ער איז אַזוי געזעסן עטלאַכע מינוטן און אַרויס פון צימער. ער איז געגאַנגען צו מערין. צום ערשטן מאָל צו איר געגאַנגען. ניט אָנגעקלאַפּט אַפילו אין טיר. געעפנט די טיר און איז גלײַך צוגעגאַנגען צו איר בעט.

מערי איז געלעגן מיט די אָפענע אויגן צום באַלקן. אירע באַקן האָבן זיך קרענקלאַך גערויטלט מיט גרויסע רויטע פלעקן. ניט פאַרוואונדערט זיך אַף די פרעמדע טריט אין צימער. ניט אָפּגע־קערט דעם בליק פון באַלקען.

באַרק האָט געזאָגט:

— זי איז אוועק רופן אַ דאָקטאָר.

מערי האָט ניט געענטפערט. האָט באַרק ווידער געזאָגט:

— זי איז אוועק רופן איר אייגענעם דאָקטער. פון די גרויסע. וויל מיר זאָלן זי ניט ארויסגעבן. באַהאַלט זיך.

מערי האָט פּלוצלונג אַ קער געטאָן צו אים דעם קאָפּ:

— אוי, באַרק, ווען דו זאָלסט וויסן וואָס זי האָט מיר דער־ציילט פון זיך. זי איז אַן אונזעריקע. געבאָרן געוואָרן אַף דער באוערי. זי איז געווען אַ בארימטע אַקטריסע. געזונגען אין דער אָפּערע און איצט איז זי געקומען אהער. זי האָט מיר אַלץ דער־ציילט. ווי פון אַ בוך האָט זי מיר אַלץ ארויסגעלייענט. זי האָט מיר אפילו איר אמת'ן נאָמען געזאָגט, איך האָב שוין אָבער פאַר־געסן. באַנאַכט איז זי צו מיר געקומען און געקושט מיינע הענט, ווי אַ שוועסטער. איך זאָג דיר, באַרק, זי איז אַ הייליקע.

— איך האָב פיינט די הייליקע. פריער זינדיקען זיי, און נאָכ־דעם ווילען זיי זיך מיט איין מאָל אויסקויפען. מיט אַ ביסעל חרטה און מיט אַ נישטיקן קרבן ווילן זיי זיך אויסקויפן. אָבער וועגן איר ביסטו גערעכט, זי איז אַן אונזעריקע. פון אונז אוועקגעגאַנגען — צו אונז געקומען.

מערי האָט געוואָלט עפּעס זאָגן אין ריטאַס פאַרטיידיקונג, אָבער אין דער רגע האָט זיך געעפנט די טיר און ריטאַ איז אַריינ־געגאַנגען אין צימער. אין איין האַנט האָט זי געהאַלטן עטלאַכע שפּייז־פּעקלאַך און אין דער צווייטער — אַ גרויסן בוקעט בלומען. פאַרשיידענע בלומען: — ווייסע ליליעס, רויטע און ווייסע רויזן, מאַרגאַריטקעס און „אַניוטאַס אויגעלאַך", אַרכידעען און כריזאַנ־טעמען. עס איז געווען אַזאַ פאַרשיידנאַרטיקער צונויפקלייב פון בלומען און אַזאַ אומדערוואַרטעטע איבערראַשונג אין דעם אָרע־

מען צימער, אַז עס האָט געדויערט עטלאַכע מינוטן איינצושטעלן דעם איינדרוק און די שטימונג.

ריטא האָט אוועקגעלייגט די פּעקלאַך אויף אַ שטול און צוגע־טראָגן די בלומען צו דער קראַנקער.

— דאָס איז פאַר אייך, מערי.

אוועקגעלייגט די בלומען לעבן דער קראַנקער, ווי מ׳לייגט אוועק אַ קליין קינד לעבן דער ברוסט פון דער מאַמען. און אַליין איז זי אַרויסגעלאָפן אויף אַ ווײַלע צו זיך און באַלד צוריקגעקערט זיך מיט אַ שיין־געשניצטער וואַזע פאַר די בלומען, אָנגעפילט זי מיט וואַסער און אוועקגעשטעלט זי אויפן טיש. צוגעגאַנגען צו מערין:

— איר זעט, מערי, דאָס זיינען ליליעס. און דאָס זיינען רויזן. איר האָט ליב ווייסע רויזן? איך האָב זיי אַזוי ליב. און אָט זיינען אָרכידייען. זעט ווי שיין זיי זיינען. יעדעס בלעטעלע איז דורכ־געוועבט מיט בלוטיקע אָדערלאַך, ווי בײַ לעבעדיקע באַשעפענישען. און אָט דאָס זיינען „אַניוטאַס אייגעלאַך“.

ביידע פרויען זיינען צוגעפאַלען צו די בלומען, געגלעט זיי און געצערטלט, ווי מ׳צערטלט קליינע צאַרטע קינדערלאַך, און געקושט זיי מיט פאַרטרערטע אויגן. נאָר בארק איז געשטאַנען אָן אַ זייט און געוואונדערט זיך אויף די צוויי, וואָס האָבן זיך אין מאָד־נער עקסטאַטישקייט געפּאָרעט אַרום די בלומען. אין אַ ווײַלע אַרום איז ריטא אָפּגעטראָטן צום טיש מיט די בלומען. אַרײַנגע־שטעלט זיי אין וואַזאָן און פאַרזאָרגט געזאָגט:

— דער דאָקטאָר וועט באַלד קומען. מ׳דאַרף זיך אַביסל צו־גרייטן. אָט דאָ האָב איך געבראַכט עפּעס צום עסן און אויך געוויסע מעדיצינען, וועלכע דער דאָקטאָר האָט געהייסן צוגרייטן.

נאָכדעם האָט זי זיך אַ קער געטאָן צו בארקן און מיט אַן אַנדערע שטימע געזאָגט:

— און אייך, מיסטער בארק, קאָן איך זאָגן, אַז איך האָב באַ־שלאָסן אויסצופאָלגן אייער עצה. איך וועל זיך ניט אויסבאַהאַלטן. נאָך מער: איך וועל דאָ פאַרבלייבן אין צימער און זיין מערים באַרמהאַרציקע שוועסטער, אויב מען וועט דאָס דאַרפן.

באַרק האָט ניט געענטפערט. ער איז געווען פאַרוואונדערט. ניט געקענט באַנעמען די שנעלע האַנדלונגען פון דער מאָדנער פרוי, וואָס האָט אין דער קליינער וועלט פון האָטעל „פּאַלמיראַ“ אַריינגעבראַכט אַזוי פיל עקסצענטרישקייט פון דער גרויסער וועלט, פון וואַנען זי איז געקומען. ער האָט נאָך אַמאָל אַ קוק געטאָן אויף ריטאַן און ווידער דערזען אין איר אַ געשטאַלט און אַ פּנים, וואָס איז אים באַקאַנט נאָך פון פריער. ער האָט זיך אָבער נאָך אַמאָל ניט געקענט דערמאָנען וואו ער האָט דעם פּנים געזען.

ער איז נאָך פאַרבליבן אַ ווײַלע אין צימער און איז אַרויס מיט דעם מאָדנעם געפיל פון אַ מענטש, וואָס האָט דערפילט אַ באַקאַנטן אָמבליק און האָט זיך בשום אופן ניט געקענט דערמאָנען ווער עס איז דער טרעגער פון דעם אָנבליק.

.14

יענער טאָג איז געווען פול מיט פּאַסירונג אין האָטעל. יענעם טאָג האָט מען מערין, לויט דער שטרענגער פאַראָרדענונג פון דעם באַרימטן דאָקטאָר, אָפּגעשיקט אין דעם שטאָטישן שפּיטאָל פאַר ווענערישע קראַנקע. פון שפּיטאָל איז אָנגעקומען אַן אַמבולאַנסוואָגן און מיט אויסערלאַכער פייערלאַכקייט און מיט גלאָקן-קלאַנג צוגעפאָרן צום האָטעל. פון דער גאַס זיינען זיך צונויפגעלאָפן מענטשן, אַרומגעשטעלט זיך און געדולדיק געוואַרט ביז מ'וועט אַרונטערברענגען די קראַנקע.

די דאָקטוירים, אָנגעטאָנענע אין ווייסע רעקלאַך, האָבן געוואָלט מערין אַרונטערטראָגן אויף אַ טראָג-בעטל, אָבער מערי איז באַשטאַנען אויף דעם, אַז זי וועט אַליין אַרונטערגיין. האָבן זיי זי געפירט אונטערן אָרעם אַראָפּ די טרעפּ און אַריינגעזעצט אין אַמבולאַנס. זי איז געגאַנגען מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן. זי האָט אויף קיינעם ניט געקוקט און קיינעם ניט געזען. איר פּנים איז געווען בלייך און געטראָגן אויף זיך אַ מאַסקע פון פאַרגליווערטן שרעק. די איינוואוינער פון האָטעל זיינען אויך אַרויס באַגלייטן מערין, אָבער אויך אויף זיי האָט זי ניט אַ קוק געטאָן, פּונקט ווי קיינער וואָלט דאָ גאָר ניט געווען.

ריטאַ איז צווישן די באַגלייטער ניט געווען. ווי נאָר די דאָק־טוירים האָבן איבערגענומען די קראַנקע, האָט זי זיך פאַרקליבן אין איר צימער און ביטער געוויינט.

אין אַ פּאָר שעה אַרום איז צום האָטעל צוגעפאָרן אַ גרויסער אווטאָמאָביל מיט אַ שאָפער. פון אווטאָמאָביל איז אַרויס אַן על־טערער מאַן אין אַ צילינדער און אַ שטאָק אין האַנט. ער איז אַריין אין האָטעל און העפלאַך נאָכגעפרעגט זיך אַף ריטאַן.

מייקל האָט זיך פאַרלאָרן. ער האָט נאָך קיינמאָל אין זיין לעבן ניט גערעדט צו אַזאַ דזשענטלמאַן. ער האָט געפינטלט מיט די אויפגעלאָמטע אויגן און ניט פאַרשטאַנען וואָס יענער פאַר־לאַנגט פון אים. ענדלאַך האָט ער פאַרשטאַנען און האָט גענומען פירן דעם גאַסט איבער די טרעפּ צו ריטאַס צימער. ער איז יעדע רגע פאַרלאָפן דעם וועג און הכנאה׳דיק גערעדט:

— ריטאַ — זי איז בײַ אונז ווי אַ פּרינצעסן, אַלע האָבן ליב ריטאַן. זי איז גאָר ניט אַזאַ ווי אונזערע פרויען. אָ, זי איז אַן אַנדערע, און אַך, וועט זי זיך דערפרייען, און זאָל דער דזשענטל־מאַן זיין פאַרזיכטיק. די טרעפּ זיינען אַלטע. דער באַלעבאָס איז אַן אַלטער און די טרעפּ זיינען אַלטע. כי־כי־כי.

דער אַלטער דזשענטלמאַן איז פאַרשוואונדן הינטער ריטאַס טיר און מייק איז אַרויסגעלאָפן אַפן גאַניק צו באַקוקן דעם רייכן אווטאָמאָביל. אין האָטעל האָט זיך געטומלט. די פרויען זיינען אַרומגעלאָפן פון צימער אין צימער, נאָכגעפרעגט זיך, געוואָלט טרעפן ווער דער גאַסט איז און נאָך וואָס ער איז געקומען. מען האָט שטאַרק מקנה געווען ריטאַן. מיט איר האָט עפּעס פּאַסירט, אין איר לעבן איז פאָרגעקומען עפּעס וויכטיקס. אין די הערצער האָט שוין געברענט אַ נייע אייפערזוכט אַף ריטאַן. עס האָט פאַר־דראָסן וואָס אין איר לעבן פּאַסירט עפּעס און זייער לעבן האָט זיך קיינמאָל ניט געביטן. זייערע חלומות האָבן ניט געוואָלט פאַרווירקלאַכט ווערן. זייער ליגן האָט ניט געוואָלט ווערן אמת. און זייער אמת איז געווען קראַנק און ניט געוואָלט לעבן. טאָג נאָך טאָג האָט אין הארצן גענאָגט אַ בענקשאַפט נאָך דעם אומ־

דערגרייכבאַרן, נאָכן אוממעגלאַכן, און טאָג נאָך טאָג איז דאָס לעבן אָפּגענאַרט געוואָרן, באַליידיקט געוואָרן.

עס האָט געברענט אין האַרצן אַ נייגעריקייט צו וויסן ווער דער אַלטער איז. איז ער ריטאַס געליבטער? אפשר האַלט ער זי אויס? אפשר טוט זיך ריטאַ אָן אין טייערע קליידער אויף זיין חשבון?

מער פון אַלעמען האָט זיך געקאָכט די כאַריסטקע, ראָוז. זי האָט ניט געקענט רוען. זי האָט זיך שנעל אָנגעטאָן און איז מיט שנעלע טריט אַראָפּגעלאָפן אינדרויסן, וואו עס איז געשטאַנען דער אוטאָמאָביל מיטן שאָפער. דער שאָפער איז געזעסן רואיק אויף זיין פּלאַץ און אַפּאַטיש געוואַרט אויף זיין באַלעבאָס. ראָוז האָט זיך עטלאַכע מאָל אַ דריי געטאָן קאָקעטיש פאַר אים, אַ גלי געטאָן מיט די אויגן און געזאָגט:

— דרעמלסט, בחור? נעמסט זיך לייכט דאָס לעבן.

דער שאָפער האָט ברייט אַ שמייכל געטאָן און געענטפערט:

— און אַליין וואָס? זי אַרבעט זיך איבער? פאַרוואָס איז זי ניט בא דער אַרבעט? גייט אַרום פּוסט און פּאַס און שמייכלט ווי אַ ליאַלקע.

ראָוז האָט זיך פאַנאַנדערגעלאַכט:

— זי דאַרף ניט אַרבעטן, זי איז אַ מיליאָנערס אַ טאָכטער.

אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט. מען האָט זיך פאַנאַנדערגערעדט און צעשמועסט, און ווען דער אַלטער איז אַראָפּגעקומען און זיך שווער אַריינגערוקט אין לימוזין האָט שוין ראָוז אַלץ געוואוסט: — ווער דער אַלטער איז און ווער ריטאַ איז און נאָך וואָס דער אַלטער קומט אַהער און דערצו נאָך עטלאַכע זייטיקע געשיכטעס, וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות מיט ריטאַן.

און דערוואוסט האָט זיך ראָוז אַז דער אַלטער איז דער אייגנ־טימער פון דער „בראָד ענד קאָמפּאַני“ דעפּאַרטמענט סטאָר, אַ מעצענאַט פון דער אָפּערע און אַ ליבהאָבער פון פרויען. אַז ריטאַ איז אַן אָפּערע זינגערין, דעם אַלטנס אַ געליבטע, און אַז זי איז איצט פון אים אַנטלאָפן. דער אַלטער האָט זי אַרומגעזוכט איבער גאַנץ אַמעריקע און ערשט היינט, דורך אַ פריינד, זיך דערוואוסט

וואו זי איז. איז ער געקומען צו איר אַוועקנעמען זי צוריק אין איר פראַכטפולן אַפּאַרטמענט, אויף דעם ריווערסייד דרייוו.

קורץ און גוט. דער סוד האָט זיך אַנטפּלעקט אין זיין גאַנצער פּראַכט.

די מעשה איז דערציילט געוואָרן אונטן אין דער לאָבי, וואוהין אַלע זיינען אַרונטערגעלאָפן, כמעט נאָך די טריט פון דעם אַלטן דזשענטלמאַן. עס איז געווען אַ סענסאַציאָנעלע אַנטפּלעקונג. מען האָט זיך אַ לאַנגע צייט ניט געקאָנט בארואיקן. מען האָט ניט געקאָנט אויפהערן צו רעדן. מ'האָט אינגאַנצן פאַרגעסן וועגן מערין. קיינער האָט ניט דערמאַנט איר נאָמען. די געשיכטע מיט ריטאַן האָט פאַרנומען אַלע מחות, און איז אין אַ קורצער צייט אַרום אַרויס פון די גרעניצן פון האָטעל. די גאַנצע גאַס האָט פון דעם געערדט.

און נאָך איידער בארק האָט צייט געהאַט צו פאַרלאָזן דעם האָטעל, גייענדיק צו דער אַרבעט, האָט שוין אים אימיצער אָפּגע־שטעלט אויף די טרעפּ פון האָטעל און מיט אַלע איינצעלהייטען מיטגעטיילט וועגן דעם באַזוך פון מיליאָנער, דעם אייגנטימער פון דער דעפּאַרטמענט סטאָר „בראָד ענד קאָמפּאַני" און וועגן דער שפּאַנענדיקער געשיכטע אַרום ריטאַן.

בארקן האָט קיינמאָל קיין זאַך ניט איבערראַשט. אָבער דאָס מאָל איז ער געווען טיף איבערראַשט: — דער אַלטער בראָד, זיין באַלעבאָס, איז געווען דער שליסל צו דער גאַנצער געהיימניס אַרום ריטאַן! דאָס איז געווען אַ מאָדנער צוזאַמענפאַל. באַרקס אויגן האָבן זיך באַהאַלטן אין די אָרביטן. ער איז געבליבן שטיין אין פאַרגעסונג. ניט געזען פאַר זיך די וועלט. ניט געזען דעם מענטשן וואָס איז דאָ געשטאַנען לעבן אים און נאָר קלאָר און דייטלאַך געזען דעם אַלטן בראָד, וועלכן ער האָט אין לעבן געזען געציילטע מאָל און וועלכער איז אים אַלע מאָל געווען פרעמד, אַ מענטש פון אַן אַנדער וועלט. אפילו דאָס, וואָס יענער איז געווען זיין באַלעבאָס האָט אין בארקן קיין באַציאונג ניט דערוועקט. ער האָט אין באַרקס לעבן קיין אָרט ניט פאַרנומען. און דאָ איז ער פּלוצלונג אויסגע־וואַקסן פאַר באַרקס אויגן — סעמיועל בראָד!

באַרק האָט זיך ניט אומגעקוקט אויפֿן מענטשן לעבן זיך און איז אַרויס אויף דער גאַס. אינדרויסן איז געווען קאַלט. עס האָט זיך געקליבן אויף רעגן. אַ שטאַרקער ווינט האָט מיט פּאַנאַנדערגעשפּרייטע פּאָלעס אַרומגעשפּאַצירט איבער די גאַסן פֿון דער שטאָט. די באַוערי איז געווען אָנגעפּילט מיט טומל פֿון וועגענער און דריקנדיקער קעלט. מענטשן זיינען געווען איילנדיקע און פֿאַרזאָרגטע. מענטשן זיינען געווען אומרואיק.

באַרק האָט זיך געאיילט צו זיין רעסטאָראַנט, צו זיין אָוונטברויט. און ווי נאָר ער האָט געוואָלט עפֿענען די טיר האָט ער דערפֿילט אימיצנס האַנט ביי זיין אָרעם. עס איז געווען אַ פֿאַרבייגייענדיקער, ניט קיין זיכערער ריר פֿון אַ ציטערדיקער האַנט. און ווי נאָר באַרק האָט זיך אַ קער געטאָן האָבן קעגן אים גלייך אויפֿגעציטערט אויפֿגעפּלאָמטע, שיכורע אויגן:

— מיסטער, גיט עפּעס... צוויי טעג ניט געגעסן....

באַרק האָט אָפּגעמאָסטן דעם פֿאַרשוין פֿון קאָפּ ביז די פֿיס און האָט אים גלייך דערקענט. דאָס איז געווען דערזעלביקער טרעמפּ, וועמען ער האָט מיט עטלאַכע טעג צוריק געבראַכט פֿון סקווער צו זיך אין האָטעל און האָט מיט אים געטרונקען. דאָס איז געווען דער „קעניג".

דער „קעניג" איז איצט געשטאַנען אַ ציטערנדיקער פֿון קעלט אין זיינע יצעריסענע זומערדיקע קליידער, טיף געהאַלטן די הענט אין די קעשענעס און שטאַרק געוואַקלט זיך אויף זיינע פֿיס. ער איז געווען זייער שיכור און דערשלאָגן, נאָך אַמאָל אַרויסגעשטאַמלט:

— אויף אַ קאַוועלע... האַ?... ליבער הער!...

באַרק האָט געזאָגט:

— דאָס ביסטו? דער קעניג אין שמאַטעס...

דעם טרעמפּס אויגען האָבען זיך נאָך מער פֿאַרוואָלקנט. ער האָט זיך מיט אָנשטרענגונג איינגעקוקט אין באַרקן. געווען דערפֿרייט און דערשראָקן פֿון באַרקס ווענדונג. און עס איז שווער געווען צו וויסן צו ער דערקענט אים, צי ניט. ער האָט בלויז איילנדיק און, ווי צו אַ נאָענטן מענטשן, געזאָגט:

— אַך, ליבער מענטש, דאָס לעבן איז שווער... זייער שווער...

קאַלט, און ניטאָ וואו דעם קאָפּ אוועקצולייגן. איך פרעג — וואו וועל איך מיין קאָפּ אוועקלייגן, הא? אָט וואָס איך פרעג. פאַר־שטייט איר דאָס?... און צוליב וואָס לעב איך? הא? און פאַר־וואָס קומט ניט אָן מיר קיין פּגירה? צום טייוול!

באַרק האָט קאַלט געזאָגט:

— ביסט מיר עפּעס היינט זייער פאַרצווייפלט. אָט ביסטו געוועזן אַ קעניג און אָט בעטסטו אויף זיך די פּגירה. אָט וועט באַלד אָנקומען דער פרילינג, און דו וועסט אוועקגיין הערן דאָס געזאַנג פון די פייגל.

דער בעטלער האָט זיך דערשראָקן פאַר באַרקס רייד. ער האָט ערשט איצט דערקענט מיט וועמען ער רעדט. האָט ער געזאָגט:

— אַנטשולדיגט, אַנטשולדיגט. איך בין שיכור, זייער שיכור... אַנטשולדיקט...

ער האָט אָנגעכאַפּט באַרקס האַנט. געוואָלט עפּעס טאָן, אַ קוש טאָן, אָדער אַזוי דריקן זי. געזוכט אַן אויסדרוק.

באַרק האָט אים שטאַרק אָנגענומען פאַרן אָרעם און אַריינ־געפירט מיט זיך אין רעסטאָראַן, אוועקגעזעצט לעבן דעם טישל, אין וויטן ווינקל, און באַשטעלט עסן, פאַר זיך און פאַרן טרעמפּ. געזאָגט:

— דו מיינסט איך האָב דיך פון גוטסקייט אַריינגענומען אַהער. און איך זאָג דיר: — פון בייזקייט און פון שנאה צו דיר. אַזאַ ווי דו דאַרף מען, אוים רחמנות, דערשיסן. ווייסטו דאָס? און איך, אוים פּשוטער פיינטשאַפט, וועל דיך אָנקאָרמענען און אָנ־טרינקען. פאַרשטייסטו דאָס?

דער טרעמפּ האָט טעמפּ געפינטלט מיט די אויגן. ניט פאַר־שטאַנען באַרקס רייד. געפּרואווט זאָגן:

— איך דאַנק... איך דאַנק זייער, ליבער הער...

אָבער באַרק האָט אים אונטערבראָכן:

— און צו וואָס לעבסטו, אַזאַ? פאַרוואָס שטאַרבסטו ניט? ווייניק רעדער זיינען דאָ, וואָס וואָלטן דיך געקאָנט צעקוועטשן ווי אַ וואַנץ? דאָס לעבן גיט דיר אַביסל זונשיין און אַביסעלע געזאַנג פון אַ פייגל, און דו דיינקסט שוין אַז די וועלט איז אַ גן־עדן.

ווייסט ניט, אַז די וועלט האָט דיך אָפּגענאַרט. געגעבן דיר די קרוין און קיין קעניגרייך ניט געגעבן. ווייסטו דאָס?

דער טרעמפּ האָט נאָך מער ניט פאַרשטאַנען. בלויז אונטער־טעניק געפינטלט מיט די אויגן, אַ פאַרלאָרענער, און געוואַרט. און באַרק האָט אַ ווײַלע אָפּגעוואַרט און געזאָגט:

— טאָ פאַרוואָס שטאַרבסטו ניט? ס'זיינען דאָ אַזוי פיל טויטן. אומעטום איז דאָ דער טויט, און דו שטאַרבסט ניט. שלעפּסט זיך אַרום אויף דער וועלט. שטאַרב, אָט וואָס!

ערשט איצט האָט דער טרעמפּ פאַרשטאַנען:

— יע, יע, איר זייט גערעכט, זייער גערעכט, כ'האָב טאַקע פיל מאָל געוואָלט. אַלע מאָל געוואָלט... כ'קאָן ניט... ניטאָ קיין כחות!

זיינע אויגן האָבן זיך אָנגעפילט מיט טרערן, געוואָלט נאָך עפּעס זאָגן, און ניט געקאָנט. פּלוצלונג פאַרלאָרן דעם שיכורן אויס־דרוק פון פּנים. אויסגעזען אומגליקלאַך און דערשלאָגן, אָבער ניט שכור. צוגעגעבן:

— וועל איך שוין מוזן שטאַרבן אַזוי... אין מיטן גאַס, ווי אַ הונט. אַ פּאָליציימאַן וועט געפינען און אוועקשיקן אין מאָרג... כ'וויים דעם סוף. אָבער אַליין... ניין, דאָס קאָן איך ניט...

ביידע האָבן געגעסן שווייגנדיק. עס זיינען אַזוי אַריבער עטלאַכע שווערע מינוטן. נאָכדעם האָט באַרק אומבארחמנותדיק אַ קוק געטאָן דעם טרעמפּ אין די אויגן און געזאָגט:

— אפנים, אַז צו זיין אַ קעניג אויף דער וועלט איז אויך ניט גרינג, האַ? אַ פּאָליסמאַן, זאָגסטו, וועט דיך אָפּפירן אין מאָרג, און דו ביסט שוין פאַרזאָרגט איבער דיין ביטערן שיקזאַל. כע. דאָס איז נאָך גאָרניט! אַז ער וועט דיך געפינען אַ טויטן, אָדער האַלב טויטן, דאָס איז אַלץ איינס, וועט ער דיך אָט אַזוי, מיטן פוס, אַ שטויס טאָן אין זייט אַריין, ווי אַ גע'פּגר'טן הונט, און וועט אפילו ניט אָנרירן דיך מיט אַ האַנט, פון עקל. ער וועט נאָך אָפּ־שפּייען, ווי פון אַ פּאַסקודסטווע. פאַרשטייסטו דאָס, קעניג?

דער טרעמפּ האָט זיך אומרואיק גענומען באַוועגן אויפן אָרט. געזאָגט:

— ניטאָ קיין רחמנות און ליבע אין זייער האַרצן. הינט האַלטן זיי אין זאַטקייט אין די הייזער, און אונז לאָזט מען אויסגיין אין בייזער קעלט...

באַרק האָט זיך פאַנאַנדערגעלאַכט בייז און דריבנע:

— ע־כע־כע! רחמנות און ליבע. האָסט זייער גוט געזאָגט, קעניג: רחמנות און ליבע... ע־כע־כע!

דער טרעמפ האָט, פאַרלאָרן, געפינטלט מיט די שיכורע אויגן. אין פאַרלעגנהייט ניט געוואוסט ווי צו פאַרשטיין באַרקס געלעכטער און נאָר אומבאַהאָלפן געקוקט קעגן זיך טעמפ און דערשראָקן. עס האָט זיך אים געוואָלט וויינען, אָבער ער האָט מורא געהאַט פאַר באַרקן. און באַר האָט געזאָגט:

— אַז זיי זעען, ווי אַ הונט, אָדער אַ פערד מאַטערט זיך אין יסורים ווערט זייער האַרץ פול מיט רחמנות און ליבע. יע. מיט אמת׳ער רחמנות און ליבע. זיי קאָנען אַזש דעם הונטס יסורים ניט פאַרטראָגן. זיי נעמען אַ ביקס און דערשיסן דעם אומגליקלאַכן הונט, אָדער פערד, כדי צו מאַכן אַ סוף צו זייערע לײדן אױף דער וועלט. אָבער דיך וועלן זיי לאָזן מאַטערן זיך ביז אין דיין אייגע־נעם טויט אריין. ביז דו גייסט ניט אויס פאַר זייערע אויגן, וועלן זיי דיך לאָזן קאַלטבלוטיק מיט דיינע יסורים. אָט גיי נאָר צו צום ערשטן פּאָליסמאַן און זאָג: — גוטער מענטש, איך קאָן שוין מער ניט אַריבערטראָגן די מאַטערנישן. שיס מיר אַריין אַ קויל אין קאָפּ. האָב רחמנות, מאַך אַ סוף. מיינסט, ער וועט אױף דיר רחמנות האָבן? ער וועט נאָך אױף דיר אין כעס ווערן, וועט דיך גוט אויס־זידלען און נאָך אפשר געבן אין מאָרדע אַריין. און דו וועסט בלייבן לעבן. און וועסט זיך מוטשען.

דער טרעמפ האָט געפילט ווי דער פרעמדער מענטש האַלט אומברחמנותדיק זיין לעבן אין די הענט און טוט עפּעס שרעקלאַכס מיט דעם. האָט ער זיך אַ ווײַלע שטום באַוועגט אױף זיין אָרט און נאָכדעם אַ פאַל געטאָן מיטן פנים צום טיש און זיינע דאַרע פלייצעס האָבן זיך גענומען טרייסלען פון געוויין.

באַרק האָט געשוויגן, אַזוי געשוויגן, ווי ער וואָלט גאָר קיינעם פאַר זיך ניט געזען. געווען פאַרטיפט בלויז אין זיך אַליין, אין

זיין אייגענעם שווייגן, ניט אַ ריר געטאָן זיך אפילו צוליב דעם וויינען פונ'ם מענטשן לעבן זיך. געזעסן אַ ווײַלע און אויפגע־הויבן זיך.

— נו, קעניג, איך גיי צו דער אַרבעט, און דו גיי וואוהין דו ווילסט. כ'האָף, אַז איך וועל דיך קיינמאָל ניט באַגעגענען. און וויינען איז ניטאָ וואָס, אַז ס'איז נאָך דאָ אַן אויסוועג.

דער טרעמפּ האָט אויפגעהויבן דעם פאַרטרערטן פּנים צו באַרקן.

— אַז כ'האָב קיין כח ניט צו שטאַרבן. איך קאָן ניט!

באַרק האָט ניט געענטפערט. אַוועקגעגאַנגען צו דער טיר. ניט אומקוקנדיק זיך.

דער טרעמפּ האָט זיך אויך אויפגעהויבן און, וואַקלענדיק, אַוועק צום אַרויסגאַנג, צום קאַלטן דרויסן, צום אומבאַוואוסטן.

15

באַרק איז אַריין אין דער אָפּטיילונג פון די פיגורן. אַלץ איז דאָ געווען ווי אַלע מאָל. עס איז געווען שטיל און געמיטלאַך. קיין ספּעציעלע אָרדערס זיינען ניט געווען פאַר אים. איז אויסגעקומען צו וואַרטן ביז קלאַרד וועט קומען און פאַרזאָרגן מיט אַרבעט פאַר דער נאַכט. האָט ער זיך גענומען לאַנגזאַם פאַר דער געוויינלאַכער רוטינע אַרבעט: אַרומגעווישט דעם שטויב פון זיין וואַרשטאַט, אויפגערוימט דאָ און דאָרט און זיך געזעצט וואַרטן אויף קלאַרדן.

קלאַרד איז אַ לאַנגע צייט ניט געקומען, און באַרק האָט שוין געמיינט, אַז ער וועט די נאַכט אינגאַנצן ניט קומען. ער איז גע־זעסן אַליין אין דער טונקלקייט פון שפּייכלער. אַליין מיט דער שטילער נאַכט אין טונקלקייט פון שווייגן, אין דעם שווייגנדיקן קעניגרייך פון אָפּבילדער פון מענטשן. די נאַקעטע פרויען־גע־שטאַלטן אַרום זיינען ענלאַך געווען צו אַ מחנה געטנס, אויסגע־שטעלט אין רייען.

ענדלאַך איז קלאַרד אַריינגעקומען, אָנגעמאַכט אַ טומל און האָט נאַכלעסיק געזאָגט:

— ניטאָ וואָס צו טאָן, באַרק. קענסט גיין אַהיים, אויב דו ווילסט.

## ל. כאַנוקאָוו

באַרק האָט אַ טראַכט געטאָן:

— ניין, מיסטער קלאָד, איך וועל שוין פאַרבלייבן ביז אײַנ־דערפרי. ס'וועט זיך שוין געפינען אַביסל אַרבעט.

קלאָד האָט אַ זאָג געטאָן:

—כ'ווייס, וועסט זיך פון אָרט ניט רירן. וועסט דאָ אַמאָל צעפוילט ווערן. בלייב זיך געזונטערהייט, מיך אָרט ניט.

זיך אויסגעדרייט און אַוועק.

און באַרק איז ווידער געבליבן אַליין.

שאָטנס זייִנען געלעגן אויף די ווענט און אויפן באַלקן. האָבן זיך געוויגט. האָבן זיך געשאָקלט און גערירט אין די ווינקלען, געפאַלן אויף די פּנים'ער פון די פיגורן און באַלעבט די טויטע גע־זיכטער מיט אויסדרוק און באַוועגונג.

און ווי נאָר באַרק האָט באַמערקט די אויפגעלעבטע פּנימער האָט ער דערפילט אַ פרייד אין האַרצן.

אַרום די ווענט פון דער געביידע איז געשטאַנען דער פאַר־גאַנגענער טאָג. אַ טאָג פול מיט פּאַסירונגען, אַ טאָג פון שטומען צער. אַ טאָג פון טרויער און פאַרלאָרנקייט, אַזוי ווי מען וואָלט געשטאַנען אין די ווינקלען און מיט אַ גאַנצן כאָר שטימען אויס־געזונגען אַן אַלט טרויעריק ליד. דאָס האָט זיך געלייגט אויפן האַרצן. טרויעריק געמאַכט דאָס לעבן.

פּלוצלונג איז זיין בליק געפאַלן אויף אַ פאַרטרוילאַכן פּנים אין די רייען פון די פיגורן. אַ פּנים צווישן די פּנימער, די פיגור זעקס־און־צוואַנציק. אַן אַריסטאָקראַטישע פיגור. אויף איר פּלעגט מען אָנטאָן די טייערסטע קליידער, פאַר די רייכסטע קויפער. זי איז געווען אַ הויכע, אַ שלאַנקע, געהאַט שטאָלץ אין אויסדרוק פון פּנים און אין אָפענעם בליק. באַרק האָט זי ניט ליב געהאַט, האָט ער זי אַלעמאָל פאַרזען צווישן די פיגורן. און איצט האָט זי געקוקט אויף אים אָפן און אַרויסרופנדיק. זי איז געשטאַנען צווישן אַלעמען, און באַרק האָט קיין אַנדערע ניט געזען. נאָר זי אַליין. אַלע האָבן זיך אָפּגערוקט אין אַ זייט, זייִנען אָפּגעטראָטן אַהינטער און נאָר זי אַליין האָט זיך אויסגעטיילט און געבליבן שטיין אויף איר אָרט,

ווי אַ לעבעדיקע. און עס איז אויך געווען אַזוי, ווי דאָס גאַנצע ליכט פון צימער וואָלט זיך בלויז אויף איר אַליין קאָנצענטרירט און אַרום וואָלטן געבליבן טונקלקייט און שאָטנס.

באַרק האָט אַ קוק געטאָן אויף איר פּנים, און זי דערקענט. דאָס איז געווען ריטאַ. ריטאַס אויגן און ריטאַס פּנים. ריטאַס אויפגע־הייבענע קינבאַק און ריטאַס שטאָלצקייט אין די פּלייצעס. האָט ער זיך שוין ניט געוואונדערט פאַרוואָס ער האָט שטענדיק געזען אין איר אַ באַקאַנטן אָנבליק. די פיגור זעקס־און־צוואַנציק איז געווען אַן אָפּבילד פון ריטאַן.

צוגעגאַנגען נעענטער. און ס'איז געווען אַזוי ווי ניט ער, נאָר זי וואָלט זיך צו אים דערנענטערט. געשטאַנען, אַן אויסגעטיילטע, פאַר אים. ער האָט צו איר אַ זאָג געטאָן:

— עהע! דו? געוואוסט, אַז ביסט ערגעץ דאָ. כ'האָב טאַקע אַלע מאָל געוואוסט, אַז כ'וועל דיך דאָ געפינען. אַזוי, אַזוי...

די פיגור זעקס־און־צוואַנציק האָט עטוואָס אַ ריר געטאָן מיט די לאַנגע ברעמען, אַביסל אַ הויב געטאָן מיט דער קינבאַק און קאַלט אַ שמייכל געטאָן. אָבער בלויז מיט די ווינקלען פון די ליפּן.

— און וואו האָט ער דיך געקענט זען? מסתּמא אין דער אָפּערע האָט ער דיך געטראָפן, דער מייסטער. אָדער אויף אַ בילד. זיי דערזען שוין אַזאַ ווי דו. לאָזן ניט דורך אַזאַ פּנים. כע! אַפּנים ניט געוואוסט, אַז ביסט פון דער באַוערי. געמיינט, אַז אַ פּולבלוטיקע אַריסטאָקראַטקע. און דו ביסט גאָר פון דער באַוערי, פלייש און בלוט פון דער באַוערי. אָפּגענאַרט אַ וועלט. און דעם אַלטן בראָדן אויך אָפּגענאַרט. כי־כי־כי!

באַרק האָט זיך מאָדנע פאַנאַנדערגעלאַכט. מיט אַ ביטערער הנאה און מיט טרערן אין די אויגן. געלאַכט, געלאַכט. און די פיגור האָט געקוקט אים אין די אויגן אַריין, ווי פריער. בלויז דער שמייכל איז פאַרשוואונדען פון די ווינקלען פון אירע ליפּן, און די קינבאַק האָט זיך אַ הויב געטאָן אַביסל העכער. האָט שוין באַרק אַ זאָג געטאָן:

— און אַז דו וואָלסט דיין שטימע ניט פאַרלאָרן, וואָלסטו אויך געקומען צו דער באַוערי? און אַז דו וואָלסט געהאַט אַ אינגערן

געליבטן פון דער גרויסער אריסטאָקראַטיע, וואָלסטו אויך געקומען?

אָפּגעוואָרט אַ רגע און געענטפערט:

— וואָלסט ניט געקומען. אוים געפּאַלנקייט ביסטו געקומען. אַט ווי דו ביסט געקומען! געקומען אַ געפּאַלענע און ווילסט זיין אַ הייליקע.

ווידער אָפּגעוואָרט און מיט אַן אַנדער טאָן געזאָגט:

— און דער אַלטער איז טאַקע באַלד נאָך דיר געקומען. דער אַלטער בראָד. כע־כע־כע. זיינע הענט און פיס טרייסלען זיך פון אַלטקייט. זיינע קני ציטערן, ווי ביי אַן אַלטן באוערי שיכור. און ער איז דיך געקומען ארויסראַטעווען פון דעם באוערי זומפּ. מיינסט, וועסט ביישטיין? — וועסט ניט ביישטיין! וועסט צוריק אוועק־גיין. אַ וועט מען דאָס אַ רעד טאָן וועגן דיר אין די צייטונגען! ס'וועט זיך טאָן מיט דיר! דיין נאָמען וועט זיין אויף אַלעמענס ליפּן, גאָר ווי אין די אַמאָליקע צייטן. די וועלט וועט מיט דיר קלינגען. און דער אַלטער געליבטער וועט דיר דינגען אַ רייכן אַפּאַרטמענט ערגעץ אין לאָנג איילענד און דו וועסט דאָרט אויס־לעבן דיינע יאָרן מיט דיין הונט, רעקס. און דער אַלטער וועט פאַרן טויט אָפּשרייבן דיר אין זיין צוואה עטלאַכע צענדליקער טויזנטער דערפאַר וואָס דו האָסט אים פאַרזיסט די לעצטע טעג פון זיין לעבן. כי־כי־כי!

בארק האָט זיך ווידער פאַנאַנדערגעלאַכט. אָבער ביטערער און איינגעהאַלטענער. אָפּגעוואָרט, און ווידער געזאָגט:

— ער איז טאַקע באַלד געקומען, דער אַלטער. די ערשטע שעה געקומען! ער דאַרף האָבן אַזאַ ווי דו. אַלע האָבן זיי ליב אַזוינע ווי דו, געפּאַלענע, פּאַרקויפטע פאַר געלט. און איך ווייס, דו וועסט ניט אויסהאַלטן, וועסט זיך צוריקקערן.

געזאָגט גלייך אין פּנים אריין, מיט בייזקייט, ווי ער וואָלט אַ בייזן שפּיי געטאָן אויף איר, און אוועק לאַנגזאַם און באַליידיקט צו זיין אָרט לעבן וואַרשטאַט. אין אים האָט געברענט פאַראַכטונג און שנאה. עס האָט גענומען לאַנג ביז דאָס אויפגערעגטע האַרץ האָט זיך באַרואיקט און אנשווייגן געוואָרן.

ארום אים איז געווען נאַכט. אין אים איז געווען נאַכט.

שעה'ען האָבן זיך געצויגן דורך טונקלקייט. די רעגונג האָט זיך געקילט. אַלץ אין אים איז ביסלאַכווייז איבערגעגאַנגען אין רו און פאַרגעסונג. די צייט איז געגאַנגען ניט אָנרירענדיק זיין באַוואוסט־זיין. עס איז געווען צייט און ניט געווען. ער אַליין איז ניט געווען קיין לעבעדיקער צווישן טויטע. ער איז געווען אַ טויטער צווישן טויטע, אַ לעבעדיקער אין לעבן פון וועגט און באַלקן, אין לעבן פון הילצערנע און וואַקסענע מאָדעל־פיגורן. טונקל אין זייער טונקלקייט. ליכטיק מיט זייער ליכטיקייט און אַ סודותדיקער מיט זייער סודותדיקייט, איז ער געזעסן פאַרזונקען אין זייער שווייגן ביז אינדערפרי. און אַז אימיצער וואָלט אין די שעה'ען אַריינגע־קומען אין פּלאַץ, וואָלט ער אים ניט אָנגענומען פאַר קיין לעבעדיקן. ער איז געווען טויט.

און נאָר ווען עס איז געקומען די צייט צו גיין אַ היים, האָט ער זיך אויפגעהויבן און אווטאָמאַטיש געטאָן, וואָס עס איז נויטיק געווען: אויסגעלאָשן דאָס ליכט, פאַררוקט די שווערע בלעכענע טיר און אָפּגעטראָגן דעם שליסל אַף זיין אָרט. איצט האָט זיך אָנגעהויבן טאָג, אַ לאַנגער שפּאַציר צו דער „בין", צום געוויינלאַכן מאָלצייט אין ווינקל פון שמוציקן רעסטאָראַן, צו די באַקאַנטע באַוערי פּנימער אין נאַסער פרימאָרגנדיק דעמפּיקער לופט, ווי אַלע מאָל, ווי שטענדיק.

## 16

אין האָטעל, אין דער „לאָבי", זיינען געזעסן דער הינקענדיקער „דאָקטער" און דער אַלטער „גענעראַל". ביידע האָבן געריווכערט די ליולקעס און האָבן זיך פויל דורכגעוואָרפן מיט מידע ווערטער. דער אַלטער מייקל איז געזעסן אַף זיין אָרט און פרימאָרגנדיק געדרעמלט. אַלץ האָט נאָך אין האָטעל געדרעמלט. ניט געוואָלט אויפוואַכן צום טומל פון טאָג. די פרויען, אויבן, זיינען נאָך געשמאַק געשלאָפן.

באַרק איז אַריינגעקומען, אַוועקגעזעצט זיך טיף אין אַ שטול און געשוויגן. געזען אין צימער די דריי און ניט געפילט זייער אַנוועזנקייט. געווען אַליין.

מייקל האָט זיך אומרואיק אַ ריר געטאָן אויף זיין אָרט און מיט איינגעהאַלטענע מורא געזאָגט:

— גוט־מאָרגן, מיסטער בארק! אַ שיינער פרימאָרגן!

בארק האָט זיך שווער אַ קער געטאָן צו אים:

— ווער האָט דיר געזאָגט, אַז ס'איז אַ שיינער פרימאָרגן? זעסט ניט? ס'איז פאסקודנע און נאַס.

האָט זיך שוין מייקל נאָך מער דערשראָקן און געוואָלט אַרויס־רופן אַ גוט וואָרט אויף בארקס ליפּן. געזאָגט:

— און בא אונז טוט זי דאָ, מיסטער בארק, טעלעגראַמעס נאָך טעלעגראַמעס! ווי אין אַ גרויסן האָטעל. אַלץ צו ריטאָן. כי־כי־כי!

און דער „דאָקטאָר" האָט אויך אַריינגעשטעלט:

— יע, ס'איז פּריילאַך! און מייקל האָט שוין געקראָגן אַ געשוואָלענעם קאָפּ. אַ ווערטעלע צו זאָגן: — טעלעגראַמעס אויף דעם נאָמען פון זיין האָטעל! און פון וועמען? — פון מיסטער בראַד אַליין! פון אייער באַלעבאָס, מיסטער בארק.

דער „גענעראַל" האָט אויך אַ שפּאַס געטאָן:

— פריי זיך ניט, מייקל, אָט וועסטו דאַרפן אַן אַנדער שכן פאַר ריטאָס צימער. דאָס פייגעלע וועט אַוועקפליען, וועסט זי ניט כאַפּן, און וועסט האָבן שאָדן.

מייקל האָט דערשראָקן אַ קוק געטאָן אויף אַלעמען. אים איז גאָר ניט איינגעפאַלן, אַז ריטאַ קאָן זיך אַרויסציען:

— איר מיינט,זי וועט טאַקע אַוועקגיין?

— וואָדען? דער אַלטער בראַד וועט זי דיר טאַקע אַזוי איבער־לאָזן אין דער שמוציקער לאָך. ווייניק געלט האָט ער פאַר אַ שיינעם אַפּאַרטמענט? מעגסט זיך מיט איר איצט אָפּזעגענען אויף אייביק. ניט דאָס איז דער פּלאַץ פאַר מיליאָנערסקע ראַנדעוואוס. פאַראַן שענערע ערטער.

מייקל האָט געפינטלט מיט די אויפגעפּלאַמטע פאַרטרערטע אויגן. געקוקט דאָס אויף איינעם, דאָס אויף צווייטן און גע'טענה'ט:

— און וואָס, דיינקט איר, האָט געקאָנט זיין, אין די טעלע־גראַמעס? עפּעס האָט מען דאָך געשריבן אין די טעלעגראַמעס? עס איז דאָך ניט גלאַט אַ טעלעגראַמע, האַ?

דער דאָקטאָר האָט זיך גענומען וואָרפן פון געלעכטער. ער איז אַזש עטלאָכע מאָל אויפגעשפּרונגען פון זיין אָרט פון פאַרגעניגן.

— וואָס מ'שרייבט דאָרט? — מ'שרייבט דאָרט, אַז זי זאָל איינפּאַקן אירע זאַכן און אַריבערקלייבן זיך אין אַ בעסערער דירה, אַביסל ווייטער פון דער באַוערי און אַביסל נעענטער צו דער פּאַרק עוועניו.

דער „גענעראַל" האָט אויך צוגעשטעלט:

— און נאָך טעלעגראַפירט מען איר, אַז זי זאָל איר רעקסן ניט פאַרגעסן מיטצונעמען. אַ הונט פון דער הויכער געזעלשאַפט איז ניט פּאַסיק צו וואוינען מיט מענטשן פון דער באַוערי, בע־בע־בע!

— ריכטיק! אַ הונט פון דער הויכער געזעלשאַפט איז שטענ־דיק עפּעס מער פון אונזערן אַ מענטשן. געזען אַמאָל ווי רעקס גייט דיר פאַרביי? — גייט און גיט אפילו ניט אַ קוק אין דיין זייט. אים שטייט ניט אָן. ער ווייסט, די בעסטיע, אַז מיר זיינען נידעריקע מענטשן, אפילו זייערע הינט ווייסן שוין: — מיר זיינען מיר, און זיי זיינען — זיי.

דער „גענעראַל" האָט ווידער, ווי אַן עכאָ, איבערגעזאָגט דעם „דאָקטאָרס" רייד.

— מיר זיינען מיר, און זיי זיינען — זיי. און ריטאַ האָט צו אונז פאַרבלאָנדזשעט. אַ פאַרבלאָנדזשעטע שעפעלע אין אַ פרעמדער טשערעדע. מיר זיינען ניט פאַר איר און זי איז ניט פאַר אונז. זי איז פאַר זיך און מיר זיינען פאַר זיך. ניטאָ צווישן אונז קיין פריינטשאַפט. ניטאָ קיין נאָענטקייט. פרעמדע. ניין, זי האָט זיך צו אונז ניט צוגעפּאַסט, ריטאַ. ניט צוגעפּאַסט.

באַרק האָט זיך צוגעהערט צו זייערע רייד און געשוויגן. ער איז געזעסן און געוואַרט. ניט געוואוסט גענוי אויף וועמען און אויף וואָס ער וואַרט, אָבער געדולדיק געוואַרט.

דער טאָג איז געקומען אַ גרויער. אַרום צען אַזייגער איז נאָך געווען פינסטער און מ'האָט נאָך ניט אויסגעלאָשן די עלעקטריק. אין האָטעל איז מען נאָך געשמאַק געשלאָפן. אויף דער גאַס איז נאָך

אויך געווען זייער שטיל. מענטשן זיינען געווען שטילער ווי אַלע מאָל. און שטילער זיינען געווען זייערע טריט אפן טראָטואַר.

באַרק האָט זיך פּלוצלונג אַ קער געטאָן צום „גענעראַל״ און געזאָגט:

— פּריינטשאַפט, זאָגט איר? וואָס איז דאָס אַזוינס פריינטשאַפט? וואו האָט איר אין אייער לעבן אַמאָל געזען אמתע פריינטשאַפט? אַלע מענטשן זיינען איינע די אַנדערע שונאים. איך האָב שוין געגוג יאָרן אָפּגעלעבט אַף דער וועלט און אויסגעפונען האָב איך, אַז דאָס ווערטעלע איז ריכטיק: „איין מענטש איז צום צווייטן אַ וואָלף״.

— איך האָב אויך אָפּגעלעבט גענוג יאָרן אַף דער וועלט. איך בין עלטער פון אייך, מיסטער באַרק, און איך האָב אַליין געהאַט אַ סך גוטע פריינט, אמת'ע איבערגעגעבענע פריינט. כ'וועל זיי ביזן טויט ניט פאַרגעסן. הייליקע מענטשן, האָבן מיר געהאָלפן דורכשטופּן זיך דורכן לעבן.

דער „גענעראַל״ האָט אַ ווײַלע אַ טראַכט געטאָן און גענומען דערציילן וועגן זיינעם אַ פריינט אין דער אַרמעי, דערציילט און דערציילט און צום סוף, ווי אַלע מאָל, גערירט געוואָרן פון זיין אייגענער דערציילונג און זיך פאַנאַנדערגעוויינט. באַרק האָט אַף אים ביז אַ קוק געטאָן:

— אַז אַ מענטש נעמט אַריין זיין האַרץ אין האַנט אַריין און נעמט זי קוועטשן און דריקן וועט ער אפילו אין אַ שונא דערזען אַ פריינט. דורך טרערן, אַז מ'קוקט, איז די וועלט אַלע מאָל אַנדערש. אָבער אמתע פריינטשאַפט איז ניטאָ. איין מענטש איז אַ פריינט צום צווייטן ווייל עס איז אין דעם דאָ אַ נוצן. ניטאָ קיין נוצן — ניטאָ קיין פריינטשאַפט. מער נוצן — אַ גרעסערע פריינטשאַפט. ווייניקער נוצן — אַ קלענערע. און אין אַלגעמיין זיינען מענטשן שונאים איינער דעם צווייטן. אַ מענטש איז שטענדיק אייפערזיכטיק אפן צווייטן. אַז איינעם איז גוט, ווערט אים דער צווייטער אַ שונא. אַ מענטש געטרויט ניט אַ מענטשן. אַ מענטש האָט מורא פאַר אַ מענטשן, ווייל יענער איז אַ פרעמדע וועלט, און אָפט — אַ פיינטלאַכע וועלט. ביינאַכט האָט אַ מענטש

מורא אַף דער גאַס אַרויסצוגיין. די פינצטערניש באַהאַלט שונאים. אַז ער גייט שלאָפן פאַרריגלט ער די טיר פון זיין שלאָפצימער און פאַרהאַקט די לאָדן אויס מורא פאַר דעם מענטשן. פון וועמען באַהאַלט זיך אַזוי דער מענטש? זאָל נאָר דאָס געזעץ דערלויבן, וועט יעדערער אַרומטראָגן זיך מיט אַ געלאָדענעם רעוואָלווער אין זיין קעשענע און טויטע וועלן זיך אַרומוואַלגערן אין די גאַסן.

דער „דאָקטאָר" האָט זיך אומרואיק גענומען באַוועגן אַף זיין אָרט. ניט געקענט פאַרטראָגן באַרקס רייד:

— דער מענטש, מיסטער באַרק, איז אַ גרויסע זאַך, וועגן אַ מענטשן טאָר מען אַזוי ניט ריידן, אין אַ מענטשנס האַרצן לעבט יושר.

— אינם מענטשנס האַרץ לעבט יושר. אמת! אָבער ער לעבט זיך ניט אויס אין דעם יושר. אַ מענטש טראָגט אויך ליבע אין זיין האַרצן, אָבער ער דערטראָגט ניט די ליבע וואוהין מ׳דאַרף. בלייבט מיט זיין ליבע און מיט זיין יושר אין מיטן וועג. און אַז ער קומט צוגיין צום צווייטן איז ער אַ ליידיקער. אַ פרעמדער. נעמט אָפּ ביים שוואַכן דעם לעצטן ביסן. פאַרפייניקט אים. אין מענטש קעגן אַ צווייטן, איין קלאַס קעגן אַ צווייטן. ניטאָ קיין גלייכקייט און קיין אייניקייט. איינער אויבן, דער צווייטער אונטן, מיר און זיי, זייערע הייזער גרויסע. אונזערע — קליינע, און פאַר־וואָס זיינען אונזערע הייזער קליינע? ווייל די רייכע האָבן זיי פאַר אונז געבויט. פאַר זיך האָבן זיי געבויט גרויסע, גראַמע, מיט אַ סך לופט און זונשיין, פאַר אונז — קליינע קעמערלאַך מיט קלייניניקע פענסטערלאַך. אונזער מענטש זאָל ניט האָבן קיין ליכט און קיין לופט. און פאַרוואָס? קאָסט דען טייער גאָטס ליכט? קאָסט דען טייער גאָטס לופט? קאָסט דען טייער גאָטס ערד? אָדער שטח? ניין, ווייל איין מענטש וויל צונעמען דעם לעצטן ביסן און דאָס לעצטע ביסל לופט פון צווייטנס לונגען! אָט וואוהין עס דערפירט דעם מענטשנס יושר און דעם מענטשנס ליבע! אַ מענטש איז אַ וואָלף, וואָס האָט ליב צו באַפאַלן, באַרויבן, לאָזן נאַקעט און דערשלאָגן און נאָכדעם פאַרצוקן. אָט וואָס אייער מענטש איז!

דער „דאָקטאָר“ האָט זיך נאָך אַמאָל אויפגעהויבן פון אָרט:

— ניט לאַנג נאָך וועלן די וועלף הערשן, ניט לאַנג, מיסטער באַרק. עס וועט קומען אַ סוף צו זיי, מ׳וועט בא זיי צונעמען זייערע הייזער און זייערע פּאַלאַצן. זיי האָבן פאַר זיך געבויט, און מיר וועלן אין זיי וואוינען. וועמעס הענט עס האָבן געבויט, יענער וועט באוואוינען. אונזערס איז דאָס!

זיינע אויגן האָבן שנעל געפינטלט און זיין אויסגעשטרעקטער פינגער איז אַ קורצע ווײַלע דראַמאַטיש געבליבן שטעקן אין דער לופטן. באַרק האָט אַף אים אַ קוק געטאָן און גלייך, מיט איינמאָל פאַרגאַנגען זיך אין אַ שטיקנדיקן געלעכטער. געלאַכט און געלאַכט, און עס איז געוועזן שרעקלאַך צו קוקן ווי באַרק לאַכט. ער האָט קיינמאָל ניט געלאַכט, קיינער פון די מענטשן האָבן אים ניט געזען לאַכנדיק. און דאָ איז ער געזעסן מיט אַ פּנים, אַ פאַרקנייטשטן און אויסגעקרימטן מיט לאַכעדיקע גרימאַסן און פון זיין האַלז האָבן זיך געקייקלט אומגעוויינלאַכע קלאַנגען. באַרק האָט געלאַכט. עס האָט געדויערט עטלאַכע מינוטן זיין געלעכטער. נאָכדעם האָט ער געזאָגט:

— הייסט עס, אַז די, וואָס האָבן געבויט די פּאַלאַצן וועלן זיי באוואוינען. אַזוי ווי גאָט האָט געהייסן? און עס וועט קומען יושר אף דער וועלט ווי זיינע נביאים האָבן פאָראויסגעזאָגט, הא? ע־כע־כע־!

און ער האָט זיך ווידער פאַנאַנדערגעלאַכט. דער „דאָקטאָר“ האָט פאַרזיכטיק, מיט אַ דערשראָקענער שטימע, צוגעגעבן:

— איך מיין, ביסלאַכווייז. אַנדערע צייטן וועלן אָנקומען. די אָרעמע וועלן בא די רייכע זייער רויב אָפּנעמען, ביסלאַכווייז. אַ שפּאַן נאָך אַ שפּאַן אָפּנעמען בא זיי די טעריטאָריע. ס׳איז אַ מלחמה, מ׳דאַרף קומען און זיי אַלעמען פאַרטרייבן פון זייערע היימען, ווייל אונזערס איז עס! אונזערס!

דעם דאָקטאָרס הענט און זיין שטימע האָבן געציטערט פון אויפרעגונג. באַרק איז פּלוצלונג ווידער פעלזיק גרוי געוואָרן. געזאָגט:

— ניט איר זייט דער ערשטער און ניט איר זייט דער לעצ־

טער. אונזערע מענטשן זיינען אויפגערעגטע און גלויביקע. ווערן אָנגעצונדן מיט גלויבן און זעען שוין גאַנץ קעניגרייך אַף דער וועלט. כ'האָב שוין געזען אַזעלכע ווי איר. טויזנטער זיינען אַוועקגע־פגר'ט מיט אַזאַ האָפענונג. און די צייט גייט זיך און גייט. און די וועלט איז צעשפּאָלטן אַף צוויייען. זיי און מיר. זייער וועלט און אונזער וועלט. אומעטום און אין אַלץ די צווייאיקייט. נעמט אונזער ניו יאָרק, אַ צווייאיקייט אַף איין אינזל. און אַז איך וועל פרעגן ווי זי צו פאַראייניקן, וועט איר ניט וויסן. ניט קענען מאַכן פון צוויי — איינס. ניט וויסן ווי די אויסגלייכונג צו מאַכן. איר'ט ניט וויסן וואָס ס'איז בעסער: — אַראָפּהאַקן די שפּיצן פון זייערע הויכע טורעמס צו דער הויך פון אונזערע כאַלופּקעס, צי דערהויבן אונזערע כאַלופּקעס צו דער הויך פון זייערע טורעמס. איינער וועט זאָגן, אַז מ'דאַרף די כאַלופּקעס דערהויבן צו די טורעמס און אַן אַנדערער, אַז מ'דאַרף אַרונטערוואַרפן די טורעמס צו דער נידע־ריקייט פון אונזערע כאַלופּקעס.

דער „דאָקטאָר" האָט זיך אַריינגעריסן אין באַרקס רייד:

— אויסגלייכן, זאָגט איר? מיר וועלן שוין אויסגלייכן! פאַר־וואָס, דיינקט איר זיינען מיר אָרעם? האָט איר דאָס געטראַכט? פאַרוואָס, פרעג איך, זיינען דאָ אַזוי פיל אָרעמע? — ווייל עס זיינען דאָ רייכע! אַז ס'וועלן ניט זיין קיין רייכע, וועלן אויך ניט זיין קיין אָרעמע, און אַלע וועלן זיך אויסגלייכן. אַלע גלייך, ווי איינער. מיר וועלן ביסלאַכווייז, שפּאַן נאָך שפּאַן, אָפּנעמען בא זיי זייערע פּאַלאַצן. זייערע היימען וועלן ווערן אונזערע. מיר וועלן אָפּנעמען, וואָס איז אונזערס. שפּאַן נאָך שפּאַן.

דעם „דאָקטאָרס" אויגן האָבן געברענט. ער איז געווען בלייך פון רעגונג וואָס די ווערטער האָבן אין אים אויפגעוועקט. באַרק האָט קאַלטבלוטיג אָפּגעוואַרט און ווידער אָנגעהויבן:

— איר זאָגט: ביסלאַכווייז, שפּאַן נאָך שפּאַן? גוט. אָט נעמט אונזער ניו יאָרק. לאָמיר זאָגן, אַז מיר וועלן בא זיי צונעמען זייער פּאַרק עוועניו, נאָכדעם די פינפטע עוועניו, און נאָכדעם די ריווערסייד, וואָס וועט פון דעם אַרויסקומען? גאָרניט! ווייל זיי וועלן אויפבויען זייערע שטעט, זייערע פאַרשאָלטענע נעסטן, אַף

דער לאַנג־איילענד זייט. וועסט אָפּהאַקן דער שלאַנג איין קאָפּ, וועט גלייך אויסוואַקסן אַן אַנדער קאָפּ. עס וועט בלויז פּאַרקומען אַן איבערבייט פון ערטער. מיר וועלן זייערע ערטער פאַרנעמען, אָבער דעם יושר וועלן מיר ניט ברענגען אַף דער וועלט. און איך זאָג: כּדי אויסצוגלייכן די וועלט, דאַרף מען די גאַנצע וועלט אומ־ברענגען, די רייכע און די אָרעמע. מ׳דאַרף דעם מענטשן אומ־ברענגען, ווייל דער מענטש איז צעפּוילט, פאַראומרייניקט און פאַר׳סמ׳ט. אַ נייע וועלט און אַ נייעם מענטשן, אָט וואָס מ׳דאַרף! ניט אונזער מענטש וועט ברענגען די גלייכקייט אַף דער וועלט!

דער „דאָקטאָר" איז אויפגעשפּרונגען:

— שטייט, שטייט, מיסטער באַרק! איר באַליידיקט דעם מענטשן! דרך ארץ פאַרן מענטשן, מיסטער באַרק!

— באַליידיק? אַ שקלאַף איז אונזער מענטש, אָט וואָס אונזער מענטש איז! אַ בלינדער שקלאַף. מ׳האָט אים געגעבן אַ לעבן פון אַ וואָרים און באַשטימט צו לעבן אין דער פינסטערניש, און ער לעבט. אַ וואָרעם קריכט אין דער פינצטערניש, אַנטלויפט פון דער זון. אַזוי איז אונזער מענטש. ווייל ניט פאַרשטיין, אַז מ׳האָט אים אָפּגענאַרט. און ס׳איז ניטאָ קיין גרעסערער אומגליק, ווי צו זיין אָפּגענאַרט. איך, אַז אַ מענטש טוט מיר שלעכט — פאַרשטיי איך, און אַז ער נאַרט מיך אָפּ, וויל איך אים דער־הרג׳ענען. ניטאָ פאַר מיר קיין ערגערער שונא פון דעם אָפּנאַרער, און די שטאַרקע זיינען אָפּנאַרער. זיי האָבן בא אונז צוגענומען די פייאיקייט צו דענקען און צו רעדן און צו פאַרשטיין. מיר האָבן ניט קיין צונג. מיר האָבן ניט קיין מאַרך, מיר האָבן אויך ניט קיין אויגן. מיר זיינען בלינד, און זיי ווייסן, די שטאַרקע, אַז זיי וועלן אונז אַוועקגעבן די פייאיקייט צו זען מיט אונזערע אויגן, וועלן מיר זיי מיט דעם ליכט פון אונזערע אויגן פאַרברענען און אומברענגען. אָבער איצט זיינען מיר שקלאַפן. מיר האָבן פאַרלאָרן דעם וועג צו אונזער ציל. מיר בלאָנדזשען, און קאָנען אונזער וועג ניט געפינען.

דער „דאָקטאָר" האָט זיך ווידער אויפגעכאַפּט:

— עס וועט געפינען דער מענטש זיין וועג. וועט געפינען.

— און איך זאָג, ער וועט ניט געפינען. ווייל ער איז צעפּוילט און בלינד און אליין אומריין דורך און דורך. צו געפינען דעם וועג, דאַרף יעדער איינער ווערן אַ נקמה־נעמער. און ווי קען אַ שקלאַף ווערן אַ נקמה־נעמער? ניין, מ'דאַרף די גאַנצע וועלט, אינאיינעם מיטן מענטשן, פאַרברענען. אָנצינדן פון אַלע זייטן און פאַרברענען. און זאָל אויפשטיין אַ נייע וועלט און אַ נייער מענטש.

באַרקס קול איז געווען דראָענדיק און פול מיט שנאה. ער איז אנשווינגן געוואָרן און איז געבליבן זיצן אין שטול אַ פעלזיק־גרויער. אַלע האָבן געשוויגן. שווער געשוויגן, ווייל עס איז געווען אין באַרקס קול אַ בייזער טאָן אַזאַ, פאַר וועלכן מענטשן האָבן מורא געהאַט.

אין מיטן פון שווייגן האָט זיך דערהערט אַ רױשן פון רעדער. לעבן „האָטעל" האָט זיך אָפּגעשטעלט אַ גרויסער לימוזין. אַלע, אחוץ באַרקן, האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צום פענסטער. דאָס איז געקומען דער אַלטער בראָד. ער איז אַריינגעקומען און געבעטן מייקלען באַגלייטן אים ביז ריטאַס צימער.

באַרק האָט זיך אויפגעהויבן און איז שווערלאַך אַרויס אין דרויסן. אין האַרצן האָט געברענט אַ שנאה צו בראָדן. ניט געוואָלט באַגעגענען זיך מיט אים. ניט געוואָלט צוזאַמענטרעפן זיך מיט יענעמס אויגן. איז ער אַוועק צו דער באָוערי. געוואָלט פאַרלירן זיך אין דער פינסטערניש פון דער גאַס, פאַרוואַגלט ווערן אין די טעמפּע קלאַנגען פון הויך־באַן, ווערן איינער פון דער באָוערי.

17

עס זיינען פאַריבער עטלאַכע טעג. אין האָטעל האָט זיך קיין זאַך ניט געביטן. בלויז אין דער שעה, ווען דער אַלטער בראָד פלעגט צופאָרן אין זיין לימוזין און פאַרשפּאַרן זיך מיט ריטאַן אין צימער, איז אין האָטעל געשטאַנען אַן רעגונג. יעדנס האַרץ האָט גערעגט דעם אַלטנס אָנוועזנהייט אין ריטאַס צימער. עס איז געווען פּיקאַנט און סודותדיק. אין האַרצן האָט געברענט אַ קנאה: אַ מיליאָנער איז געווען בא ריטאַן. אָבער איין זאַך איז געווען אינגאַנצן אומפאַרשטענדלאַך, — פאַרוואָס ריטאַ איז נאָך אַלץ פאַרבליבן וואוינען

אינם האטעל. דער סוד ארום ריטאן האט זיך נאך אלץ ניט גע־וואלט אנטפלעקן.

דאס איז געווען אין א שבתדיקן אוונט, שפעט אינדערנאכט, ווען אלע איינוואוינער פון האטעל זיינען געווען פארזאמלט אין דער גרויסער „לאבי". מ'איז געווען פריילאך און אויפגעלייגט. מ'האט געטאנצט און געזונגען און, ווי אלע מאל אין אזוינע אוונטן, איבער־געטריבן די אייגענע פרייד מיט איבעריקן טומל און ליארעם, געריסן דעם ווייטיק פון אייגענעם הארצן מיט היסטערישן געלעכטער און ניט געצאמטער, צעלאזענער רעגונג.

דער הינקענדיקער „דאקטאר" האט געפירט מיט זיין שטעקל איבער דער אויסגעצויגענער האנט, זינגענדיק מיט א הייזעריקן קול. דער „גענעראל" האט געקלאפט מיט די אפצאסן איבערן דיל, גע־פאטשט מיט די הענט און ווילד צוגעקנאקט מיט דער צונג. די פרויען האבן געטאנצט זייערע טענץ און געקוויטשעט. געטוליעט זיך איינע צו דער אנדערער מיט הייסע, אויפגעפלאמטע באקן, ווי בא קראנקע.

דער „דאקטאר" האט פלוצלונג אויפגעהערט צו זינגען. ארויפ־געקראכן אפן טיש, אנגעשפארט זיך מיט איין האנט אפן שטעקן, אויסגעצויגן די צווייטע איבער די פארזאמעלטע, אויפגעהויבן הויך די מארדע, א דריי געטאן זיינע אויגן אף ארויף־צו און אנגעהויבן:

— מיינע דאמען און הערן! דערלויבט מיר אייך צו זאגן א פאר ווערטער. א פאר ווערטער, וואס קומען פון דער טיפעניש פון מיין הארצן.

עס איז געווארן א טומל:

— מיר האבן שוין געהערט אייערע דרשות!

— מיר ווילן ניט!

— לאזט איםריידן!

— דער דאקטאר ווייסט, וואס ער רעדט!

ביסלאכווייז איז דער עולם אנשוויגן געווארן. און דער דאק־טאר האט אנגעהויבן:

— מיינע דאמען און הערן! מיר, די אומגליקלאכע פון דער וועלט זיינען היינט פריילאך. פארוואס זיינען מיר אזוי פריילאך?

ווער האָט דערפרייט אונזערע הערצער? וואָס פאַר אַ גליקן האָט אונז דער שיקזאַל באַשערט? — מיר זיינען פריילאַך, ווייל עס נעענט זיך אונזער צייט, די צייט פון אונזער דערלייזונג. אַלע באַליידיקטע וועלן דערהויבן ווערן און אַלע אונטערדריקטע וועלן קומען נעמען זייער נקמה פון זייערע אונטערדריקער. מיר, די גע־פאַלענע, וועלן קומען זאָגן אונזער וואָרט. אונזער קול וועט אָפּקלינ־גען פון מזרח ביז מערב, פון צפון ביז דרום און אויפטרייסלען די פאַרגליווערטע וועלט...

איינמאַל אָנגעהויבן, האָט דער דאָקטאָר ניט געוואָלט אויפ־הערן. די צוהערער האָבן אויפגעהערט צו הערן. מען האָט גענו־מען פּראָטעסטירן:

— גענוג שוין, דאָק! שוין צום וויפילטן מאָל הערן מיר די דרשה!

— געהערט שוין די רייד פון אונזער גלח!

— ער קען שוין די דרשה זיינע אויף אויסנווייניק!

— גענוג, צום טייוול!

קיינער האָט ניט געוואָלט הערן. דער „דאָקטאָר" האָט אָבער ניט אויפגעהערט צו רעדן. גערעדט ביז הייזעריקייט. גענומען זיך פאַרכלינען מיט די אייגענע ווערטער. די זאַצן האָבן זיך גע־נומען ציען און פּלאָנטערן. אָבער ער האָט ניט געוואָלט אויפהערן. די פאַרזאַמלטע האָבן גערעדט צווישן זיך און געטומלט, ניט אומ־קוקנדיק זיך אויף אים. עס איז ניט געווען קיין פאַרדראָס אויף די, וואָס האָבן זיך ניט צוגעהערט. אַזוי ווי ער וואָלט ניט געהערט דעם טומל אַרום זיך און די אומצופרידנקייט. זיין קול איז שוין געווען אינגאַנצן הייזעריק. דער שווייס איז גערונען איבער די באַקן און, אַן אויסגעמאַטערטער, האָט ער זיך קוים געקענט האַלטן אויף זיינע פיס. אָבער די צונג האָט געפּלאַפּלט, אין מאָדנער עקסטאַטישקייט, ברענענדיקע פראַזן פון ביטערן צער און ווילדער נקמה.

ער האָט געענדיקט. מיט שווערקייט אַראָפּגעקראָכן פון טיש און געפאַלן אויף אַ שטול, און נאָר די, וואָס זיינען געווען נאָענט האָבן געזען ווי פון זיינע אויגן זיינען געלאָפן טרערן, זיינע פּלייצעס

האָבן זיך געוואָרפן פון היסטערישן געוויין או דער גאַנצער האָט ער געציטערט אין קאָנוואולסיעס.

אין דער רגע האָט זיך דערהערט א קלאַפּן אין טיר. מ׳האָט אויפגעעפנט און דערזען מערין. זי איז געווען בלייך און אויסגע־מאַטערט. נאָר די אויגן האָבן געברענט.

א מינוט זיינען אלע געבליבן אפן אָרט פארגליווערטע. מ׳איז געווען גערירט און פארוואונדערט. פון שיכורקייט ניט געוואוסט ווי אויסצודריקן די אייגענע פרייד מיט מערים קומען. און ערשט ווען מערי האָט געמאַכט עטלאכע טריט טיפער אין צימער אריין האָבן עטלאכע פרויען־שטימען אויסגעשריען:

— מערי!

און זיינען ווי ווילדע באַפאַלן זי פון אלע זייטן. ארומגענומען זי, געדריקט צום הארצן און געקראָכן קושן זיך אין די ליפּן. אָבער מערי האָט זיך ניט געלאָזט קושן. ערנסט געזאָגט:

— קושט מיך ניט. האַלט זיך בעסער פון דערווייטן. כ׳בין פאר׳סמ׳ט.

ארויסגעזאָגט די ווערטער, און בלייכלאך א שמייכל געטאָן מיט די ליפּן, מיט צער און פארשעמטקייט. און פון דעם איז איר פּנים נאָך בלייכער געוואָרן און א באַזונדער איידלקייט האָט זיך אויס־געלייגט אף איר שטערן, וואָס האָט זי אויסגעטיילט פון די ארומיקע צעפלאַמטע און צעלאָזענע פּנימער. און נאָכדעם צוגעגעבן:

— כ׳בין אַנטלאָפן. פון שפּיטאָל אנטלאָפן. ניט געקענט פארבלייבן. שווער מיט זיי, מיט די בעסטיעס. באַליידיקן. בין איך אוועק. אלץ איינס.

דערזען אפן טיש די פלעשלאך און מיט אַן אַנדער טאָן געזאָגט:

— ווער וועט געבן א טרונק בראַנפן? שוין לאַנג ניט גע־טרונקען.

אלע האָבן זיך פריילאך א לאָז געטאָן צו די פלעשלאך און עס איז געוואָרן מיט איין מאָל טומלדיק, ווי אין פריערדיקע שעה׳ען. מ׳האָט געשריען און געקוויטשעט. יעדע רגע אונטערגעגאָסן מער בראַנפן פאר דער דאָרשטיקער מערין. און מערי האָט אויסגע־

טרונקען עטלאכע גלעזלאך. געקרימט זיך פון ביטערקייט און ווידער געטרונקען.

פלוצלונג האָט זי זיך דערמאנט:

— און וואו איז ריטא?

אימיצער האָט געזאָגט:

— שלאָפט שוין, די מיליאָנערקע.

— כ'וויל זען ריטאן!

מ'איז גלייך אוועקגעלאָפן נאָך ריטאן. מ'האָט זי אויפגעוועקט פון שלאָף. און אין עטלאכע מינוטן ארום איז שוין ריטא געגאנגען אראָפ די טרעפ. זי איז געווען פארוויקלט אין א טייערן שלאָפראָק. זי איז געווען דערשראָקן. דערזען דעם טומלענדיקן עולם, האָט זי זיך אָפגעשטעלט אויף דער לעצטער טרעפ און געבליבן שטיין מיט בלאָנדזשענדיקע אויגן. געזוכט מערין.

מערי האָט זי דערזען, שנעל צוגעלאָפן צו איר און צוגעפאלן מיטן פנים צו איר זיידענעם שלאָפראָק.

— איך דאנק אייך, ריטא, איך דאנק אייך. אָבער איך האָב דאָרט ניט געקענט זיין. כ'האָב זיך ארויסגע'גנב'עט. און אייך א דאנק פאר די בלומען און פאר אייערע באזוכן. איר זייט צו מיר געווען ווי א שוועסטער. א דאנק.

געזאָגט, און נאָך אמאָל צוגעדריקט זיך מיטן פנים צו ריטאס פיס. נאָכדעם אָפגעקערט דעם קאָפ צו אלעמען און געזאָגט:

— אוי, טייערינקע, ווען איר זאָלט וויסן. יעדן טאָג איז זי דאָך צו מיר געקומען. יעדן טאָג עפעס מיר געבראַכט. מיט די דאָקטוירים גערעדט פאר מיר, מיט די בעסטיעס.

אלע האָבן געשוויגן. ריטא אליין איז געווען בלייך. קוים געקענט זאָגן:

— אָך, מערי, פארוואָס זייט איר אוועק? און איר מוזט דאָך זיין אין א שפיטאָל. אָך, גאָט!

מערי האָט שולדיק געזאָגט:

— אָבער איך בין סיי ווי סיי א פארפאלענע. אלץ איין שווארץ־יאָר! איך בין שוין א פארטיקע.

זי האָט זיך אויפגעהויבן, און גלייך געוואָרן אַן אנדערע. די

ל. באַנוקאָוו

אויגן זיינען אַרומגעלאָפן איבער אַלעמעס פּנימער, די הענט האָבן זיך צעשפּרייט אין דער לופטן, ווי זיי וואָלטן אין דער פינסטערניש עפּעס געזוכט. זי האָט געזאָגט:

— מיידלאַך, גיט מיר אַ טרונק!

ריטאַ איז נאָך אַלץ געשטאַנען אויף דער אונטערשטער טרעפּ. געווען העכער אין דעם עלעגאַנטן שלאָפראָק. דער עולם איז געווען שטילער. געפילט אומבאַקוועם אין ריטאַס אַנוועזנקייט. ניט גע־רעדט און אויף עפּעס געוואַרט.

מערי האָט אויסגעטרונקען איין גלעזל נאָך דער צווייטער. גלייך געוואָרן שיכור און אויפגעלעבט. אויף אַ ווײַלע פאַרגעסן ריטאַן, אַרומגענומען זיך מיט די פרויען. אירע באַקן האָבן גע־פלאַמט. רויטע פלעקן האָבן זיך אויסגעלייגט אויפן שטערן.

ריטאַ האָט געזאָגט:

— גוטע מענטשן, לאָזט איר ניט טרינקען. גיט איר ניט קיין בראַנפן. זי טאָר ניט. יעדער טראָפּן איז פאַר איר אַ טראָפּן סם. איך בעט אייך!

קיינער האָט ניט געענטפערט. נאָר מערי האָט זיך אויסגע־טיילט פון צווישן אַלעמען, אַוועקגעשטעלט זיך טראָציק און מיט כעס געזאָגט:

— כ׳וועל טרינקען! קיינער וועט מיר ניט פאַרווערן. איך בין אַהער געקומען, ווײַל איך וויל טרינקען! פאַרשטאַנען?!

איר צונג האָט זיך שוין שיכור געפּלאָנטערט. און אין עולם איז געוואָרן אַ טומל, אַן אויפלעבונג:

— אָט אַזוי, מערי! מיר ווילן טרינקען!

אימיצער האָט אַרײַנגעוואָרפן:

— ניט נאָר מיליאָנערן מעגן טרינקען.

ריטאַ האָט געפּרואווט זאָגן:

— אָבער עס איז פאַר איר שעדלאַך. פאַרשטייט, זי איז קראַנק.

עטלאַכע שטימען האָבן זיך שוין דרייסטער אָפּגערופן:

— געקומען פּרעדיקן מאָראַל.

— אַ נײַער גלח אויף אונזער קאָפּ!

— מיליאָנערקע אין זיידענעם שלאַפּראָק! כּי־כּי־כּי!

— וויפיל זיידענע פּאָר וועש האָט אייך דער מיליאָנער בראָד געבראַכט, מאַדאַם?

— כאַ־כאַ־כאַ! כאַ־כאַ־כאַ!

ריטא איז נאָך געשטאַנען, אַ בלייכע. געווען העכער און שלאַנקער ווי אַלע מאָל. טראַגיש געקוקט אַריבער דעם אויפגע־רייצטן עולם. אַזוי ווי זי וואָלט זיי געזען און ניט געזען. געהערט און ניט געהערט. אפשר וואָלט זי אַזוי געשטאַנען אַ ווײַלע, אַ באַליידיקטע, און וואָלט אַן ווערטער אַוועק איבער די טרעפּ צו זיך אין צימער. אָבער אין דער רגע איז פון עולם אַרויסגעטראָטן דער „דאָקטאָר", צוגעגאַנגען גאָר נאָענט צו ריטאַן, שפּאָטיש אויסגע־קרימט דעם פּנים, אַ קלאַפּ געטאָן מיטן שטעקן אָן דיל און מיט אַן אויסגעשטרעקטן פויסט פאָראויס, געזאָגט:

— מיר וועלן אייך, די רייכע, מיט אונזער האָס פאַר'סמ'ען. מיר וועלן שוין אונזער נקמה נעמען. איר וועט ניט אויסמיידן אייער שעה. אָך, וועלן מיר דאָס נעמען אַ נקמהלע! עס וועט אַזש ברענען פון אַלע זייטן!

פון עולם האָט אימיצער אַ געשריי געטאָן:

— אָט אַזוי דאָק! גיב איר, וואָס איר קומט!

מען האָט זיך אַרומגעשטעלט אַרום דער סצענע, אונטערגע־העצט דעם צעפּלאָמטן דאָקטאָר, וועלכער האָט אין אַ דערהויבענער שפּראַך ניט אויפגעהערט צו וואַרפן אויף ריטאַן זיינע פייערדיקע באַשולדיקונגען. ווי פריער, איז ער נאָך אַמאָל אַריין אין אַן עקס־טאַטישקייט, גערעדט אומגעווײַנלאַכע רייד, פאַרפּלאָנטערט זיך אין די אייגענע זאַצן און ניט געפילט ווי די ווערטער האָבן אָנגעהויבן צו פאַרלירן דעם זין.

ריטא איז געשטאַנען אַ דערשראָקענע. אירע אויגן האָבן אַרומגעבלאָנדזשעט פון איין פּנים צום צווייטן, ווי זי וואָלט געזוכט שוץ. אַלע זיינען אָבער געווען ווי איינער. אַלע אויגן האָבן אויף איר געברענט ווי פייערן. זי האָט אין אַלעמענס אויגן געזען שנאה. זי האָט אַ קוק געטאָן אויף מערין. און אין מערים אויגן איז נאָך געווען אַ גרעסערע שנאה. זי האָט קוים געזאָגט:

— וואָס האָב איך אייך געטאָן? פאַרוואָס זייט איר אַלע
בייז?

אַלע האָבן זיך פאַנאַנדערגעלאַכט. און דער „דאָקטאָר“ האָט
געזאָגט:

— וואָס? — האָסט דעם אָרעמען באַרויבט. ביים הונגעריקן
צוגענומען דעם לעצטן ביסן ברויט און ביים נאַקעטן די לעצטע
העמד אַראָפּגעריסן! אָט וואָס דו און דייניקע האָבן געטאָן!

און אין דער רגע איז פאָרגעקומען עפּעס אויסגעוויינלאַכס.
דער „דאָקטאָר“ האָט זיך אַ ריס געטאָן פאָרויס און מיט אַ מערק־
ווירדיקער שנעלקייט אַראָפּגעריסן פון ריטאַן דעם שלאָפראָק.
ריטאַ איז געבליבן שטיין אין איינע „פּאַדזשאַמאַס“, מיט אַנט־
בלויזטע פּלייצעס, אַ דערשראָקענע צום טויט, אָן ווערטער און אָן
פּראָטעסט, אָבער מיט אויגן אָנגעלאָפענע מיט טרערן, איין רגע
צום חלשן.

צווישן דעם עולם איז געוואָרן אַ קוויטשעריי. אימיצער האָט
דעם שלאָפראָק אַרויסגעריסן פון דעם דאָקטאָרס האַנט און אַ שלייּ־
דער געטאָן אים אינדערלופטן, איבער אַלעמעס קעפּ. עס איז גע־
וואָרן אַ טומל מיט אַ געלעכטער. דער „דאָקטאָר“ האָט ווידער
אַריינגעכאַפּט דעם שלאָפראָק אין זיינע הענט, ניט געוואָלט אַרויס־
לאָזן, ווי אַ טייער רויב.

ריטאַ האָט זיך פּלוצלונג אַ ריס געטאָן און גענומען לויפן
איבער די טרעפּ צו זיך אין צימער. דער גאַנצער עולם האָט זיך
מיט אַ מאָל אַ לאָז געטאָן נאָך איר. און ווער ווייסט, וואָס ווייטער
וואָלט פּאַסירט, ווען אין דער רגע וואָלט ניט אַריין, פון דרויסן,
באַרק. ער איז געווען פינסטער, ווי די נאַכט הינטער אים, און בייז.
דערזען ווי דער עולם יאָגט זיך איבער די טרעפּ נאָך ריטאַן, האָט
ער גלייך פאַרשטאַנען, וואָס דאָ האָט פּאַסירט. ער האָט אַ געשריי
געטאָן צום עולם:

— שטיי, אַז ניט וועל איך אייך דאָ אַלעמען אָוועקלייגן,
ווערים!

אַלע האָבן זיך אָפּגעשטעלט און לאַנגזאַם, ווי געצוואונגענע,
גענומען אַראָפּשטייגן פון די טרעפּ. דער „דאָקטאָר“ האָט נאָך גע־

האַלטן אין האַנט דעם זיידענעם שלאַפּראַק. זיינע אויגן זיינען דערשראָקן ארומגעלאָפן פון איינעם צום צווייטן. די אויבערשטע ליפּ זיינע האָט זיך געקרימט און געציטערט פון אויפרעגונג.

באַרק איז צו אים צוגעגאַנגען. געזאָגט:

— טראָג אַוועק דעם שלאַפּראַק צו ריטאַן.

דער דאָקטאָר האָט געקוקט פאַרלאָרן, פון אונטן ארויף, אַף באַרקן. האָט זיך ניט גערירט פון אָרט. האָט זיך באַרק דערנענטערט ביז צו זיין פּנים, אריינגעקוקט דעם דערשראָקענעם „דאָקטאָר" טיף אין די אויגן אריין און נאָך אַמאָל געזאָגט:

— גיי, זאָג איך, טראָג אַוועק!

אָפּגעוואַרט און צוגעגעבן:

— אז ניט, וועל איך דיר דיין גאַנצע פּוס ארויסרייסן פון הינטן.

דער „דאָקטאָר" האָט זיך צונויפגעקאָרטשעט. געוואָרן נאָך קלענער און אומבאַהאָלפענער. די אויבערשטע ליפּ זיינע האָט זיך געוואָרפן אין אַ קאָנוואולסיע. ענדלאַך האָט ער ארונטערגעלאָזן די אויגן און איז, ווי אַ פאַראורטיילטער, שטאַרק הינקענדיק אַף זיין לאָמען פוס, אַוועק איבער די טרעפּ, צו ריטאַס צימער.

צווישן עולם האָבן זיך גענומען הערן אומצופרידענע רייד:

— ווער איז ער, וואָס ער שטעלט זיך איין פאַר בראָדס געליבטער?

— אַ נייער באַלעבאָס!

— פאַרקויפטע נשמה!

— פּאַלג אים ניט, דאָק!

אָבער דער „דאָקטאָר" איז שוין געווען אויבן. און דער עולם האָט זיך אַלץ מער געצונדן מיט כעס. די ערשטע האָט זיך מערי אַ וואָרף געטאָן אַף באַרקן. זי האָט אים באַשאָטן מיט אַ האָגל גראָבע רייד, און אַלץ מער, ברענענדיק אין אַן אייגענעם, אין זיך געבאָרענעם כעס, האָט זי זיך פּלוצלונג אַ ריס געטאָן פון אָרט און גענומען שלאָגן אים מיט די פויסטן אין ברוסט אריין, דראַפּן אים מיט די נעגל דעם פּנים.

באַרק האָט זי אַ שטאַרקן שטויס געטאָן פון זיך. זי האָט זיך

אַ וואָקל געטאָן און געפאַלן מיטן קאָפּ צו די פיס פון די פּאַר־זאַמלטע. ערשט דאַן האָט זיך דער גאַנצער עולם אַ באַוועג געטאָן צו באַרקן. אַ צענדליק הענט האָבן אים גענומען רייסן און צופּן. מען איז אַף אים געקראָכן פון אַלע זייטן. אַ געשריי און אַ געפּילדער פון פרויען שטימען האָט אָנגעפילט די לאָבי. באַרק האָט זיך געראַנגלט שווער, אָבער זיכער, ווי אַ בער. ווען ער האָט נאָר אַריינגעכאַפּט אין זיינע הענט, האָט ער אים אַ דריק געטאָן, בעריש, אונטער זיך און נאָכדעם אָפּגעשליידערט אָן אַ זייט. אין איין מינוט איז שוין באַרק געשטאַנען איינער אַליין. קיינער האָט ניט געוואַגט צוטרעטן צו אים. שווער אָטעמענדיק האָט באַרק געזאָגט:

— אָט טרעט נאָר צו, וועל איך אייך אַלעמען אויסלייגן, ווערים!

אַ ווײַלע אָפּגעוואַרט און אָנגעהויבן:

— וואָס דיינקט איר, איר וועט דורך איין־איינציקן מענטשן אויפמאָנען גערעכטיקייט פון דער וועלט? אָדער איר וועט קענען דורך איין מענטשן נעמען נקמה פון אַ גאַנצער וועלט? שיכורן זיך אָן און מאָנען יושר פון דער וועלט. פאַרוואָס מאָנט איר ניט קיין יושר ווען איר זייט ניכטער? און פאַרוואָס נעמט איר ניט קיין נקמה ווען איר זייט ניכטער? וואו איז אייער קוראַזש? איר וועט אָנפּאַסקודיען אַף ריטאַס לעבן, אָבער וואָס וועט אייך פון דעם אַרויסקומען? לאָזט זי צו רו, אַלע. איך, באַרק, זאָג אייך: לאָזט זי צו רו!

איייניקע פרויען האָבן נאָך געכליפּעט. אייניקע האָבן נאָך געוואָרפן אַף באַרקן בייזע שיכורע רייד, אָבער קיינער איז שוין צו אים נאָענט ניט צוגעטראָטן. נאָר מערי האָט זיך נאָך אַלץ געריסן צו באַרקן, מיט אַ פּיענע אַף אירע ליפּן. אָבער עטלאַכע הענט האָבן זי אַרומכאַפּט און זי איינגעהאַלטן. אירע ליפּן זיינען איצט געווען בלייך און דער מויל אויסגעקרימט און עס איז שווער געווען צו דערקאָנען אין איר איר אמתן אָנבליק.

באַרק איז צוגעגאַנגען צו איר. געזאָגט:

— און דו, מערי, וואָס קאָכסטו זיך? אָט איז זי דיר געווען

בעסער פון אַ שוועסטער, און אַט רייצסטו אַף איר אַן אַלעמען, ווי הינט. וואָס האָט זי דיר געטאָן ? אַ מענטש איז געקומען מאַטערן זיך אין אונזער זומפּ און דו ווילסט אים שלעכטס טאָן. שיטסט זאַלץ אַף אויפגעפּלאַמטע וואונדן.

מערי האָט זיך צו אים אַ ריס געטאָן. העגט האָבן זי ווידער איינגעהאַלטן. האָט זי צונויפגענומען, וויפיל זי האָט געקענט אין דעם אויסגעטריקנטן מויל די שפּייעכץ, און אַ שפּיי געטאָן בארקן אין פּנים אַריין. בארק האָט קאַלטבלוטיק אָפּגעווישט מיטן אַרבל די שפּייעכץ פון פּנים און געזאָגט:

— ע, וואָס איז פאַראַן וואָס צו ריידן מיט אַזעלכע מענטשן ! איר פאַרשטייט גאָרנישט. מ׳דאַרף אייך אַלעמען אינאיינעם מיט דער וועלט פאַרברענען. איר זייט אַ וואונד וואָס היילט זיך קיינמאָל ניט אויס. עס פוילט אין אייך אַ פוילעניש אַזאַ און ווערט ניט איבערגעפוילט, און עס הערט ניט אויף צו שטינקען. טפו !

ער האָט זיך אָפּגעקערט. נאָכדעם אָפּגעטראָטן און זיך אוועקגעזעצט.

אין דער רגע האָט זיך דערהערט אַ שטילער קלאַפּ אין טיר. נאָכדעם — אַ שטאַרקערער. עס האָט געדויערט אַ היבשע ווײַלע ביז אימיצער איז צוגעגאַנגען עפענען די טיר. אַפן שוועל האָט זיך באַוויזן אַ פּאָליציסט און נאָך אים — צוויי מענטשן אין שוואַרצע מאַנטלען, אַריבערגעוואָרפן אַריבער די ווייסע שפּיטאָל-קליידער. איינער וואַרשיינלאַך, אַ דאָקטאָר, דער צווייטער — אַ סאַניטאַר פון אַן אַמבולאַנס.

דער פּאָליציסט האָט דער ערשטער אַ פרעג געטאָן:

— איז דאָ צווישן אייך איינע מיטן נאָמען מערי מעקגיני ?

אַלע האָבן געשוויגן, איבערראַשטע. מען האָט געוואָרפן קרומע בליקן אַף מערין. אָבער קיינער האָט ניט געענטפערט. בלויז שטום איבערגעקוקט זיך.

דער פּאָליציסט האָט ווידער געזאָגט:

— זי מוז דאָ זיין, צווישן אייך. זאָגט ווער. זי איז אַנטלאָפן פון שפּיטאָל.

מען האָט פאַר׳עקשנט געשוויגן. איז שוין דער פאַליציסט געוואָרן נאָך שטרענגער:

— וואָס שווייגט איר? ענטפערט, אז מ׳פרעגט אייך. זי וואוינט אף דעם אדרעס. ניטאָ וואָס צו באַהאַלטן זיך.

דאַן האָט מערי אויפגעהויבן טראַציק די מאָרדע, ארויסגעטראָטן פאָראויס און, העכער ווי נויטיק, געזאָגט:

— איך בין מערי מעקגיני. איך בין אנטלאָפן פון אייער שפּיטאָל. און ווי געפעלט עס דיר?

איר צונג האָט זיך שיכור אַ פּלאָנטער געטאָן און זי האָט ארויסרופנדיק צוגעגעבן:

— און וואָס וועסטו טאָן וועגן דעם? כ׳וועל צוריק ניט גיין! אָט וואָס.

דער דאָקטאָר פון אמבולאַנס, נאָך גאָר א יונגער מענטש, האָט ווייך געזאָגט:

— אָבער איר מוזט גיין. אייער אוועקגיין פון שפּיטאָל אין אייער צושטאַנד איז קענגן געזעץ.

מערי האָט אַ בליץ געטאָן מיט די אויגן:

— קעגן געזעץ? כ׳שפּיי אף אייער געזעץ!

און האָט א שפּיי געטאָן צום דיל.

דאַן האָט זיך שוין דער פּאָליציסט ארויסגערוקט פאָראויס און בייז געזאָגט:

— שפּיי זיך ניט אזוי, מיידל, גיי בעסער טו זיך אָן און לאָמיר גיין. דער אמבולאַנס וואַרט אין דרויסן, און ס׳איז א שפּעטע שעה.

— כ׳וועל ניט גיין!

— וועסט מוזן גיין. אזעלכע ווי דו דאַרף מען האַלטן אין א שפּיטאָל. טו זיך אָן און קום.

— כ׳וועל ניט גיין! געהערט?

— וועסט שוין גיין!

דער פּאָליציסט איז צו איר צוגעטראָטן:

— הער, מיידל, וואָס איך וועל דיר זאָגן: פאָלג מיך און טו זיך אָן. דו ביסט איצט שיכורלאָך, רעדסטו אזוי. מיר זיינען אהער

געקומען דורכפירן אַן אָרדער פון געזעץ. ניטאָ וואָס צו שפּאָרן זיך. טו זיך אָן.

דער דאָקטאָר האָט אויך צוגעגעבן:

— מיר זיינען אַהער געקומען פון אייער טובה וועגן. אייער געזונט פאָדערט איזאָלירונג, רו און מעדיציניש הילף. דער שפּי־טאָל האָט אייך דאָס געגעבן אין דער פולער מאָס. און איר זייט איז מיטן נאַכט אַנטלאָפן, אויפגערודערט דעם גאַנצן שפּיטאָל. פאָלגט מיך, קומט צוריק.

מערי האָט זיך פאַרטראַכט. פּלוצלונג בלייך געוואָרן, אַ ריר געטאָן זיך פון אָרט און מיט שנעלע טריט אַוועקגעלאָפן איבער די טרעפּ צום אויבערשטן שטאָק. דער פּאָליציסט האָט זיך דער ערשטער אַ לאָז געטאָן נאָך איר. נאָך אים, אַביסל לאַנגזאַמער, האָבן אויך גענומען גיין דער דאָקטאָר און דער סאַניטאַר. דער עולם האָט זיך ניט גערירט, טעמפּ געשוויגן. באַרק איז געזעסן אויפן שטול ווי אַן איינגעוואַקסענער אין פּלאַץ. און עס האָט זיך געדוכט, אַז אַלע קלאַנגען זיינען אויסגעשטאָרבן.

אין אַ פינף מינוטן אַרום זיינען אַלע דריי אַרונטערגעקומען. דער פּאָליציסט האָט פאַרדריסלאַך געזאָגט:

— מיר ווייסן ניט וואו צו זוכן זי דאָ. האָט זיך ערגעץ באַ־האַלטן. כ'בין איר נאָכגעלאָפן איבער די טרעפּ צום דאַך. ביז איך בין אַרויף, איז זי שוין דאָרט ניט געווען. אַרומגעטאַפּט אַלע ווינ־קעלאַך. ניטאָ. און וואוהין האָט זי געקענט אַהינקומען? ווער פון אייך איז דאָ אונז צו העלפן זוכן די מיידל?

קיינער האָט ניט געענטפערט. ערשט אין אַ ווײַלע אַרום האָט זיך באַרקס קאָפּ אַ קער געטאָן און ער האָט געזאָגט:

— ניטאָ, זאָגט איר, אויפן דאַך? נו, טאָ גייט בעסער אינ־דרויסן. ליגט מסתמא אויפן טראָטואַר מיט אַן איבערגעבראָכענעם האַלז־און־נאַקן. אַזאַ איז זי שוין, אונזער מערי. איך זאָג אייך, גייט גיט אַ קוק.

צווישן עולם איז דורכגעלאָפן אַ ציטער. עטלאַכע פרויען האָבן זיך געכאַפּט פאַרן קאָפּ. עס איז גלייך געוואָרן אַ גערודער. אָבער

קיינער האָט ניט געװאָלט מאַכן דעם ערשטן טראָט אין דרױסן. האָט באַרק נאָך אַמאָל געזאָגט:

— נו, װאָס שטייט איר? אייך גלױבט זיך ניט? איר מיינט, איך נאַר אייך אָפּ? אָט גייט ארױס, װעט איר זען. כ׳האָב טאַקע געהערט אַ טעמפּן פּאַל אפן טראָטואַר. דאָס איז זי אַרונטערגעפאַלן.

און װי ער האָט דאָס אַרױסגערעדט, זיינען אַלע אַרױסגעלאָפן אפן קאַלטן נאַכטיקן דרױסן. דורך דער טיר האָט אַ שפּאַר געטאָן אַ קעלט. באַרק איז אױפגעשטאַנען און זיך אװעקגעשטעלט אין דער עפענונג פון דער אָפענער טיר. אין אַ האַלבער מינוט אַרום האָט זיך פון דרױסן דערהערט אַ געקװיטשעריי און אַ יאָמער. און אין אַ װיילע אַרום האָט דער דאָקטאָר מיטן סאַניטאַר אַריינגעטראָגן אף די הענט דעם פּאַרמלאָזן, פּנימלאָזן קערפּער. אנשטאָט דער לעבע־דיקער, באַװעגלאַכער מערין איז געװען אַ פּאַרבלוטיקטער הױפן ביינער. נאָך זיי זיינען אַריינגעקומען די איבעריקע מיט אַ יאָמער. אין איין רגע איז די לאַבי אָנגעפילט געװאָרן מיט נייע יללות. איין היסטעריש־געװאָרענע פרוי האָט זיך געריסן די האָר פון קאָפּ. אַן אַנדערע איז געשטאַנען מיט אַן אױסגעקרימטען פּנים אנטקעגן דעם דערשראָקענעם פּאָליציסט און געשריען אים אין פּנים אַריין:

— מערדער! מערדער! דו האָסט זי דערהרגעט!

אין עטלאַכע מינוטן אַרום זיינען פון דער גאַס און פון די אַרומיקע הייזער, װאו מ׳האָט דערהערט דעם טומל, אַריינגעלאָפן פּאַרשלאָפענע מענטשן. אַלע זיינען געװען טױטלאַך דערשראָקן.

דעם קערפּער האָט מען אַװעקגעלייגט אף דער ערד. דער יונגער דאָקטאָר האָט יעדע רגע אונטערזוכט דעם טױטן קערפּער און ניט געװאוסט װאָס װייטער צו טאָן. אַזױ זיינען אין פּאַרלעגנהייט אַריבער עטלאַכע מינוטן. באַרק האָט די גאַנצע צייט געשװיגן, גע־װאַרט ביז אַלע װעלן זאָגן זייער װאָרט און אױסדריקן זייער צער איבער מערים טױט. נאָכדעם האָט ער געזאָגט:

— װאָס יאָמערט איר, װייבער? איז עס צום ערשטן מאָל װאָס איר זעט דעם טױט פון אַ באַװערי מענטשן? איז דאָס דען ניט דער נאַטירלאַכער טױט פון אַ באַװערי מענטשן? װער פון אייך

וועט שטאַרבן מיט אַ בעסערן טויט? געווען פאַר איר צוויי וועגן: איינער צו פוילן נאָך עטלאַכע יאָר און אַ צווייטער צו שטאַרבן אין איין קורצער רגע. האָט זי גענומען דעם לייכטערן וועג. און קלוג געטאָן. אַ היציקע, אָבער אַ קלוגע מיידל געווען, מערי. טאָ וואָס איז דאָ וואָס צו יאָמערן?

און צו די דריי שפּיטאָל מענטשן האָט ער געזאָגט:

— און איר, דאָקטאָר און פּאָליציסט, ווערט אויך ניט פאַרלאָרן. טוט אייער אַרבעט. שלאָפט ניט. שטעלט צונויף אייער פּראָטאָקאָל, שרייבט, אַז אַ פּראָסטיטוטקע, אַ ווענעריש קראַנקע, אַן איינוואוינערן פון דער באוערי, איז אַראָפּגעשפּרונגען צום טויט פון דעם דאַך פון איר וואוינונג. און דעם קערפּער פירט אָפּ אין שטאַטישן מאָרג, וואוהין איר פירט אָפּ אַלע אַזעלכע טייערע קערפּערס. לאָזט ניט איבער קיין טויטע אין אונזער האָטעל. אונזערע ווייבער וועלן ניט אויפהערן צו קוויטשען. אָט נעמט נאָר אוועק, וועלן זיי אַלע אַנשוויגן ווערן. אָט אַזאַ פאָלק איז דאָס. איך זאָג אייך: איילט זיך אונטער.

איבער דער בלייכקייט פונם דאָקטאָרס פּנים האָט זיך פאַרשפּרייט אַ רויטקייט. ער האָט בייזלאַך געזאָגט:

— און ווער זייט איר דאָ, צו געבן אונז עצות?

באַרק האָט גרוי אַ קוק געטאָן אויף אים:

— ווער איך בין? איך בין באַרק. באַרק פון דער באוערי. און אויב דאָס איז ניט גענוג, בין איך ברכהן. געהערט אַמאָל אַזאַ געהייבענעם נאָמען? ניט געהערט? — אַ פאַרדראָס, כע־כע־כע!

ער האָט דאָס געזאָגט, און האָט זיך אַזוי מאָדנע פאַנאַנדערגעלאַכט. קיינער האָט אים קיינמאָל נאָך ניט געהערט לאַכנדיק. איז דער געלעכטער געווען אַ שרעקיקער, ווי ניט פון דרויסן וואָלט דער מענטש געלאַכט, ווייל זיין פּנים איז געווען רואיק, נאָר פון אינווייניק, פון דער טיף, און די קלאַנגען זיינען אַרויס, ווי בעת אַן ערד־ציטערניש, פון אַן אינגעווייד.

קיינער האָט באַרקן ניט געענטפערט. די דריי האָבן זיך גענומען צו דער אַרבעט. פאַנאַנדערגעפּרעגט אָפיציעל אַלעמען וועגן מערין, פאַרשריבן עפּעס אויף אַן אָפיציעל פּאַפּיר. און אַז אַלץ איז

געוועזן פּאַרטיק, אַרויסגעטראָגן דעם טויטן קערפּער אויף אַ טראָג־
בעטל צום אַמבולאַנס און אַוועקגעפירט אין מאָרג.

18

אין האָטעל האָט מען זיך די נאַכט ניט געלייגט שלאָפן. די
מענטשן זיינען געווען היסטעריש. די פרויען זיינען אַרומגעלאָפן
איבער די צימערן, געוויינט און געהאַט אַ פאַרלאַנג צו דערציילן
טרויעריקע מעשות פון פרעמדן און אייגענעם לעבן. די שיכרות
איז פאַרשוואונדן פון יעדערנס קאָפּ. דער „דאָקטאָר" איז אַרומגע־
גאַנגען אַ צוטומלטער, געגעבן מעדיצינישע עצות. באַרק איז גע־
בליבן זיצן אין דער לאָבי, אַוועקגעזעצט זיך און געזעסן.

דער אינדערפרי איז אָנגעקומען לאַנגזאַם. דער טאָג האָט ניט
געוואָלט אָנקומען. די גרויקייט איז מיט מאַטערניש געקראָכן צו
די שויבן. באַרק האָט ניט געהערט ווי ריטאַ איז צוגעגאַנגען צו אים.
זי האָט שטיל געזאָגט:

— מיסטער באַרק, איך קען מער ניט.

געזאָגט, און גלייך זיינען איר צוגעלאָפן טרערן צום האַלז און
זי האָט ניט געקאָנט רעדן. אָפּגעוואַרט און ווידער אָנגעהייבן:

— איך האָב אַלץ געטאָן, און איך קאָן מער ניט. מערי איז
באַגאַנגען זעלבסטמאָרד, און איך קאָן ניט. איר הערט: איך
קאָן ניט!

זי האָט פאַרבראָכן די הענט. אַרויסגענומען אַ טיכעלע און
אויסגעווישט די פאַרטרערטע אויגן. לעבן איר איז געשטאַנען דער
הונט רעקס און האָט טרויעריק געקוקט איר אין די אויגן אַריין, ווי
ער וואָלט פאַרשטאַנען איר צער.

— צווישן אייך איז שרעקלאַך. איך בין ווי צווישן וועלף.
מיין יעדער גליד ציטערט מיר פאַר שרעק און מורא. ווען עס קומט
אָן דער הונגער, זייט איר ווי וועלף. איך בין אַ ראָמאַנטישע נארישע
נאַטור. עס האָט מיר מיין האַרץ אַ צי געטאָן אַהער, בין איך גע־
גאַנגען. איצט ווייס איך: ס'איז אַ טעות. אַלע וועגן צוריק זיינען
פאַרשטעלט. אַלץ איז איבערגעריסן. איך קאָן ניט ווערן איר.

באַרק האָט געשוויגן. ער האָט זיך איינגעהערט אין איר שטימע, איינגעהערט זיך מיט יעדן גליד. איר שטימע איז געווען אַ לאַשטשענדיקע. עס האָט פאַרשאַפט אַ פאַרגעניגן, ווי מוזיק. און באַרק האָט ניט געוואוסט ווי מ'ענטפערט אף אזא שטימע. אפשר ניט געהאַט וואָס צו ענטפערן. איז ער געזעסן שטום און געהערט. און זי האָט גערעדט:

— איך האָב געמיינט, אַז דאָס לעבן איז איינגעוויקלט אין אומקלאָרקייט. דאָס לעבן איז ניט דאָס, וואָס פאַר די אויגן. און איצט זע איך, אַז אַלץ איז קלאָר און פאַרשטענדלאך. אין לעבן איז דאָ אַ שטרענגע צעטיילונג. אַן איינגעאָרדנקייט, אַ געזעץ. געזעצן פאַר אַלעמען. פאַר גלויביקע און פאַר ניט גלויביקע. מען איז אַלע מאָל באַצוואונגען, און דערפאַר — אַלע מאָל אָפּגענאַרט. אמאָל פון זיך אליין און אמאָל פון אַנדערע, פון וועלף.

זי האָט גערעדט, און עס האָט איר ניט געאַרט וואָס עס האָט געקאָנט זיין, אַז דער מענטש, צו וועמען זי האָט געווענדט אירע רייד, האָט זי אפשר ניט פאַרשטאַנען. זי האָט גערעדט די ווערטער מער צוליב זיך. פשוט געוואָלט אַרויסריידן די ווערטער וואָס האָבן געדריקט דאָס האַרץ. און אַז באַרק האָט נאָך אַלץ געשוויגן, האָט זי צוגעגעבן:

— און איר דאָ זייט הונגעריקע וועלף. אפילו דאָס טיפסטע פאַרטרויען ווערט דאָ פאַרראַטן און אָפּגענאַרט.

פון די לעצטע רייד אירע האָט באַרקן אַ ברען געטאָן. ער האָט געזאָגט:

— איר זאָגט — וועלף. יע. מיר זיינען וועלף, הונגעריקע וועלף. אמת! און זאַטע קאָנען ניט מאַכן קיין נעסט צווישן הונגעריקע. און דער, וואָס קומט אַהער, דאַרף אַליין ווערן אַ וואָלף, אַ הונגעריקער וואָלף. דאַן איז מען גלייך צו אַלעמען. און איר זייט געקומען אַ זאַטע, און געוואָלט אויסגלייכן זיך מיטן הונגעריקן. געוואָלט זאַטערהייט אויסקויפן זיך באַם הונגעריקן. ניין, ניט באַ אונז. צו אונז איז דער דאָקטאָר געקומען אַ געפאַלענער, ביזן מאַרך פון זיינע ביינער, אַ געפאַלענער. איז ער געוואָרן גלייך מיט אונז. און איר זייט דאָ אַ פרעמדע. געקומען פון דעם רייכן קוואַרטאַל

צוליב אַ קאַפּריז פון אַ רייכן, אָדער אפשר צוליב ספּאָרט. אַט ווי איר זייט געקומען. און דאָ דאַרף מען זיין אַ געפאַלענער. דאָ איז די באָוערי.

זי האָט אַ פרעג געטאָן:

— וואָס מיינט איר, „מ׳דאַרף זיין אַ געפאַלענער"?

— אַט דאָס מיין איך: מ׳דאַרף אַזוי פאַלן, אַז מ׳וועט אייך שפייען אין פּנים זאָלט איר ניט דערפילן ניט קיין עקל און ניט קיין רחמנות צו זיך. אַט וואָס פאַר אַ געפאַלנקייט. און אפילו ווען איר וועט שפייען זיך אַליין אין פּנים זאָל אייך ניט זיין קיין רחמנות און קיין עקל. אַט ווי. דאָ דאַרף מען פוילן, מיט לייב און לעבן, אָן פּראָטעסט און אָן דעם באַוואוסטזיין פון אייגענעם פוילן. און איר זייט אָן אַריסטאָקראַטקע. איר זייט אונז געקומען היילן מיט אייער אַריסטאָקראַטיש־פילאַנטראָפּישער ליבע. און איך זאָג אייך: ניט אייער ליבע וועט אונז דערהויבן, און ניט אייער פאַראַכטונג וועט אונז דערנידעריקן.

זי האָט אויף זיינע רייד ניט געענטפערט. זי האָט אָפּגעוואַרט איין רגע און פלוצלונג איינגעבויגן דעם קאָפּ, צוגעדריקט מיט די לאַנגע דינע פינגער דעם פּנים און די אויגן און אַזוי מאָדנע, שטייענדיק, אָנהויבן צו כליפּען, ווי אַ קינד, וואָס האָט עפּעס פאַרלאָרן.

און בארק איז געבליבן קאַלט צו איר געוויין, אפילו ניט אָפּגעוואַרט ביז זי וועט אויפהערן צו וויינען. שטרענג געזאָגט:

— און איר גייט אַוועק פון דאַנען. גייט אַוועק און פאַרגעסט אונז. און פאַרגעסט, אַז איר זייט אַמאָל געבאָרן געוואָרן אויף דער באָוערי.

ער האָט זיך טיפער אַריינגעזעצט אין שטול און אַנשווייגן געוואָרן, אַזוי ווי עס וואָלט אין אים מער קיין ווערטער ניט געבליבן.

און זי האָט שטילערהייט אַראָפּגעווישט די טרערן פון די אויגן און פון פּנים מיט אַ זיידן טיכעלע און שווין מיט אַן אַנדער קול געזאָגט:

— איך וועל גיין.

זי האָט אויסגעצויגן צו אים אַ האַנט:

— איך דאַנק אייך, מיסטער בארק. פאַר אַלץ.

בארק האָט דערפילט איר איידעלע וואַרעמע האַנט אין זיינער.

אין אים האָט עפּעס אַ ציטער געטאָן, אָבער זיין פּנים האָט קיין זאַך ניט אויסגעדריקט. און זי האָט נאָך אַמאָל, אין איילעניש און דורך טרערן, געזאָגט:

— אַ דאַנק, אַ דאַנק, פאַר אַלץ.

און איז אַוועק אין דער שטילער באַגלייטונג און שטומער איבערגעבנקייט פון איר הונט, רעקסן. און באַרק איז אַזוי געבליבן זיצן, אַ גרויער, אין דער טונקעלער לאָבי. געוועזן אומבאַוועגלאַך, ווי די שווערע אַלטע בענק און טישן אַרום אים.

אין אַ קורצער צייט אַרום האָט זיך אין אַ ווינקל, אונטער די טרעפּ, געעפנט די טיר פון מייקלס צימער. דער אַלטער מייקל איז אַרויסגעקראָכן אַ פאַרשלאָפענער און טיף געבויגענער. ער האָט נאָך קיין זאַך ניט געוואוסט, ניט וועגן דעם סקאַנדאַל אַרום ריטאַן און ניט וועגן דעם שרעקלאַכן טויט פון מערין. פון׳ם נאַכטיקן טומל אין דער לאָבי האָט ער געוואוסט און פון געוואוינהייט קיין זאַך ניט פאַרדעכטיקט. דערזעענדיק באַרקן, האָט ער זיך דערשראָקן.

— דאָס זייט איר, מיסטער באַרק? און איך האָב געמיינט . . .

באַרק האָט ניט געענטפערט. האָט דער אַלטער געזאָגט:

— אַזוי פרי, און איר זייט שוין אויפגעשטאַנען. אוי, אַ פינצטערניש! דער טאָג וויל ניט קומען. האָט זיך באַהאַלטן, דער טאָג, און וויל ניט קומען. און איר וואַרט, מסתמא, אַפן טאָג?

באַרק האָט אָפּגעוואַרט פּונקט אַזויפיל צייט וויפיל עס איז נויטיק געוועזן אָנצוזאַמלען גענוג שנאה אין זיך, און האָט געזאָגט:

— ניט אַפן טאָג וואַרט איך. אויף דיר וואַרט איך. געמיינט, וועסט שוין קיינמאָל ניט אַרויסקומען פון דיין צימער. ערשט דו לעבסט. נו, לעב. אָבער ניים האָב איך פאַר דיר. האָסט צוויי שכנים פאַרלאָרן אין איין נאַכט. שטעל אַרוים שנעלער אַ שילד, אַז דו האָסט צוויי ליידיקע צימערן.

מייקל האָט זיך דערשראָקן, אָבער נאָך אַלץ געמיינט, אַז באַרק שפּאַסט מיט אים. מורא געהאַט צו גלייבן. פונדעסטוועגן האָט ער געזאָגט:

— ריטאַ איז אַוועק?

— ריטאַ איז אַוועק וואוינען אין לאַנג איילענד, צו די מיליאָ-

נערן, און מערי איז אַוועק נאָך אין אַ געהויבענערן אָרט, אַזש אין שטאַטישן מאָרג.

און ווידער, ווי מיט עטלאַכע שעה פריער, האָט זיך באַרק פלוצלונג פאַנאַנדערגעלאַכט. געלאַכט, געלאַכט. קיין קלאַנגען האָט מען ניט געהערט, אָבער זיין גרויסער גוף, מיט די ברייטע פלייצעס האָט זיך געוואָרפן פון אַן אינערלאַכן געלעכטער, וואָס האָט אַ לאַנגע צייט ניט אָפּגעלאָזן.

— אָט האָסטו דיר! האָסט פאַרלאָרן צוויי שכנים אף איין מאָל!

און ווידער זיך פאַרגאַנגען אין אַ געלעכטער. נאָכדעם איז ער אויפגעשטאַנען און אַרויס אין דרויסן. און ערשט ווען באַרק איז אַוועק, האָט דער אַלטער דערהערט, אַז אויבן, איבער דער לאַבי, האָט זיך עפּעס געטאָן. מענטשן זיינען דאָרטן ניט געשלאָפן. טריט זיינען אַרומגעלאָפן איבערן קאָרידאָר. דער זונטיק האָט זיך אָנגע־הויבן אַנדערש ווי אַלע מאָל. עפּעס איז אין דעם פרימאָרגן געווען ניט גלאַט אינם האָטעל. ער האָט זיך געוואָלט אויפהייבן איבער די טרעפּ אויסגעפינען וואָס דאָ האָט פּאַסירט. ער האָט אָבער מורא געהאַט פאַר אַ בייזער בשורה. האָט ער זיך שטיל אַוועקגעזעצט אף זיין אָרט און געוואַרט ביז עס וועלן זיך נעמען באַווייזן די ערשטע זונטאַקדיקע פרימאָרגן געסט.

און די געסט זיינען טאַקע באַלד געקומען, געקומען ווי אַלע מאָל, ווייל עס האָט שוין געוואוסט די גאַס וועגן דער פאַרגאַנגענער נאַכט אין האָטעל און עס האָבען זיך שוין פאַרשפּרייט אַלערליי קלאַנגען וועגן דעם טויט פון דער טיידל מערי, וועלכע די גאַס האָט געקענט נאָך אַלס קליינע מיידל.

און מערי איז שוין ניט געווען. נאָר אין איר צימער, אין ריטאַס וואַזאָן, זיינען נאָך געשטאַנען די פאַרוועלקטע בלומען. טויט זיינען געווען די רויזן און די ליליעס און די כריזאַנטעמען און פון אונטער זייערע טויטע בלעטלאַך האָבן טרויעריק אַרויסגעקוקט די אויסגעלאָשענע „אַניוטאַס אייגעלאַך‟, וואָס האָבן דערציילט, אַז מערי איז ניטאָ און וועט זיך קיינמאָל ניט צוריקקערן.

## 19

שעה'ען לאַנגע איז באַרק אַרומגעגאַנגען איבער דער באַוערי. אַזוי גייענדיק איז אים צום צווייטן מאָל אין זיין לעבן געקומען דער געדאַנק אונטערצינדן די געביידע פון דער דעפּאַרטמענט סטאָר „בראָד ענד קאָמפּאַני“. דער געדאַנק איז געקומען פּלוצלונג, אָבער ער האָט באַרקן ניט איבערראַשט. עס איז געווען אַזוי ווי אַלץ וואָלט אין אים געווען פון פריער צוגעגרייט אויפצונעמען אָט דעם געדאַנק. און דערפאַר איז לייכט געווען אַלץ דורכצוטראַכטן און שאַפן אַ פּלאַן. אַלץ איז געווען קלאָר און מעגלאַך: אין דער סאַמע שפּעטער שעה, באַלד נאָך דער הויפּט אינספּעקציע פון אַלע נאַכט-וועכטער, ווען די וועכטער רעגיסטרירן זייערע קאָנטראָל-זייגערס, וועט ער אונטערצינדן די געביידע אין פאַרשיידענע ווינקלען. פריער וועט ער אונטערצינדן איין קאַנטער, אויף דעם אונטערשטן שטאָק, ערגעץ אין אַ ווייטן ווינקל, וואו די פלאַמען וועלן ניט אַזוי שנעל באַמערקט ווערן. די גאַנצע וואַך מיט אַלע לעש-מאַשינען און לעש-מאַטעריאַלן וועט זיך דאַן קאָנצענטרירן אויף איין אָרט. מען וועט אין דערזעלביקער צייט רופן דרויסנדיקע פייער-לעשער. אַלץ וועט זיין אַרום אָט דעם פייער. און ער וועט אין דער צייט פאַרשפּרייטן פייערן איבער די העכערע שטאָקן. ביז מ'וועט אויסלעשן איין פייער וועלן שוין צען אַנדערע פלאַמען איבער דער געביידע. איין פייער וועט אַריבעריאָגן דעם צווייטן. די מענטשן וועלן צעטומלט ווערן, ניט וויסן וואו פריער צו לעשן. און די פלאַמען וועלן זיך דערווייל פאַרשפּרייטן, ווערן גרעסער און מעכטיקער. און ער, באַרק, וועט ווי אַ קליינער שד, אַרומלויפן פון שטאָק צו שטאָק און פאַרשפּרייטן די פלאַמען. רייכע פוץ-קליידער, קאָלירטע זיידנס און טייערע סחורות, ווייך מעבל און מוזיקאַלישע אינסטרומענטן, די פרייד פון רייכע, וועט אַוועקגיין מיטן רויך. די גאַנצע מיליאָניקע געביידע, מיט דעם גאַנצן הונדערט-מיליאָניקן גוטס, וועט אויפ-פלאַמען אין העלישן פייער און פאַרשווינדן. די נאַכט וועט אָנגעַ-

צונדן ווערן אין פלאַמען. און עס וועט אויפגעשראָקן ווערן די שטאָט מיט טומל און געקלאַנג. אַ האַלבע שטאָט וועט באַרויטלט ווערן דורך די פלאַמען. דערשראָקענע העלזער וועלן זיך ציען פון די פענצטער. אויגן וועלן אויפגליען, דערשראָקענע שאָטנס פון דער נאַכט און פון פלאַמען וועלן זיך צעלויפן איבער ווענט און איבער טורעמס, פון איין עק שטאָט ביז דעם צווייטן.

און נאָכדעם, דעם גאַנצן זונטאַקדיקן טאָג, האָט שוין באַרק קיין זאַך ניט געזען פאַר זיינע אויגן, אַחוץ פלאַמען. ער איז אַרומ־געגאַנגען איבער דער באָוערי און געזען פאַר זיך פייערן. די שטאָט האָט געברענט פון אַלע זייטן. פון צפון און פון דרום, פון מזרח און פון מערב, האָט זיך געהויבן אַ שׂרפה. ער איז געגאַנגען איבער די אַלטע קויטיקע טראָטואַרן, געביטן איין גאַס אויף דער צווייטער, און וואו ער איז געגאַנגען, אומעטום איז ער געווען אינמיטן פון אַ גרויסער שׂרפה.

און פאַרוואָס אָט דער געדאַנק איז אים נאָך אַמאָל געקומען אויפן זינען האָט באַרק ניט געוואוסט. אין האַרצן בא אים איז ניט געווען קיין נקמה־געפיל — ניט צו דער „בראָד ענד קאָמפּאַני“ בכלל און ניט צו דעם אַלטן בראַדן — בפרט. עס איז אין אים בכלל ניט געווען קיין שׂנאה צו אימיצן.

און אַז ער איז, אין אָוונט, געקומען אַהיים, איז ער געווען רואיק. אַזאַ רואיקייט איז געווען אין אַלע גלידער, אַ רואיקייט און אַ פוילקייט. און בלויז דער, וואָס האָט באַרקן געקענט, וואָלט גע־קאָנט באַמערקן, אַז זיינע אויגן זיינען געווען לעבעדיקער און אַז זיינע נאַזלעכער האָבן געאָטעמט שנעלער און אַז אַרום די ליפּן האָט זיך טיפער אויסגעלייגט אַ קנייטש פון קאַלטער שׂנאה צו דער וועלט. און ניט מער.

דערפאַר, אַז באַרק איז, מאַנטיק אָוונט, געקומען צו דער אַרבעט, איז ער געווען זייער אַ שווייגנדיקער. ער האָט קוים געפּור־נעט וואַרטער צו ענטפערן קלאַרן, וועלכער האָט אים געהייסן צו־גרייטן עטלאַכע מאָדעל־פיגורן פאַר איינעם פון די שוי־פענצטער, אויפן ערשטן שטאָק. און ערשט ווען יענער איז אַוועקגעגאַנגען, האָט ער זיך לאַנגזאַם גענומען צו דער אַרבעט. ער האָט, ווי אַלע

מאָל, געאַרבעט געטריי און פּינקטלאַך. די אַרבעט האָט באַדאַרפט אַרויסגיין פון זיינע הענט אין דער בעסטער אָרדנונג. די באַקאַנטע אַרבעט און די לאַנגיעריקע דערפאַרונג האָט באַפרידיקט. עס איז געווען אַנגענעם צו זען ווי אַלץ קומט אַרויס ווי ער וויל, אַלץ ווערט באַשאַפן נאָך זיין פאַרלאַנג און ווילן. אין יעדער באַוועגונג זיינער איז געווען צוועקמעסיקייט און דערגרייכונג. איז פון דעם געווען גוט.

דאָס, וואָס עס איז געווען אין די פאַרגאַנגענע צוויי טעג, איז ביסלאַכווייז פאַרשוואונדן פון זיין זיכרון. עס איז ניט געווען, אַזוי ווי עס וואָלט זיך אויסגעוועבט, און אַנשטאָט דעם וואָלט געקומען זיין אייגן נאָרמאַל נאַכטיק לעבן.

אין אַ שעה אַרום האָט ער אוועקגעטראָגן די מאָדעלן, וואוהין מ'האָט באַדאַרפט, און ניט אַרויסרײדנדיק מיט די קאָסטומירער קיין איינציקן וואָרט, זיך געלאָזט גיין צוריק צום שפּייכלער. קלאָד האָט אים שפּאַסיק נאָכגעשריען:

— העי, באַרק, וואָס האָסטו זיך אָנגעכמורעט? האָסט דיין געהאַלט פאַרן זונטיק פאַר'שיכורט, צי וואָס?

באַרק האָט ניט געענטפערט. האָט שוין אים קלאָד נאָכאַמאָל צוגעוואָרפן:

— אָט אַ מענטש! ווי אַ מויז, ציט אים שטענדיק צו זיין נאָרע. שווייגט ווי אַ פיש, אַזאַ ווילדער.

אָבער באַרק האָט שוין ניט געהערט. ער איז שוין געווען ווייט.

די ערשטע נאַכט אין וואָך איז שטענדיק געווען גענוג אַרבעט. ס'איז געווען וואָס צו טאָן אַרום די פיגורן און אין שפּייכלער. האָט ער זיך טאַקע גלייך פלייסיק גענומען צו דער אַרבעט.

אַלץ אַרום אים איז געווען ווי אַלע מאָל. די מאָדעלן האָבן גוטמוטיק געשמייכלט, געגלאַנצט מיט די אָפּגעפּאָלירטע לייבער אין דעם שיין פון עלעקטרישע לעמפּלאַך. די פּנימער זיינען פאַרביינגעלאָפן פאַרביי באַרקס אויגן מיט באַקאַנטער קאַליידאָסקאָפּיש־קייט, ניט בלייבנדיק אין זיין זכרון. נאָר איין פּנים האָט זיך אָפּגעשטעלט פאַר די אויגן, אָפּגעשטעלט און ניט געוואָלט אָפּטרעטן.

דאָס איז ווידער געוועזן די מאָדעל נומער זעקס־און־צוואַנציק. און באַרק האָט אַ טראַכט געטאָן:

— אָט איז זי, ריטאַ, אַוועקגעגאַנגען, און איז נאָך דאָ...

געוואָלט אָפּקערן זיך, ניט זען, אָבער אַ שטאַרקער געפיל האָט אים געצוואונגען אָפּצושטעלן זיך. און אַז ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָט ער שוין ניט געקאָנט אָפּטרעטן, געזאָגט:

— ביסט אַוועקגעגאַנגען, און ביסט נאָך אַלץ דאָ.

נומער זעקס־און־צוואַנציק האָט עטוואָס א ריר געטאָן מיט די ברעמען און האָט אומעטיק געשוויגן. אַזאַ אומעטיקער שטאָלץ איז געווען אין דער פיגור, אַזאַ טראַגישע שיינקייט. באַרק האָט מיט אַלע גלידער אין זיך דערפילט ריטאַס אַנוועזנקייט. עס האָט אים אַ ציִ געטאָן צו איר. ניט געקאָנט אָפּטרעטן. אָבער אין אַ מינוט אַרום איז ער דאָך אָפּגעטראָטן און גענומען זיך צו דער אַרבעט.

געאַרבעט, געאַרבעט. די שעה'ען האָבן זיך געצויגן מיט שווערער מאַטערניש, ווייל עס איז שוין די גאַנצע צייט געשטאַנען פאַר די אויגן דאָס אומעטיק שטאָלץ געשטאַלט ריטאַס, אין טונקעלן, מיט אויגן איבערגעדעקט מיט דינע בלייכע פינגער. און ריטאַס קול האָט אַזוי טרויעריק געקלונגען:

— אַ דאַנק, אַ דאַנק פאַר אַלץ.

פון דעם האָט אַ שטראָם געטאָן אַ וואַרעמקייט צום האַרצן. אַ גוטסקייט האָט אים, ווי מיט הענט, אַרומגענומען, צום ערשטן מאָל אין לעבן.

האָט ער אַוועקגעלייגט די אַרבעט און צוגעגאַנגען צו דער וואַרטנדיקער פיגור, געשטאַנען אַ ווײַלע און געזאָגט, ווי מ'זאָגט צום ערשטן מאָל אַ געליבטער:

— דו ביסט אָף אַלע מאָל אַוועקגעגאַנגען, און איך האָב דיך ליב.

ווידער אַמאָל געשטאַנען פאַר די אָפענע אויגן פון דער מאָדעל, אָן ווערטער, און ווידער אַמאָל געזאָגט:

— איך האָב נאָך קיינעם ניט ליב געהאַט. און דיך האָב איך ליב.

גיין, דאָס זיינען שוין ניט געווען פּשוטע, מענטשלאַכע ווער־טער, וואָס ער האָט אַרויסגערעדט. דאָס זיינען געווען לעבעדיקע עדות. זיי זיינען געקומען און אָוועקגעשטעלט זיך אַרויסצוזאָגן אַ גרויסן אמת:

— איך האָב אַלע מענטשן פיינט. און אַלע פרויען האָב איך פיינט. און דיך האָב איך ליב. דיך, די איינציקע. און איך ווייס ניט פאַרוואָס איך האָב ליב. אָט ביסטו אַוועקגעגאַנגען צו דיין אַלטן, און איך האָב דיך ליב.

ער האָט אַזוי לאַנג גערעדט. אַרום איז געווען שפּעטע נאַכט. אַרום איז ניט געווען קיין לעבעדיקער מענטש. אַלע וועלטן זיינען שוין געווען אויסגעלאָשן. און נאָר אין דעם טונקעלן שפּייכלער פון טויטע מאָדעל־פיגורן האָט אויפגעצאַנקט און אויפגעצאַפּלט אויפגערודערט לעבן, וואָס האָט געוואָלט קומען צום אויסדרוק. ווייל עס האָבן זיך שוין אויסגעלאָזן אַלע ווערטער און עס איז שוין ניט געווען וואָס צו זאָגן. איז שוין באַרק צוגעפאַלן מיטן הייסן פּנים צום קאַלטן האַלז און אין ספּאַזמאַטישן צופאַל פון ליידנשאַפט אָנגעהויבן קושן די הענט און דעם האַלז און די בריסט. אַלץ האָט זיך אין אים אַ לאָז געטאָן אין ווילדער יאָגעניש זוכן לעבן אין טויטער מאַטעריע. וואָס ס'איז געווען טויט האָט באַדאַרפט ווערן לעבעדיק, ווייל עס האָט באַדאַרפט פּאַסירן באַרקס אייגענער וואונ־דער, ווייל עס האָט זיך אויפגעכאַפּט, אין אים אַליין, דאָס וואָס ס'איז געווען טויט און איז געקומען צום לעבן.

— איך האָב דיך ליב.

דאָס לעבן האָט גערופן צום טויט און געפּאָרערט אַן אָפּרוף. דאָס לעבן האָט גוזר געווען אַפן טויט. און דער טויט האָט זיך אונטערגעגעבן און געענטפערט. ווייל עס איז געשען דער וואונדער פון באַרקס גרויסער ליבע.

— איך האָב דיך ליב.

ריטאַס אויגן האָבן אַ שמייכל געטאָן, האָבן אַ לויכט געטאָן מיט לעבעדיקן טרויער און, ווי אַ בענטשונג, אַראָפּגעפאַלן אויף באַרקס קאָפּ. און ווידער זיינען אַלע וועלטן אויסגעלאָשן געוואָרן, און נאָר אַפן עק וועלט, וואו ער און ריטאַ זיינע געווען, האָט אויפ־

געגליט אַ ליכט, האָט אויפגעשטראַלט אַ יעדן גליד באַזונדער און
ניט געוואָלט אויסגעלאָשן ווערן. ריטאַ איז געווען זיינע.

ריטאַ איז געווען זיינע.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און ווען די צוויי קאָסטומירער — קלאַד און זיין געהילף —
זיינען אַריינגעקומען און האָבן דערזען באַרקן לעבן דער מאָדעל,
זיינען זיי ביידע דערשטוינט געוואָרן.

גאָט, וואָס האָט באַרק געטאָן מיט דער מאָדעל־פיגור נומער
זעקס־און־צוואַנציק? דאָס, וואָס זיי האָבן געזען פאַר זייערע אויגן
האָט ניט געהאַט קיין נאָמען. דאָס, וואָס זיי האָבן געזען איז געווען
הינטער אַלע גרעניצן פון ווירקלאַכקייט און פאַרשטאַנד. דאָס איז
געווען די לעצטע שטופּע פון משוגעת. באַרק איז געווען משוגע.

איין רגע זיינען ביידע מענטשן געשטאַנען פאַרלאָרענע. זיי
וואָלטן זיך אפשר גלייך אַ לאָז געטאָן צום אַרויסגאַנג, אַזוי פרעמד
איז געווען פאַר זיי דאָס, וואָס זיי האָבן געזען. אָבער קלאַד, אַ
אימפּולסיווער מענטש, האָט אַ צעטומלטער פון דעם ערשטן איינ־
דרוק, ניט ווייסנדיק וואָס צו טאָן און וואָס צו זאָגן, פּלוצלונג אַ
געשריי געטאָן:

— העי, באַרק! טייוול!

ער האָט אַ געשריי געטאָן, אָבער ניט צוגעגאַנגען צו נאָענט.
און באַרק האָט זיך לאַנגזאַם אַ קער געטאָן צו די צוויי מענטשן,
אַ קער געטאָן זיך און געבליבן שטיין אַ בלייכער, מיט ברייט גע־
עפנטע אויגן, ניט גערירט פון אָרט. ער איז געווען בלייך, אָבער
דאָס איז ניט געווען די בלייכקייט פון אַ פּלוצלינגער שרעק פון אַ
פאַרברעכער, וועמען מ'האָט ערשט געכאַפּט פאַר דער האַנט. אויף
זיין פּנים איז געלעגן אַזאַ שרעק, וואָס איז נאָך פון פריער געווען
אויסגעלייגט אין יעדן רונצל אַפן שטערן און אין די ווינקלען פון
מויל. ווייל עס איז געווען אין זיין האַלטונג אַזאַ רואיקייט און
אַזאַ קאַלטקייט אין די אויגן, פונקט ווי דער מענטש וואָלט
מיט דעם שרעק אויף זיין געזיכט געבאָרן געוואָרן און וואָלט
מיט אים אַרומגעגאַנגען אַלע זיינע יאָרן צווישן מענטשן אַף דער
וועלט. ער האָט זיך פּלוצלינג איינגעבויגן, אויפגעהויבן פון דער

ערד א שטיק האָלץ, וואָס האָט זיך ווער ווייס וויפיל צייט ארומגעוואַלגערט אפן דיל, ארום די פיס פון די מאָדעלן, און א לאָז געטאָן זיך, מיט אָפענע אויסדרוקלאָזע אויגן, און מיט רציחה אין יעדן גליד, גלייך אף די צוויי צעטומלטע קאָסטומירער.

קלאָד האָט נאָך צייט געהאַט א געשריי צו טאָן:

— העי, באַרק, ביסט משוגע?

אָבער באַרק איז אַזוי זיכער און פארעקשנט געגאַנגען גלייך אף אים, אַז ער האָט זיך געמוזט אַ ריס טאָן פון אָרט און אין איילעניש אָפּטרעטן. דער געהילף איז אים כמעט נאָכגעלאָפן. באַרק האָט ניט פאַרשנעלערט זיינע טריט. ער איז זיי אָבער נאָכגעגאַנגען מיט אויגן פאַרלאָפענע מיט בלוטיקע אָדערלאַך. ער האָט זיך אָנגערוקט אף זיי, ווי א בלינדער. עס איז געווען שרעקלאַך צו קוקן אים אין די אויגן. דאָס שטיקל האָלץ אין זיין האַנט האָט איצט נעדראָט צו פּלעטן דעם מוח. האָבן זיך שוין די צוויי קאָסטומירער געמוזט אונטערגעבן דעם אייגענעם חיה'שן שרעק און ארויסלויפן, פאַררוקנדיק האַסטיק נאָך זיך די בלעכענע טיר. און ערשט ווען ביידע זיינען געווען אינדרויסן, האָבן זיי קוים אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם. קלאָד האָט קוים ארויסגערעדט:

— אָט אַ בעסטיע. ער איז זיכער משוגע. כ'האָב שוין לאַנג באַמערקט. ס'איז אַ געפאַר מיט אים צו ארבעטן.

דער געהילף האָט א בלייכער געשוויגן.

— וואָס טוט מען איצט, ווייס איך ניט. זאָל מען אפשר צונויפרופן די וועכטער און בינדן די בעסטיע? אָדער לאָזן דאָס פאַר מאָרגן?

דער געהילף האָט געזאָגט:

— מיסטער קלאָד, איך דיינק איר זאָלט אים אָפּלאָזן ביז מאָרגן, און מאָרגן וועט איר קאָנען אָפּגעבן אַ באַריכט צום גענעראַל־פאַרוואַלטער. איך וועל אויך עדות זאָגן. צום טייוול מיט אים!

זיי זיינען אָבער דאָך אוועק צו אייניקע וועכטער און האָבן זיי דערציילט, טיילווייז, וואָס עס האָט פּאַסירט. און אַלע האָבן שוין אַ לאַנגע צייט גערעדט וועגן באַרקן און דערציילט איינער דעם אַנדערן וועגן פאַרשיידענע פּאַטאָלאָגישע פאַלן אין לעבן פון

מענטשן, דערציילט, און ניט געקאָנט פאַרגעסן וואָס אָט איז באַרק אויך געווען אַ מאָדנער מענטש מיט מאָדנע געוואוינהייטן און קיינער האָט ניט פאַרדעכטיקט, כאָטש אַף אים איז געווען לייכט צו גלויבן. און קלאַר האָט טאַקע צוגעגעבן:

—כ'האָב שוין לאַנג געוואוסט, אַז ער איז אַ בעסטיע. איך האָב געזען ווי ער האָט איין נאַכט געשלאָגן די פיגור זיבן און פערציק. און דער טייוול ווייסט, פאַרוואָס ער האָט זי געשלאָגן. דאַכט זיך אַ מאָדעל, ווי אַלע מאָדעלן. אָט אַ בעסטיע!

אַלע האָבן הארציק געלאַכט, אוןביידע קאָסטומירער האָבן געפליט אין זיך אַ פרייד, וואָס זיי זיינען אָפּגעקומען בלויז מיט שרעק, ווייל עס האָט געקאָנט זיין פיל **ערגער**.

און אַזוי זיינען נאָך אַ ווײַלע געשטאַנען מענטשן און האָבן גערעדט וועגן נאָך אַ מענטשן, וואָס איז געווען איינגעשפּאַרט אין ווענט, גאָר נאָענט לעבן זיי, ווי וועגן אַ ווייטער, אומבאַקאַנטער באַשעפעניש, און זיינען זיך צעגאַנגען אין פאַרשיידענע זייטן מיט אומצוטרוי, בייזקייט און פאַרראַט אין זייערע הערצער.

## 20

און הינטער דער בלעכענער טיר איז דערווייל באַרק געשטאַנען אַ ווילדער. געשטאַנען לאַנג און ניט גערירט זיך פון אָרט, פונקט ווי ער וואָלט געקומען צו אַן אומגעהויער הויכער וואַנט, וועלכע עס איז ניט געווען קיין מעגלאַכקייט אריבערצושטייגן. אין זיין האַנט האָט ער נאָך געהאַלטן דאָס שטיקל האָלץ, מיט וועלכן ער האָט געוואָלט שלאָגן די צוויי קאָסטומירער. אָבער ער האָט פון דעם ניט געוואוסט. זיינע אויגן זיינען שוין געפאַלן אויף אַ קליינער קאַן מיט גאַזאָלין, וואָס איז געשטאַנען אַפן וואַרשטאַט, און אַף אַנדערע כעמישע שטאָפן, וועלכע ער האָט באַנוצט פאַר דער אַרבעט, אַזעלכע שטאָפן, וואָס האָבן געקאָנט דורך דעם קלענסטן פונק פאַראורזאַכן אַ גרויסן פייער. אונטערן וואַרשטאַט, אין אַ קעסטעלע זיינען געווען אָנגעשטופּט אַלטע שמאַטעס, מיט וועלכע באַרק האָט געווישט זיינע אויליקע הענט. אַלץ האָט געקאָנט זיין וויכטיקער ברען־מאַטעריאַל. און ווי באַרק האָט נאָר וועגן דעם אַ טראַכט געטאָן,

איז אַלץ גלייך קלאָר געוואָרן. די אויפרעגונג אין זיין ברוסט איז גלייך פאַריבער. אין האַרץ האָט גענומען אַריינשטראָמען אַ פרייד, אַזאַ פרייד איז דאָס געווען וואָס איז פון זיך אַליין געוואַקסן און געוואַקסן. און עס איז פון דעם געווען אַזאַ געפיל, ווי באַרק וואָלט געפונען עפּעס וואָס ער האָט שוין לאַנג פאַרלאָרן.

און ווידער האָט באַרק דערזען די גאַנצע שטאָט אין פלאַמען. פאַר די אויגן איז שוין קיין זאַך ניט געווען, אחוץ אָט די פלאַמען, וואָס האָבן זיך געהויבן פון אַלע זייטן. און אַזוי גרויס איז געווען די וויזיע פון פלאַמען, אַז ווען ער האָט אַ וואָרף געטאָן זיין בליק אויף די, אין רייען צעשטעלטע, מאָדעלן, האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז זיי זיינען אַרומגעכאַפּט מיט פלאַמען. און עס האָט גענומען אַ היבשע רגע ביז ער האָט געקאָנט פאַרטרייבן פון זיינע אויגן די שטייגנדיקע פלאַמען.

נאָכדעם איז ער צוגעגאַנגען צום וואַרשטאַט און גענומען קאַלט און אויסגערעכנט צוגרייטן די ברעון־מאַטעריאַלן. דאָס זיינען שטענדיק געווען נויטיקע האַנט־מאַטעריאַלן פאַר זיין אַרבעט, און איצט האָבן זיי פּלוצלונג און עפּעס ווי אויף אַלע מאָל פאַרלאָרן זייער אָנגעהעריקייט צו זיין מלאכה און זיינען געוואָרן אַ וואָפן, אַ רייצנדיק וואָפן.

באַרק האָט אַ קוק געטאָן אויפן זייגער. עס איז נאָך ניט געווען קיין צוויי אַזייגער, ס'איז נאָך געווען צו פרי, און באַרק איז ניט געווען זיכער צי די צוויי קאָסטומירער זיינען שוין אוועק. האָט מען באַדאַרפט זיין פאָרזיכטיק און געדולדיק. האָט זיך באַרק אוועקגעזעצט אויף זיין שטול, לעבן וואַרשטאַט, אַריינגעצויגן אין זיך דעם קאָפּ, ווי אַ דרעמלענדיקע חיה, און פאַרזונקען אין אַ פאַר־געסונג, ניט געפילט די ווירקלאַכקייט אַרום זיך, ניט געפילט די צייט, פונקט ווי ער וואָלט איינגעשלאָפן. אָבער ווען עס איז גע־קומען די צייט דורכצופירן דעם פּלאַן, האָט ער זיך אויפגעהויבן פון אָרט און זיך גלייך גענומען איילן.

פריער האָט ער דורכגעווייקט מיט גאַזאָלין עטלאַכע שמאַטעס. נאָכדעם האָט ער אָנגעגאָסן עטלאַכע פלעשלאַך מיט אָט דער פלי־סיקייט און מיט דעם אַלעם אָנגעפילט זיינע קעשענעס. ער האָט

דאָס געטאָן איילנדיק, ניט ארומקוקנדיק זיך, געהיט זיך א קוק צו טאָן אף די מאָדעלן, אזוי ווי ער וואָלט זיך געשראָקן צו באגעגענען א קעגנערישקייט אין זייערע רייען. און ערשט ווען ער איז מיט די פאָרבארייטונגען פארטיק געוואָרן, האָט ער פאָרזיכטיק אָפּגערוקט די טיר און איז אריין אין דער האלב־באַלויכטענער סטאָר־אָפּטיילונג. אפן ערשטן שטאָק, וואו עס זיינען שלעפעריק געשטאַנען די לאנגע קאַנטאָרס, איבערגעדעקטע מיט געלבלאכן לייוונט. בארק איז פאר־בייגעגאַנגען עטלאכע קאַנטאָרס און זיך געלאָזט גיין מיטן לאנגן דורכגאַנג, וואָס האָט געפירט צו די באוועגלאכע טרעפּ צום צווייטן שטאָק. דאָ האָט בארק זיך אָנגעטראָפן מיט איינעם פון די וועכטער. יענער האָט אים באגריסט מיט א האלבן מויל און שוין דאָס מאָל פארדעכטיקט באַגלייט זיינע טריט. אָבער בארק האָט זיך אף אים ניט אומגעקוקט, געגאַנגען מיט זיכערע טריט, ווי אויספירנדיק א וויכטיקע שליחות, מיט די טרעפּ וואָס זיינען איצט געשטאַנען אומבאוועגלאך, גלייך צום צווייטן שטאָק.

אפן צווייטן שטאָק האָט בארק געוואוסט פון א ווינקל, וואָס איז אין די נעכט כמעט אינגאַנצן פינצטער געווען. דאָ איז לייכטער געווען אָנצוהייבן א פייער. און אז ער האָט דערגרייכט דעם פּלאַץ, ערשט דאַן האָט זיך בארק א ווייל אָפּגעשטעלט אין א קורצער פארלעגנהייט. עס איז אין אים ניט געווען קיין שרעק, אָבער אין הארצן איז דאָך געווען א מאָדנע אנגענעמע שרעקעדיקייט, פּונקט ווי בא א קינד, וואָס קלייבט זיך אָפּצוטאָן א שפּיצל. אָבער דאָס האָט געדויערט א קליינע ווײַלע, ווייל באלד איז אָנגעקומען א זאָרג פאר דעם פולן דערפאָלג פון דער אונטערנעמונג. ער האָט זיך ווידער גענומען איילן.

דאָ איז אויפן גרויסן קאַנטער געווען אָנגעלייגט א הרודע קינ־דערשע שפּילצייג, געמאַכטע פון האָלץ, קאַרדאָן, וואקס און פּאַפּיר־מאשע, וואָס האָט זיך לייכט געקאָנט אָנצינדן און פאראורזאַכן א פייער אין דער קורצסטער צייט. מען האָט נאָר געדאַרפט פארבינדן עטלאַכע קאַנטאָרן, אז זיי זאָלן זיך אויך אָנצינדן. דאָס איז אויך ניט געווען שווער. מ'האָט בלויז באדאַרפט אראָפּציען איין ברעג פונם לייוונט, וואָס האָט צוגעדעקט א קאַנטער, באשפּריצן אים מיט

גאַזאָלין, פאַרבינדן אים מיטן קאַנטער, וואָס ווערט אונטערצונדן און דער פייער וועט שוין מיט שנעלקייט, ווי אויף אַ גלאַטן וועג, אין איין רגע, דערלויפן צו די וואָרעם און אויפפלאַמען זיי. און באַרק האָט אַף אַזאַ אופן טאַקע פאַרבונדן צווישן זיך עטלאַכע קאַנטערס און אַז אַלץ איז געווען פאַרטיק, אָנגעהויבן אונטערצינדן. די ערשטע שוועבעלע האָט זשיפּעטיק אויפגעפלאַמט אין דער שטילער לײדיקייט פון דער גרויסער געביידע. או מאָדנע, ווי קליין דאָס פּלעמל איז געווען, האָט עס דאָך באַלויכטן אַ היבשן שטח, פּונקט ווי דאָס וואָלט ניט געווען קיין איינציק שוועבעלע, נאָר אַ לאָמפּ, וואָס מ׳האָט פּלוצלונג אָנגעצונדן. דאָס האָט באַרקן איין ביסעלע דערשראָקן. ער האָט זיך פאָרזיכטיק אַרומגעקוקט. קיינער איז אַרום ניט געווען. די ערשטע שוועבעלע האָט זיך פון זיך אַליין אויסגעלאָשן. באַרק האָט געמוזט אָנצינדן אַ צווייטע, וועלכע האָט פּלוצלונג אַרומגעכאַפּט דעם ברען מאַטעריאַל און גלייך באַגאָסן דעם גאַנצן שטאָק מיט אַ בלענדנדיקן ליכט, פּונקט ווי טויזנטער לאָמפּן וואָלטן זיך מיט אַמאָל אָנגעצונדן. אַ שטאַרקער פלאַם האָט אַ שפּאַר געטאָן באַרקן אין די אויגן אריין. ער האָט זיך אינסטינקטיוו אַ רוק געטאָן אַף צוריק, איינגעהויקערט זיך אַף אַ ווײלע אין אַ ווינקל און שוין מיט אַ מאָדנעם, פרייגעלאָזענעם אימפּעט, אַ לאָז געטאָן זיך לויפן איבער טרעפּ צום דריטן שטאָק. אַזאַ לייכטקייט איז געווען אין די פיס און אין יעדן אבר און אַזאַ פרייד אין האַרצן, אַז דאָס ביסעלע פאָרזיכטיקייט, וואָס האָט אים ביז איצט געפירט, איז פּלוצלונג און מיט אַמאָל פאַרשוואונדן. ער איז נאָך אָבער געווען אויף די טרעפּ, ווען ער האָט דערהערט אַן עלעקטרישן געקלאַנג אין אַלע ווינקעלאַך פון דער ריזיקער געביידע. אומעטום האָט זיך געריסן אַ דערשראָקענער געקלאַנג, אונטן און אויבן, געשריען און גערופן מיט באַנומענע קולות, ביז אַ הייזעריקייט, וואָס האָט זיך ניט איבערגעריסן. און באַרקן האָט זיך איין רגע געדוכט, אַז אין אים אַליין זיינען אויפגעוועקט געוואָרען אָט די הייזעריקע עלעקטרישע קלאַנגען. און דאָס האָט אים אַף אַ ווײלע צעטומלט. עס איז שוין ניט געווען מער קיין פּלאַן אין זיין אַרבעט. ער איז צוגעלאָפן צום ערשטן, נאָענטסטן קאַנטער, איינגעבויגן זיך און גענומען באַגיסן

די וואָרעס מיט גאַזאָלין, אונטערגעצונדן, און שנעל אָפּגעטראָטן. און ווידער איז געווען אַ בלענדנדיקע ליכטיקייט און ווידער איז אַ גרויסער שטח באַלויכטן געוואָרן מיט פלאַמען.

אין די אויערן האָבן עקשנות׳דיק געקלונגען די עלעקטרישע גלעקלאַך. פון אונטן האָבן זיך דערטראָגן איינצלנע מענטשלאַכע שטימען און אַ גערודער פון קייקלענדיקע רעדער איבערן דיל. דאָס האָבן שוין מענטשן געשלעפּט די לעש־מאַטעריאַלן, איבערגעשריען זיך מיט שטימען. אָבער דאָס אַלץ איז באַרקן פאַרגעקומען צו זיין זייער ווייט. ער האָט זיך צוגעטולעט אין אַ ווינקל און צוגעהערט זיך. צום ערשטן מאָל דערפילט דאָס שטאַרקע קלאַפּן פון זיין האַרצן, און ער האָט ניט געוואוסט פון וואָס דאָס איז: פון שנעלן לויפן איבער די טרעפּ, צי פון שרעק. ער האָט פאַרלאָרן דעם קאָנטראָל פון אייגענעם ווילן און די מאָס פון צייט, און שטח. דאָס וואָס איז געווען אַרום אים האָט זיך אויסגעדוכט צו זיין זייער ווייט און דאָס,, וואָס איז געווען איצט, איז געווען לאַנג, לאַנג צוריק און באַרק האָט עס קוים געקאָנט באַנעמען מיט זיין זכרון.

עס איז בלויז געווען מערקווירדיק, וואָס עפּעס האָט אים נאָך געצוואונגען אַריבערלויפן צו אַ ווייטערן קאַנטער און ווידער אונטערצינדן. אָבער דאָס מאָל זיינען שוין די פינגער געווען ווי הילצערנע און דער גאַנצער קערפּער איז געווען געשמידט אין אַ מאָדנער אַפּאַטישקייט, אין אַזאַ מידקייט, וואָס האָט מיט וואַרעמע כוואַליעס געשטראָמט פון די שפּיץ־פינגער, איבערן האַרצן, צו די געהירן. די שוועבעלע האָט זיך אָנגעצונדן און גלייך אויסגעלאָשן געוואָרן. אַ צווייטע האָט זיך בשום אופן ניט געוואָלט אָנצינדן. אַזוי האָבן זיינע הענט געציטערט.

אין דער רגע האָט עפּעס שווערס אַ זעץ געטאָן אים איבערן קאָפּ. אַזוי פּלוצלונג איז געקומען דער קלאַפּ און אַזוי שרעקלאַך ווייטאָקדיק האָט ער אויפגעטרייסלט זיין מאַרך, אַז באַרק האָט ניט געקאָנט באַגרייפן פון וואַנען ער איז געקומען, פון דרויסן, צי פון אינווייניק. ער איז נעפאַלן אָן אַ זייט, און דאָס פאַלן האָט געדרייערט אַ גאַנצע אייביקייט, און ווען ער האָט אויפגעעפנט די אויגן האָט ער דערזען אַזאַ רויטע ליכטיקייט, וואָס האָט זיך גע־

כוואַליעס איבער ווענט און איבער באַלקן און אַ ריזיקע געשטאַלט אין רויטן, וואָס האָט איבער אים געטאָן עפּעס שרעקלאַכס.

באַרק האָט זיך ניט געוועהרט. אונטערגעגעבן זיך הכנאה׳דיק, ווי אן אייגענעם שיקזאַל, און נאָר געדולדיק געוואַרט ביז עס וועלן פאַרשווינדן פאַר די אויגן די פייערדיקע כוואַליעס און עס וועלן אויפהערן צו רייסן זיינע אויערן די ווייטאַקדיקע עלעקטרישע גלעקלאַך. אָבער עס האָבן ניט אויפגעהערט די גלעקער און עס זיינען ניט פאַרשוואונדן די פלאַמען און פאַר די ברענענדיקע אויגן איז געשטיגן אַ מערקווירדיקע זעאונג: פון אונטן אַרויף, ווי פון אויפגעעפנטע אָפּגרונטן, זיינען געשטיגן אומצאָליקע געשטאַלטן פון מאָדעל־פיגורן, ארומגעכאַפּטע אין פלאַמען, און איבער אַלעמען האָט געפלאַמט, ווי אַ לעבעדיקער, דער שטאָלצער קאָפּ פון דער מאָדעל זעקס־און־צוואַנציק.

# די שלאַנג

לאָזט מיר אייך דערציילן: —

עס טרעפן מאָדנע באַגעגענישן. אומדערוואַרטעטע, רעגן זיי אויף אויף שטענדיק, און מ׳קען זיי שוין ניט פאַרגעסן, מ׳קען ניט אָפּטרייבן דעם קלאַנג פון ווערטער, דעם אויסדרוק פון אויגן, דאָס פאַרעקשנטע רעדן פון הענט און פון איינגעהאַלטענע, ניט אויסגעשפּראָכענע זשעסטן.

איך בין אַן איינזאַמער מענטש. שוין אַ סך יאָרן אַז איך וואוין אויף אַ ווייטער פאָרוואָרפּענער גאַס, כמעט אַרויס פון שטאָט, דאָרט, וואו עס ענדיקן זיך די גאַסן און וואו עס הייבן זיך אָן די קראַנקע, צעטראָטענע, ניט באַאַרבעטע און פאַרלאָזטע פעלדער, הוילע בערגלאַך מיט צעוואָרפענע, ווי צופעליק אויפגעשלאָגענע, הייזלאַך פון פאַרשיידענע מינים בעטלער, אָרימע אַרבעטער און גלאַט מענטשן מיט אומבאַשטימטע באַשעפטיקונגען און טונקעלע שיקזאַלן.

יעדן אָוונט האָב איך ליב אַרויסצוגיין שפּאַצירן. עס איז שוין ביי מיר געוואָרן אַ געוואוינהייט. און עס קומט אויס שטענדיק אַזוי, ווי איך וואָלט יעדן אָוונט געגאַנגען באַגעגענען די אָנקומענדיקע נאַכט. איך גיי אַרויס באַלד ווי די זון זעצט זיך הינטער די בערגלאַך און קער זיך אום צוריק ווען עס איז שוין שטאַרק פינסטער. אַז איך קום פון אַזאַ שפּאַציר בין איך מונטער און האָב קיין מורא ניט צו בלייבן אַליין מיט דער נאַכט.

אָט אַזוי בין איך איינמאָל אַרויסגעגאַנגען שפּאַצירן. עס איז געווען זייער אַ שטילער אָוונט. איך בין געגאַנגען איבער דעם וועג, צווישן די לעצטע שיטער־צעוואָרפענע שטיבלאַך, וואָס זעען אויס אין דער אָוונטלאַכער האַלב־פינסטערניש, אויף די טונקעלע בערגלאַך, ווי שווארצע פלעקן אויף אַ טונקל־גרויען געוועב. מיינע

גלידער זיינען געווען איינגעטונקט אין רואיקן שווייגן. איך האָב געלעבט אין שווייגן. געגאַנגען מיט געמאָסטענע טריט, ניט גע־איילט זיך, און ניט געוואָלט אין ערגעץ גרייכן, און נאָר געטראַכט מיינע אייגענע, באַלד פאַרגעסענע, געדאַנקען און טראַכטונגען.

די נאַכט איז שטיל געגאַנגען אַנטקעגן — פון די ברייטע פעלדער, פון די ווייטע אומעטיקע שליאַכן, פון הויכע בערג און טונקעלע וועלדער, געגאַנגען, אַ מוראַדיקע, אַן אומפאַרמיידלאַכע.

און פּלוצלונג האָב איך פאַר זיך דערזען אַ פרוי. אַ געקליי־דעטע אין שוואַרצן, איז זי עפּעס ווי פון דער נאַכט אַרויסגעבאָרן געוואָרן. מיין האַרץ איז אין מיר אויף אַ רגע אויפגעשראָקן גע־וואָרן, און גלייך נאָך דעם האָב איך אין זיך דערפילט אַ פרייד, אַזוי ווי איך וואָלט נאָך אַ לאַנגן בענקען באַגעגנט אַ נאָענטן, אַן אומערוואַרטעטן. איך האָב אפשר אַ שמייכל געטאָן איר אַנט־קעגן. אפשר האָב איך זיך פאַר איר פאַרנויגט און אפשר האָב איך גאָר געזאָגט אַ וואָרט. איך געדענק ניט. איך האָב אפנים גלייך פאַרגעסן. עפּעס אַזוינס האָט דאָך געמוזט פּאַסירן, ווייל זי האָט זיך האַלב אָפּגעשטעלט און מאָדנע, דורך דער פינסטערניש, אַריינ־געקוקט מיר אין די אויגן אַריין, טיף, טיף.

האָב איך שוין פּשוט געזאָגט:

— גוטן אָוונט. אַ שיינער אָוונט...

זי האָט ניט געענטפערט. אָפּגעשטעלט זיך נאָענט לעבן מיר, און האָט מאָדנע געשוויגן. אַביסל פאַרעקשנט געשוויגן. איך האָב געוואַרט. ענדלאַך האָט זי מיט אַ טעמפּקייט אין קול געזאָגט:

— מיין מאַן איז פון מיר אַוועק.

איך האָב געשוויגן, און זי האָט אָפּגעוואַרט אַ רגע און צוגעגעבן:

— אויפגעשטאַנען, אָנגעטאָן ס'היטל און אַוועק.

פאַר מיינע אויגן איז געשטאַנען אַ קאַלטער, אומבאַוועג־לאַכער סילועט. איך האָב ניט געהאַט וואָס צו זאָגן, האָב איך בלויז אַ פרעג געטאָן:

— האָט ער גאָר ניט געזאָגט וואוהין ער גייט?

— ניין. האָט נאָר אַ שפּיי געטאָן, און געזאָגט: שלאַנג!

## די שלאַנג

— שלאַנג?

— יע, שלאַנג. ער האָט מיך גערופן שלאַנג... און איצט בין איך אַליין אין הויז. איינע אַליין. כ׳בין אַ גאַנצן טאָג געווען אין שטאָט, און איצט האָב איך מורא צו גיין אַהיים. געגאַנגען און אומגעקערט זיך...

זי איז אַ ווײַלע געשטאַנען פאַרלאָרן, אָבער קאַלט. געוואָלט עפּעס זאָגן, און געוואַרט. און ערשט אין עטלאַכע רגעס אַרום געזאָגט:

— איך בעט אײַך, קומט מיט מיר. קומט בלויז אַרויף. איך וועל אָנצינדן ליכט אין הויז, און איך וועל שוין נישט מורא האָבן, און איר וועט דאַן קענען אַוועקגיין. — — —

איך ווייס ניט, אפשר דערפאַר וואָס איך האָב ניט גלייך אויסגעדריקט מײַן גרייטקייט צו גיין מיט איר, אָדער זי האָט ניט דערפילט אין מיר קיין צוטרוי, אָבער זי האָט מיט אַ מאָדנער היציקייט און מיט אַזאַ ענדערונג אין איר קול אָנגעהייבן מיך אײַנצורעדן:

— בלויז ביז איך וועל אָנצינדן ליכט. עס איז בײַ מיר אַזוי פינצטער! לאָזט מיך ניט נעבעכיקן אויף דער גאַס. איך בעט אײַך! מײַן הויז איז נישט ווייט. איר זעט? דאָרטן, אויפן בערגל. פינף מינוטן גאַנג.

איך האָב אַ קוק געטאָן אין דער ריכטונג, וואוהין זי האָט אָנגעוויזן מיטן פינגער. עס איז דאָרט געווען פינסטער, נאָר אויבן, צווישן ערד און הימל, איז ווי איבער אַ טונקעלן אָפּגרונט, גע־האַנגען אַ שטיבל.

אין אַלע שטיבלאַך אַרום האָט שוין געברענט ליכט. פענסטער האָבן, ווי אויגן, אַרויסגעקוקט צו פעלדער, נאָר אין איר שטיבל, אויפן באַרג, איז ניט געווען קיין ליכט. אַ ווײַטקייט, אַ פינ־סטערניש האָט באַגעגנט מײַן בליק.

איך האָב צוגעשטימט. מיר האָבן זיך געלאָזט גיין. מיר האָבן זיך באַדאַרפט אַ קער טאָן רעכטס און גיין דעם גאַנצן וועג איבער אַ שמאָלן, דרייענדיקן שטעגל, וואָס האָט געפירט צו איר שטיבל. זי איז געגאַנגען פאָראויס, און איך בין איר נאָכגעגאַנגען. מיר

האָבן ניט ארויסגערעדט קיין וואָרט. לעבן שטיבל האָט זי זיך איינגעבויגן, אַ שאַר געטאָן אונטערן שוועל און ארויסבאַקומען אַ שליסל. און ווען די טיר האָט זיך געעפנט האָט אַ שפּאַר געטאָן צו אונז אַנטקעגן אַ געדיכטע פינסטערניש.

זי האָט געזאָגט:

— וואַרט צו אַ רגע. איך וועל אָנצינדן ליכט.

און זי האָט זיך גענומען אויפזוכן, פריער די שוועבעלאַך און נאָכדעם דעם גאַז־רער אין דער וואַנט. עס האָט געדויערט עטלאַכע מינוטן. און עס איז געווען אַזוי ווי איך וואָלט זיך מיט דער אומבאַקאַנטער פרוי געגרייט, אין דער פינסטערניש, אינם קליינעם שטיבל, צו עפּעס אַ געהיימנים, אָדער צו אַ פאַרברעכן. אַזוי מאָדנע סודותדיק און אויסערגעוויינלאַך איז אַלץ געווען אַרום. ענדלאַך האָט זיך אָנגעצונדן דער גאַז־רער. אַ קליין פלעמל האָט מיטן געלן צינגל אָנגעהויבן וואַרפן אַ ציטערדיק ליכט אויף די טונקעלע ווענט. איך האָב פאַר זיך דערזען אַן אָרימע אויסשטאַטונג. אַרום איז געווען בלויז אָרימקייט: אַלט, צעבראָכן מעבל, אַלטוואַרג אומעטום. שמאָטעס. אומעט און עלנט. פרעמדקייט.

זי האָט, ניט קוקנדיק אויף מיר, געבעטן מיך זיצן און אַליין האָט זי זיך, אין איילעניש, גענומען צומאַכן די אינוויייניקסטע לאָדן. זי האָט אויך ניט פאַרגעסן צו פאַרריגלען די טיר. און ערשט ווען איך האָב זיך שוין אַוועקגעזעצט אויפן ברעג פון דער אַלטער קאַנאַפּע האָב איך צום ערשטן מאָל דערזען איר פּנים. אין ליכט פון גאַז האָט זי אויסגעזען גאָר אַנדערש ווי איך האָב זיך זי פאָרגעשטעלט. זי איז נאָך געווען גאָר אַ יונגע פרוי. ניט מער פון דרייסיק. זי איז ניט געווען שיין, אָבער אירע אויגן, די שוואַרצע געדיכטע האָר, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן מיט געדיכטע כוואַליעס, עפּעס ווי פון מיטן שטערן, און די שיין אויסגעלייגטע ברעמען האָבן איר פּנים אַזוי געפּאַסט, אַז אין מיר האָט אַ ציטער געטאָן ס׳האַרץ, ווי שטענדיק, ווען איך דערזע אַ פרוי, וואָס געפעלט מיר פון דעם ערשטן בליק. יע, זי האָט פאַרמאָגט אַן אינטערעסאַנט פּנים. אַ רייצנדיק פּנים.

אַז זי איז פּאַרטיק געוואָרן מיט דער אַרבעט האָט זי זיך אָוועקגעזעצט לעבן מיר און האָט שוין, גאָר מיט אַן אַנדער טאָן, אַזוי ווי זי וואָלט מיך שוין פון לאַנג און גאַנץ נאָענט געקענט, געזאָגט:

— איר זייט מסתמא מיד. זיצט מיט מיר. מיר וועלן שוין האָבן פון וואָס צו ריידן. איך בין ניט אַזאַ ווי איך קען זיך אַרויס־ווייזן אויפן ערשטן מאָמענט. אָדער אפשר זייט איר אַ פאַר־הייראַטער מענטש?

איך האָב איר געזאָגט. איר געזיכט האָט אויסגעדריקט צור־פרידנקייט. זי האָט צו מיר פריינטלאַך אַ שמייכל געטאָן.

— נאָך ניט פאַרהייראַט? און איך האָב געמיינט... זייט איר, הייסט עס, אַזוי ווי איך איצט — אַן עלנטער. אָך, איז שווער צו זיין אַליין! איר וועט מיר ניט גלויבן, אָבער אַז איך וואָלט אייך היינט ניט באַגעגנט וואָלט איך זיכער באַגאַנגען זעלבסט־מאָרד. ווי קען אַ מענטש לעבן אויף דער וועלט אַליין?

איך האָב אַ שמייכל געטאָן און געזאָגט:

— אָט לעב איך דאָך. און שוין אַ היבש ביסל יאָרן.

— און איר בענקט גאָר ניט נאָך קיינעם?

— נאָך וועמען זאָל איך בענקען, אַז איך האָב ניט קיינעם אויף דער וועלט?

— גאָר קיינעם ניט?

— קיינעם ניט.

— און מיין מאַן איז ערשט נעכטן אַוועק, און איך ווייס גאָר ניט ווי איך וועל קענען לעבן.

— איר האָט אייער מאַן זייער ליב געהאַט?

— ניין. פיינט געהאַט. ער מיך און איך — אים. ער וועט נאָך קומען, און מיך דערהאַרגענען. מיט אַ שטעקן. יע. מיט אַ שטעקן. ער פלעגט אַלע מאָל זאָגן: „דו ביסט אַ שלאַנג. מ׳דאַרף דיך דער׳הרג׳ענען מיט אַ שטעקן. מיט אַ שטעקן איבערן קאָפּ.“

— מאָדנע.

— און נאָך פלעגט ער זאָגן: „מ׳דאַרף דיך הרג׳ענען ביי־נאַכט. בייטאָג, אַז מען הרג׳עט אַ שלאַנג לעבט איר קערפער ביז

זונען־אונטערגאַנג. ביסט אַ גיפטיקע שלאַנג! אַ, שלאַנג!" און ער פלעגט מיך אַ שטויס טאָן מיטן פוס.

— אַט אַזוי האָט ער צו אייך גערעדט?

— יע. אַט אַזוי האָט ער צו מיר אַלע מאָל גערעדט. און איצט, אַז ער איז אַוועק, האָב איך מורא. ער וועט קומען און וועט מיך דער׳הרג׳ענען. ער וועט זיכער קומען, מיט אַ שטעקן.

איך האָב זי פרובירט טרייסטן:

— ער וועט אפשר ניט צוריקקומען.

— אָ, ער וועט שוין קומען! איך קאָן אים. ער קען אָן מיר ניט לעבן. נאָך היינט ביינאַכט וועט ער קומען. מיט אַ שטעקן. ניין, ער קען אָן מיר ניט לעבן.

— אַז ער קען ניט, וועט ער אייך קיין שלעכטס ניט טאָן.

— אָ, איר קאָנט אים ניט! ער קען ניט לעבן, אָבער ער וועט מיך דער׳הרג׳ענען. מיט אַ שטעקן. אַט אַזאַ איז ער שוין, מיין מאַן.

איך האָב געזאָגט:

— און איצט, אַז אייער מאַן וועט קומען און געפינען מיך ביי אייך — וועט זיין גאָר שלעכט. דאָס וועט אים אריינברענגען נאָך אין אַ גרעסערן כעס אויף אייך. עס קען נאָך אויף אַן אמת ווערן ערגער.

זי האָט פאַרדעכטיק אַ קוק געטאָן אויף מיר:

— איר ווילט אַוועקגיין? איך בעט אייך, גייט ניט אַוועק. איך האָב מורא. איך האָב מורא צו בלייבן אַליין. איך זאָג אייך, ער וועט זיכער קומען. מיט אַ שטעקן וועט ער קומען. אָבער איר באַדאַרפט ניט מורא האָבן. איך וועל אים דערקלערן. ווי ער וועט נאָר אריבערטרעטן די שוועל וועל איך אים דערקלערן. ער וועט פאַרשטיין. ער ווייס אַלץ. ער וועט זיך אפילו ניט וואונדערן. ער איז שוין אַזאַ, מיין מאַן.

זי האָט מיך אָנגענומען פאַר אַ האַנט און האָט אַזוי מאָדנע, מיט געבעט און נאָך מער, מיט באַפעל, אַ קוק געטאָן מיר אין די אויגן אריין.

— איר וועט דאָך ניט לאָזן אַ פרוי איינע אַליין אומבאַשיצט, נאָכדעם ווי איך האָב אייך אַלץ, אַלץ דערציילט, ווי אַ ברודער. איך בעט אייך, בלייבט מיט מיר.

איך בין פאַרבליבן. איך האָב שוין קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט. איך האָב געפרעגט:

— און ווי לאַנג זייט איר געווען פאַרהייראַט?

— פינף יאָר.

— און קיין קינדער האָט איר מיט אים ניט געהאַט?

— ניין. צו וואָס? מיר האָבן פיינט געהאַט איינער דעם אַנדערן, ווי סם. קינדער דאַרף מען האָבן ווען מ'האָט ליב. אַז מ'האָט ניט ליב דאַרף מען קיין קינדער ניט האָבן. איך האָב אפילו קיין בלומען ניט פאַרזייט אַרום מיין הויז. דערפאַר וואָס עס איז ניט געווען קיין ליבע. בלויז אַ גאָרטן מיט קרייטאַכער. צום עסן. מ'איז דאָך ניט רייך. עסן דאַרף מען דאָך. אָבער קינדער? ניין, ניט גענוג ליבע און צופיל האַס.

— צו וואָס זשע לעבן אין איינעם? צעשיידט מען זיך.

זי האָט זיך מאָדנע פאַנאַנדערגעלאַכט:

— אָט אַזוי רעדן שוין אַלע ניט פאַרהייראַטע. פּרואווט הייראַטן, וועט איר אַנדערש ריידן. אייניקע לעבן אינאיינעם, ווייל מ'האָט ליב און אַנדערע — ווייל מ'האָט פיינט. אָט אַזוי איז אין פאַרהייראַטן לעבן. מיר האָבן איינער דעם אַנדערן זייער פיינט געהאַט. אָך, האָבן מיר פיינט געהאַט! מיר האָבן זיך שטענדיק געקריגט: — ביים עסן, ביים שפּאַצירן, ביים שלאָפן — יום־טוב און אינדערוואָכן. אַלע מאָל געקריגט זיך, געזידלט זיך מיט די ערגסטע ווערטער, און אַז מיר האָבן געשוויגן — איז געווען נאָך ערגער. יעמאָלט האָבן מיר געשטאָכן איינער דעם אַנדערן מיט דעם בליק פון אונזערע אויגן. מיר האָבן ניט געקענט פאַרטראָגן איינער דעם אַנדערן. ס'איז שרעקלאָך, ווי מיר האָבן זיך פיינט געהאַט. ניין. איר וועט עס ניט פאַרשטיין!...

זי האָט פון טיפער, איינגעהאַלטענער אויפרעגונג איבערגע־כאַפּט דעם אָטעם און טיף אַ זיפץ געטאָן.

— יע. אָבער צושיידן האָבן מיר זיך ניט געקענט. געוואָלט אפּנים אַלץ מער פיינט האָבן, מער סמען און זויגן דאָס בלוט איי־נער פון דעם אַנדערן. און נעכטן, אַז ער איז אַוועק, האָט מיך גע־וואונדערט: ער זאָל אַוועק? אָבער איך גלויב ניט: ער וועט קומען. לעבן ווייטער אין איינעם, אָדער מאַכן אַ סוף צו מיר, מיט אַ שטעקן.

און אַז זי האָט דאָס געזאָגט איז זי געבליבן זיצן אומבאַוועג־לאַך, אַ קאַלטע, אָן מורא, אָן רעגונג, פּונקט ווי זי וואָלט ערשט דערציילט אַן אַלטע, שוין פאַרגאַנגענע געשיכטע. כ'האָב געפרעגט:

— און וואָס איז זיין באַשעפטיקונג?

— ארבעט אין אַן אייזן גיסעריי. האָט אָבער ווייניק גע־אַרבעט. איז אַ פוילער. ער פלעגט זאָגן: „כ'וויל ניט אַרבעטן שווער. כ'וויל ניט פאַרלירן קיין טראָפּן פון מיין שווייס פאַר דיר, פאַר דער גיפטיקער שלאַנג. וויפיל איך אַרבעט איז צופיל." און ער פלעגט טאַקע ווייניק אַרבעטן. פלעגט זיצן און נאָגן מיך, דער שפּין.

— האָט איר זיך נאָכגעפרעגט אין דער גיסעריי?

— געפרעגט, ווי דען זשע? ניין, ער איז דאָרט היינט ניט געווען.

— נו, איז ער מסתמא אַוועק פון שטאָט און וועט זיך שוין מער ניט צוריקקערן. ער האָט אייך פאַרלאָזן אויף אַלע מאָל.

זי האָט אַ בייזן שמייכל געטאָן:

— ניין. ער וועט מיך אַזוי ניט פאַרלאָזן. ער וועט קומען. איר קאָנט אים ניט.

זי האָט אויפגעהערט צו ריידן. איז געבליבן זיצן מיט צו־נויפגעלייגטע הענט אויף די קני און אַראָפּגעלאָזטע אויגן. זי האָט פון עפּעס געטראַכט. אפשר פון דעם מאַן. און אפשר וועגן איר מאָדנער לאַגע, זיצנדיק מיט אַ פרעמדן מענטשן און וואַרטנדיק, דורך דער נאַכט, אויף דעם מאַן מיט אַ שטעקן.

איך האָב אַ קוק געטאָן איר אין די אויגן. אין זיי איז געווען בלויז סוד. אַרום די ליפּן איז געלעגן אַ בייזער שמייכל און איבערן גאַנצן פּנים איז געווען אויסגעשפּרייט אַ בלייכקייט. אַ בייזע

בלייכקייט. פּונקט ווי זי וואָלט זיך ערשט דערשראָקן, און וואָלט מיט אַ קאַלטער גלייכגילטיגקייט איינגעהאַלטן אין זיך דעם שרעק. געוואָלט זיין רואיק און בייז. כ'האָב אַ טראַכט געטאָן: — „אַ שלאַנג!“ — און שוין מער ניט געקענט פאַרפירן מיט איר קיין געשפּרעך. מיר האָבןביידע געשוויגן. אַ פרעמדקייט האָט אָנגעפילט דעם שטח צווישן מיר און איר. איך בין איצט שוין אויך זיכער געווען, אַז דער מאַן וועט קומען. איך האָב אַ טראַכט געטאָן: ער וועט קומען, און מיט איין שטעקן אונז ביידן דער'הרג'ענען. און עס איז געווען מאָדנע וואָס פון דעם איז ניט געווען קיין מורא אין האַרצן, נאָר אַ טעמפּע גלייכגילטיקייט, פּונקט אפשר ווי ביי איר. עס קומט, קען זיין, דערפון, וואָס איך בין אַליין אויף דער וועלט און האָב ניט קיין צובונד און וויכטיקע פאַראַנטוואָרטלאַכקייטן צו מענטשן. מיט הפקר־מענטשן איז עס אַזוי. מיט קינדערלאָזע מענטשן איז עס אַזוי.

אַזוי זיינען מיר אָפּגעזעסן עטלאַכע שעה, און וואָס שפּעטער אין דער נאַכט, אַלץ לייכטער זיינען געווען די רגעס, און וואָס שפּעטער אַלץ מער האָבן געשראָקן די שאָרכן אין הויז און אַהינטערן וואַנט. דער צימער איז פולער געוואָרן מיט אָנגעשטרייינגטער, שמערצלאַכער דערוואַרטונג. איך בין געווען מיד. אַ שווערקייט האָט געדריקט דאָס האַרץ. מיינע אויגן האָבן זיך געקלעפּט. און זי איז, ווי אַ פאַרשטיינערטע, געזעסן מיט צונויפגעלייגטע הענט אויף די קני, און געשוויגן. פּונקט ווי זי וואָלט ניט געווען קיין לעבעדיקע. איר פּנים האָט קיין זאַך ניט אויסגעדריקט. נאָר קאַלטקייט און פרעמדקייט. און מאָדנע איז געווען, וואָס די פרעמדקייט אין איר האָט מער געשראָקן, ווי די דערוואַרטעטע באַגעגעניש מיט איר מאַן. איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געפילט אַזאַ פרעמדקייט צו אַ פרוי. די געזעלשאַפט פון אַ פרוי דערנענטערט, וואַרימט און פרייט. און מיט דער פרוי בין איך געווען איינזאַם און פאַרלאָזן. עלנטקייט און כעס אויף זיך און אויף איר האָבן מיך, ווי מיט הענט אַרומגענומען. מיר איז געווען שווער אין לאַנגוויילים.

איך האָב פון דער זייט געוואָרפן אויף איר מיינע בליקן. זי

איז געווען פול מיט דערוואַרטונג, און עס האָט זיך מיר אָנגעהויבן דוכטן, אַז זי שווייגט אַזוי פאַר'עקשנ'ט נאָר דערפאַר, וואָס זי האָט מורא דורכצולאָזן אַ שאָרך, וואָס קען פאַרביילויפן פאַרביי איר אומבאַמערקט.

איך האָב אַ קוק געטאָן אויפן זייגער. עס איז געווען איינס.

זי האָט אַ פרעג געטאָן:

— שפּעט?

— איינס.

— איינס? מאָדנע: איינס אַזייגער, און ער איז נאָך ניטאָ.

אין איר קול איז געווען אַזוי פיל פאַרוואונדערונג, פּונקט ווי ער וואָלט זיכער באַדאַרפט קומען, און איז נאָך ניט געקומען. איך האָב מיט איינגעהאַלטענער פרייד אין זיך געזאָגט:

— ער וועט שוין ניט קומען. ער וועט שוין איצט ניט קומען.

איך האָב דאָס געזאָגט, און געפילט, אַז איך זאָג עס מער צו באַרואיקן זיך, ווי זי. אָבער זי האָט מיט פאַרדראָס געזאָגט:

— וואָס רעדט איר!? ווי קען עס זיין, אַז ער זאָל ניט קומען? ער מוז קומען!

איך האָב ניט געענטפערט. מיר זיינען געבליבן זיצן, פיינד־לאַכע איינער צום אַנדערן. אין מיר האָט געברענט אַ שנאה צו אָט דער פרוי. דערצו האָט אומ'ברחמנות'דיק געצויגן צו דער קאַ־נאַפּע. — אויסציען זיך אין דער גאַנצער לייִנג, און איינשלאָפן, וואָס טיפער איינשלאָפן. מיינע אויגן האָבן זיך געקלעפּט. איך האָב זיך אָנגעשפּאַרט אָן דער וואַנט מיטן רוקן, און מיט אומ'־מענטשלאַכער אָנשטרענגונג געקעמפט מיטן שלאָף, ניט געוואָלט איינשלאָפן אין דערוואַרטונג פון אַן אומבאַקאַנטן „מיט אַ שטעקן".

עס האָט ניט געהאָלפן: איך האָב איינגעדרעמלט. און אפשר בין איך טאַקע שטאַרק איינגעשלאָפן, ווייל איך האָב זיך אויפגעכאַפּט פּלוצלונג, מיטן גאַנצן באַוואוסטזיין פון דער אויסערגעוויינלאַכקייט פון מיין לאַגע. מיט שרעק. איך האָב אַ קוק געטאָן אויף איר. זי איז נאָך אַלץ געזעסן מיט צונויפגעלייגטע הענט, פּונקט ווי זי וואָלט זיך דאָ ערשט אָוועקגעזעצט. נאָר איר בליק איז געווען פינ־סטערער. איצט איז זי אין דער אמתן ענלאך געווען צו אַ שלאַנג,

וואָס האָט, אין פאַרבאָרגענעם שווייגן, אַ גערולדיקע, געוואַרט ביז די געפאַר וועט קומען, און מען וועט דאַרפן מיט גיפט און מיט חכמה קעמפן מיטן שונא.

כ'האָב אַ פרעג געטאָן:

— בין איך לאַנג געשלאָפן?

זי האָט מיך אָנגעקוקט פאַרוואונדערט:

— וואָס? איר זייט געשלאָפן? און איך האָב גאָר ניט געוואוסט. וויפיל איז איצט דער זייגער?

איך האָב אַ קוק געטאָן אויפן זייגער. עס איז שוין געווען נאָך פינף. איך האָב מיט פרייד אין האַרצן געזאָגט:

— ס'איז שוין נאָך פיר. טאָג.

זי האָט זיך, ווי פון שלאָף, אויפגעכאַפּט:

— וואָס? טאָג? עס קען ניט זיין!

זי איז מיט אַ ניינעריקן בליק צוגעפאַלן צום זייגער.

— אַך, גאָט מיינער, ער וועט שוין ניט קומען! שוין זשע וועט ער ניט קומען?! אַך, גאָט!

זי האָט פאַרבראָכן אירע הענט אין פאַרצווייפלונג. און צום ערשטן מאָל האָב איך באַמערקט אויף איר קאַלטן פנים סימנים פון טיפער אויפרעגונג. די אויגן האָבן אָנגעהויבן צו פינטלען, ווי זי וואָלט זיך וועלן פאַנאַנדערוויינען. אַרום די ליפּן האָט זיך אויסגעלייגט אַ בייזער קנייטש און די אויפגערעגטע נאָזלעכער האָבן זיך געהויבן און אַרונטערגעלאָזן. זי איז געווען אין כעס.

— ער איז ניט געקומען. ער האָט געוואָגט ניט קומען! די צווייטע נאַכט. אָבער ניין, ער וועט נאָך קומען! מאָרגן וועט ער קומען. איצט שיכּורט ער ערגעץ. און אַז ער וועט זיך אויסניכטערן וועט ער קומען צוריק.

אין איר קול איז געווען פאַרדראָס און אַנטוישונג. זי איז זיך עטלאַכע מאָל דורכגעגאַנגען איבערן צימער, און נאָכדעם ווי עפּעס פעסט באַשליסנדיק, אָנגעהויבן צו עפענען די לאָדן און אַרויסקוקן אין דרויסן, צו מזרח און צו מערב.

אין דרויסן איז געווען פרימאָרגנדיק גרוי. ס'האָט געטאָגט.

דאָס ליכט פון גאַז האָט זיך געראַנגלט מיטן גרויען ליכט, וואָס האָט אַ שפּאַר געטאָן דורך די פענסטער.

זי איז זיך ווידער דורכגעגאַנגען איבערן צימער און געזאָגט:

— ער איז ניט געקומען. ער דיינקט, ער וועט אָנשרעקן פריער מיט ניט קומען, און נאָכדעם פּלוצלונג קומען, און מאַכן אַ סוף צו מיר, דער בלוטזויגער. איך וויים שוין זיינע שטיק! איך וויים! איך קאָן אים!

איך האָב געשוויגן. און זי האָט זיך ערשט איצט פאַנאַנדער־געערדט. פון איר מויל זיינען געפלויגן בייזע, גיפטיקע ווערטער. זי איז געווען טיף באַליידיקט וואָס דער מאַן איז ניט געקומען. אַז זי האָט ענדלאַך אויפגעהערט, האָב איך באַמערקט:

— איך פאַרשטיי ניט: איז דען ניט בעסער, וואָס ער איז, גראָד היינט, ניט געקומען? שפּעטער וועט אפשר זיין כעס פאַריבער, ער וועט זיך צו אייך אומקערן אַ באַרואיקטער, און וועט אייך קיין שלעכטס ניט טאָן.

זי האָט בלויז מיט פאַרדראָס געזאָגט:

— אַך, איר וועט עס קיינמאָל ניט פאַרשטיין!

און איז הילפלאָז אוועקגעפאַלן אויף אַ שטול. זי איז איצט געווען אַזאַ אומגליקלאַכע. איר געזיכט איז פּלוצלונג אַלט געוואָרן. קנייטשן האָבן זיך אויסגעלייגט אַרום די אויגן און אַרום די ליפּן. אין אַ ווײַלע אַרום איז זי אויפגעשטאַנען, צוגעגאַנגען צו דער וואַנט, וואו עס איז געהאַנגען איר מאַנס אָן אָפּגעטראָגן מאַנטל און אַן אַלט צעריסן היטל, האָט אַ קוק געטאָן אויף זיי, אַ טאַפּ געטאָן, און אומערוואַרטעט אַ כאַפּ געטאָן זיך פאַרן קאָפּ:

— אַך, גאָט מיינער, ער איז טאַקע ניט געקומען! — וואָס וועל איך איצט טאָן? — ווי וועל איך איצט זיין?!

און, פּלוצלונג, מיט אַ מאָדנעם קוויטש, אָנגעהויבן צו יאָמערן, אַרומנעמען דעם מאַנטל, דריקן צו זיך און יאָמערן. און איר יאָמער איז געווען מאָדנע ענלאַך צו יענעם אומפאַרגעסלאַכן יאָמער פון אַ מענטשן, וואָס האָט ערשט פּלוצלינג אויף אייביק פאַרלאָרן אַ נאָענטן, וואָס איז ערשט אוועקגעשטאָרבן, און זיין טויטער קער־פּער איז נאָך פון צימער ניט אוועקגענומען געוואָרן. אַזאַ

אומטרייסטבאַרער טרויער, אַזאַ טיפֿער ווייטיק האָט אַרויסגע־
שריען פֿון דער ברוסט פֿון דער פֿרוי, וואָס איז ערשט מיט עטלאַכע
מינוטן צוריק געזעסן און קאַלט געוואָרט אויף איר טויט. אירע
פּלייצעס האָבן זיך שטאַרק געוואָרפֿן, און איר ברוסט האָט זיך
ממש געריסן פֿון אַ שרעקלאַכן יאָמער. זי האָט באַוויינט דעם
מאַן, וואָס האָט זיך אין אַ שיינעם פֿרימאָרגן אויפֿגעהייבן, אַ שפּיי
געטאָן, און אַוועק פֿון הויז און ווייב מיטן וואָרט „שלאַנג“ אויף
די ליפּן.

איך האָב זיך אַ היבשע ווײַלע ניט אַרײַנגעמישט אין איר
געוויין. און ערשט ווען דאָס געוויין האָט זיך אַביסל אײַנגעשטילט
בין איך צו איר צוגעגאַנגען:

— פֿריער האָט איר מורא געהאַט, אַז ער וועט אײַך דער־
הרג'ענען, און איצט קלאָגט איר נאָך אים, באַוויינט אים, ווי אַ
טויטן. פֿאַרדריסט אײַך טאַקע אַזוי שטאַרק, וואָס ער איז ניט
געקומען מיטן שטעקן?...

זי האָט ניט געענטפֿערט אויף מײַנע ווערטער, און האָט ווידער
אָנגעהייבן טענה'ן:

— אַך, גאָט, ער וועט שוין ניט קומען! . — קיינמאָל ניט
קומען!.. ווי וועל איך זיין אליין? ווי וועל איך לעבן? איך קען
ניט, איך קען ניט!..

און זי האָט ווידער אײַנגעגראָבן דעם קאָפּ אין דעם מאַנס
אַלטע בגדים און זיך פֿאַרגאַנגען אין אַ נייעם געוויין. זי האָט זיך
אַ לאַנגע צייט ניט אָפּגעריסן פֿון זיי. איך האָב שוין געוואָלט
אַוועקגיין. עס איז שוין געווען טאָג. די זון האָט זיך שוין באַוויזן
אויפֿן הימל און האָט אַוועקגעלייגט אויפֿן דיל אַ גאָלדענעם פּאַס.
מיין אַנוועזנקייט דאָ איז שוין איצט געווען איבעריק.

כ'האָב געזאָגט:

— נו, איך וועל זיך לאָזן גיין. שוין גרויסער טאָג.

זי האָט אויפֿגעהערט צו וויינען, האָט פֿרעמד אַ קוק געטאָן
אויף מיר. אירע אויגן זיינען געווען געשוואָלן, דער פּנים רויט און
צעקנייטשט. מיר האָט זיך אויסגעדוכט, אַז אין איר בליק איז
געווען בלויז שנאה צו מיר. איך האָב זיך פֿאַרנויגט:

## ל. כאַנוקאָוו

— אַ גוטן טאָג!

זי האָט אַפּילו ניט געענטפערט מיט אַ נויג פון איר קאָפּ. זי האָט ניט געפונען פאַר נויטיק צו דאַנקען מיר פאַר דער נאַכט, וואָס איך האָב פאַרבראַכט בא איר אין הויז. זי איז בלויז אויפגע־שטאַנען און צוגעמאַכט נאָך מיר די טיר. צוגעמאַכט מיט אַ כעס־דיקן קלאַפּ, און איז פאַרבליבן אין הויז. עס איז געווען קלאָר: זי האָט זיך אויף מיר גע'כעסט איבערן סוד, וואָס איך האָב פון איר הויז מיט זיך אַוועקגעטראָגן. זי האָט איצט געהאַט בלויז ליבע צו איר מאַן. און איך, דער פרעמדער, האָב נאָר געוואוסט פון איר ביטערער שנאה צו אים. ער איז איצט געווען איר טרוים, איר פאַרלאָרענער גליק, איר לעבן. און איך, דער פרעמד־ער, האָב געוואוסט נאָר פון מורא. פון אַ לאַנגער נאַכט פון שרעקנדיקן וואַרטן, פון שוואַכקייט און שנאה.

בין איך אַוועק אַ פאַרשעמטער.

איך בין געגאַנגען אַראָפּ פון באַרג, איבער אַ שמאָלן שטעגל, וואָס האָט געפירט צום וועג. איך בין געגאַנגען שנעל. איך האָב זיך געאיילט אַהיים, געוואָלט וואָס שנעלער אַוועק פון דעם פּלאַץ, פון וועלכן איך בין געגאַנגען, פּונקט ווי איך וואָלט דאָרט אַ פאַר־ברעכן באַגאַנגען. און מאָדנע, איך האָב באמת ניט געוואָלט, אַז מענטשן זאָלן מיך זען, אָדער באַגעגענען.

עס איז געווען אַ זוניקער פרימאָרגן. די זון איז פול געווען מיט אויפגעוואַכטע קלאַנגען. די זון האָט זיך מיט אימפּעט געהייבן איבער דער שטאָט, מענטשן זיינען געגאַנגען פון די הייזער צו זייערע פריע באַשעפטיקונגען. אַלץ האָט אויפגעוואַכט צו אַרבעט און פרייד.

און מיר איז געווען אומעטיק. איך האָב געטראַכט פון דער דורכגעלעבטער נאַכט, וועגן דער מאָדנער באַגעגעניש און מער פון אַלץ — וועגן דער פרוי, וואָס האָט מיט אַזוי פיל בייזקייט פאַרהאַקט נאָך מיר די טיר. דער שטאַרקער קלאַפּ האָט נאָך אומ־רואיק געקלאַפּט אין קאָפּ און ס'איז געווען פאַרדראָסיק.

אַלץ איז געווען אַזוי מאָדנע. עס איז געשען אַ געשעעניש, און דערציילן האָב איך ניט געהאַט וועמען. איך האָב זי אַפּילו ניט

געקענט, ווי עס באַדאַרף צו זיין, דערציילן זיך אַליין... עס איז געווען עפּעס אַזוי, ווי איך וואָלט געהאַט אין האַרצן אַ באַליידיקונג, און ניט געהאַט ניט דעם, אויף וועמען מען דאַרף זיך באַקלאָגן, און ניט דעם, פאַר וועמען מען קאָן זיך באַקלאָגן, איז געווען אומעטיק. שווער.

אַז איך בין געקומען אַהיים האָב איך נאָך אַ לאַנגע צייט ניט אויפגעהערט צו זיין אונטערן איינדרוק פון דער פאַרגאַנגענער נאַכט. איך האָב אַ גאַנצן טאָג געטראַכט נאָר פון דער מאָדנער פרוי, וואָס איז פאַרבליבן אין הייזל, אויפ'ן באַרג, און אין אָוונט, ווען די זון האָט גענומען פאַרגיין הינטער די בערג האָט מיך נאָך אַמאָל אַ ציי געטאָן צו די הינטער־שטאָטישע שליאַכן, אָבער איצטער — שוין מיט אַ פאַרבאָרגענעם געפיל פון נייגעריגקייט: איך האָב געוואָלט זען, צי עס וועט זיך אין שטיבל, אויפ'ן שפּיץ פון באַרג, היינטיקע נאַכט, זיך אָנצינדן ליכט. און אפשר האָט מיך נאָך עפּעס געצויגן. אָבער איך האָב באַ זיך אָפּגעמאַכט: אויב איך וועל אין די פענצטער פון שטיבל דערזען ליכט — איז דער מאַן אַהיימגעקומען, אויב ניט — איז די פרוי אינגאַנצן ניטאָ אין הויז, אָדער זי זיצט מיט צוגעמאַכטע לאָדן און אַ צוגעריגלטער טיר.

איך ווייס נאָך אַלץ ניט פאַרוואָס עס האָט מיך יעמאָלט אַזוי געצויגן צו זען, כאָטש פון דערווייטן, יענעם הייזל. אפשר ווירקט אַזוי אויף אַן איינזאַמען מענטשן יעדע, אַביסל אויסערגעוויינלאַכע, באַגעגעניש. מיט איינזאַמע מענטשן פּאַסירן דאָך אַזוי זעלטן פּאַסירונגען. איינזאַמע מענטשן זיינען אָפּגעריסן פון די רוישיקע שטראָמען פון לעבן. יעדע געשעעניש איז אַביסל אַ פּאַסירונג. איך האָב געהערט זאָגן, אַז אין דער קרימינאַלאָגיע איז שוין לאַנג באַוואוסט דער פאַקט, אַז פאַרברעכער קאָנען ממש ניט איינרועןן ביז זיי זעען ניט נאָך אַמאָל מיט זייערע אויגן דעם פּלאַץ, וואו זיי האָבן באַגאַנגען אַ פאַרברעכן. זיי האָבן אַ גוואַלדיקן פאַרלאַנג זיך כאָטש נאָך איין מאָל אַהין אומצוקערן. איך האָב קיין פאַרברעכן ניט באַגאַנגען, אָבער מאָדנע, איך האָב דאָך געפילט ווי איך וואָלט זיך דעם גאַנצן טאָג אַרומגעטראָגן מיט אַ גרויסן סוד, און אַזוי בין איך מיט דעם סוד אַרויסגעגאַנגען אויף מיין שפּאַציר.

אין א האַלבער שעה אַרום בין איך שוין געווען לעבן פּלאַץ, ביים וועג, וואו עס האָט זיך — רעכטס — אָנגעהויבן דאָס שטעטל, וואָס האָט געפירט צום באַרג צו.

אין אַלע הייזלאַך, אין אַלע ריכטונגען, האָט אין דער פינצטער שעמערירט ליכט. נאָר אין דעם הייזל, אויפ׳ן שפּיץ פון באַרג, איז ניט געווען קיין ליכט. דאָס הייזל אַליין האָט זיך דערהייבן ווי א טונקעלער פלעק אויפן הימל. איך האָב זיך אָפּגעשטעלט און געוואַרט א לאַנגע צייט, אפשר וועט זיך נאָך דאָס ליכט אָנצינדן.

אַרום איז געווען שטיל. קיינער איז ניט געווען אַרום. די איינ־וואוינער פון דעם געגנט האָבן זיך פרי אומגעקערט פון זייערע באַשעפטיקונגען. עס האָט זעלטן געטראָפן, אז מען זאָל זיך דאָ אין א פאַרנאַכטיקער שעה אָנשטויסן אויף א מענטשן. נאָר די גרויסע שטאָט האָט נאָך פון דערווייטן ניט אויפגעהערט צו זידן, ווי א זודיקער קעסל.

איך האָב קיינעם ניט דערוואַרט צו טרעפן. איך בין אַזוי אָפּגעשטאַנען מער ווי א האַלבע שעה, אין דער האָפענונג צו דער־זען א וועלכן עס איז צייכן פון לעבן אויפן בערגל. אָבער אומזיסט. עס איז געווען קלאָר: די פרוי איז ניט געווען אינדערהיים. סיידן דער מאַן איז געקומען אַהיים, און האָט אין דער אמתן זי מיטן שטעקן דערהרגעט. —

איך האָב שוין געוואָלט אַוועקגיין, אַביסל אַן אַנטוישטער, אַהיים. איך האָב אָבער נאָך ניט געהאַט געמאַכט קיין עטלאַכע טריט, ווי איך האָב זיך אָנגעשטויסן אָן דער באַקאַנטער פרויען־פיגור. איך האָב זי באַלד דערקענט, און דאַך בין איך איצט געווען שטאַרק דערשראָקן פון דער אומדערוואַרטעטער באַגעגעניש. כ׳האָב זיך געפילט, ווי איינער, וועמען מען האָט געכאַפּט בא א פאַרברעכן. דאָס גאַנצע בלוט האָט מיר א שטראָם געטאָן צום קאָפּ. דאָס האַרץ האָט אין מיר שטאַרק אָנגעהויבן קלאַפּן. איך האָב פון איבער־ראַשונג ניט געקענט געפינען קיין פּאַסיקן וואָרט; זי האָט אויך געשוויגן.

ערשט אין א ווײַלע אַרום האָט זי געזאָגט:

— ער איז נאָך ניט געקומען. ניט געקומען, דער מערדער! —
כ'בין א גאַנצן טאָג ארומגעגאַנגען אים זוכן. אומעטום געזוכט:
ארום פאַבריק, אין די טרינק־הייזער, בא זיינע באקאַנטע געפרעגט.
— קיינער האָט ניט געזען און ניט געהערט. פאַרשוואונדן, ווי אין
וואסער אריין.

איך האָב געזאָגט:

— פון אייערע רייד האָב איך נאָך נעכטן פאַרשטאַנען, אז
ער וועט זיך אזוי שנעל ניט צוריקקערן.

זי האָט אָנגעהויבן פּראָטעסטירן.

— ניין. איר פאַרשטייט ניט. ער וועט זיכער קומען, ער
וועט נאָך אפשר היינט קומען. איר קאָנט אים ניט. ער וועט זיך
שוין מיט מיר אָפּרעכענען. און וואָס וועל איך דערווייל טאָן, אן
עלנטע? אין טייך ארייננווארפן זיך? צי אונטער א צוג אונ־
טערפאַלן? —

איך האָב געזאָגט:

— פאָלגט מיך: ער וועט אפשר קיינמאָל ניט קומען. און,
אויב ער וועט קומען וועט ער אייך קיין שלעכטס ניט טאָן. ער
וועט נאָך בא אייך בעטן מחילה. ער האָט דאָך אייך פאַרלאָזן,
איז ער דאָך דער שולדיקער. וואוינט רואיק אין אייער היים, אויב
זי איז אייך ליב. אָדער — ציט זיך ארויס, געפינט באשעפטיקונג.
טוט עפּעס, און אויב ער וועט טאקע ניט קומען — פאַרגעסט אים.
דערצו האָט איר דאָך אים ניט איבעריגס ליב געהאַט.

זי האָט געמאַכט א דערשראָקענע באוועגונג:

— ניין. וואָס רעדט איר?! איך קאָן אַליין ניט זיין. אָט
אזא מענטש בין איך: איך קאָן אַליין ניט לעבן.

— איר זייט א יונגע פרוי. איר וועט נאָך באגעגענען אין
אייער לעבן א מאַן, וועמען איר וועט ליב האָבן, מיט וועמען איר
וועט זיין גליקלאַך. צו וואָס זיין אזוי פאַרצווייפלט?

זי האָט ניט געענטפערט. זי האָט געשוויגן און אז זי האָט
געשוויגן איז זי געווען, ווי א פאַרשטיינערטע. א קעלט האָט פון
איר געשטראָמט. איך האָב אויך געשוויגן. זי האָט ענדלאַך געזאָגט:

— וואָלט איר מיך אפשר גענומען ביז'ן הויז?

## ל. כאַגוקאָוו

אירע אויגן האָבן דורכגעשפּיזט די פינצטערניש און טיף אריינגעקוקט אין מיינע. זי איז געווען אינגאַנצן אין דער פראַגע. איר קערפּער האָט זיך אַפילו ניט אַ ריר געטאָן. זי איז געשטאַנען און געוואַרט. און איך האָב ניט געקענט גלייך ענטפערן. איך האָב זיך געוואַקלט. איך האָב ניט געוואָלט צושטימען און דאָך ניט געהאַט קיין מוט צו זאָגן — ניין. איך האָב אַ ווײַלע געשוויגן. זי האָט אָבער צו לאַנג ניט געקענט וואַרטן. זי האָט גענומען בעטן:

— דאָס וועט שוין זיין דאָס לעצטע מאָל, וואָס איר וועט מיך דאַרפן באַשיצן. מער וועל איך שוין אייך ניט בעטן. אויב ער קומט ניט היינט — וועל איך שוין וויסן, אַז ער וועט קיינמאָל ניט קומען. איך האָב אייך, דעם איינציקן, פאַרטרויט, די נשמה פאַר אייך געעפנט. איר ווייסט אַלץ. קיינער ווייסט ניט, און איר ווייסט. זייט אַ פריינט, לאָזט מיך ניט אַליין אויף דער גאַס נעכטיקן. איך בעט דאָך אייך בלויז אויף אַ פּאָר מינוטן.

איך האָב צוגעשטימט:

— גוט. איך וועל אייך באַגלייטן ביז צו אייער הויז. איר וועט אָנצינדן ליכט, און איך וועל אַוועקגיין. היינט האָב איך ניט קיין צייט.

איך האָב געהערט זייער קאַלט און קאַטעגאָריש.

— נאָר ביז איך וועל אָנצינדן ליכט.

מיר זיינען אַרויף אויף דעם שטעגל, און געלאָזט זיך גיין, שווייגנדיקע, פרעמדע, אַזוי ווי מיט אַ נאַכט פריער: — זי פאָרויס און איך פון הינטן. און אַז מיר זיינען צוגעקומען צום הויז האָט זי זיך איינגעבויגן, אַרויסבאַקומען פון ערגעץ דעם שליסל און מיר זיינען אַריין.

אין הויז איז אַלץ געווען ווי נעכטן. איצט איז אָבער מיר אַלץ געווען באַקאַנט און געוויינלאַך. איך האָב זיך פאַרנויגט:

— אַ גוטע נאַכט!

זי האָט מיך אָנגעקוקט פאַרוואונדערט:

— איר גייט שוין אַוועק? פאַרבלייבט נאָר אַביסל. איר האָט דאָך ערשט די שוועל אַריבערגעטראָטן.

— ניין. איך מוז גיין.

— און אויף פינף מינוטן קענט איר אויך ניט פאַרבלייבן?
— ניין. איך איַיל זיך.
אירע אויגן האָבן אַ בלישטשע געטאָן:
— און אַז איך וויל, אַז איר זאָלט דאָ פאַרבלייבן?
— איך קאָן זיך ניט העלפן: — איך מוז אַוועקגיין.
איך האָב אַרויסגעזאָגט די לעצטע ווערטער, און געלאָזט זיך גיין צו דער טיר. זי איז שנעל, מיט דער פלינקייט פון אַ קאַץ, פאַרלאָפן מיר דעם וועג, האָט מיט אַ מערקווירדיקער געשיקטקייט, פאַרריגלט די טיר און האָט זיך, מיט פאַנאַנדערגעשפּרייטע הענט און אָרעמס, אַוועקגעשטעלט אין טיר, פאַרשטעלנדיק מיטן רוקן דעם שלאָס און ריגל.
— כ'וועל ניט לאָזן!
איר בליק איז געוועזן שטעכעדיק ,פאַרשייט און שפּאָטיש. איר ברוסט האָט זיך שטאַרק געהויבן פון אַ פּלוצלונגער אויפרעגונג.
איך האָב מיט כעס אַ קוק געטאָן אויף איר:
— איר ווילט מיך מיט געוואַלד מאַכן פאַר אייער שומר?
זי האָט זיך פאַנאַנדערגעלאַכט מיט אַ דריבנעם, אויפגערעגטן געלעכטערל:
— יע. מיט געוואַלד! —
— איר ווילט מיך, הייסט עס, מיט געוואַלד אַריינמישן אין אייערע פאַמיליען אָנגעלעגנהייטן? און ווי איז, אַז איך וויל ניט? איך בין דאָ אַ פרעמדער. איך וויל ניט וויסן פון אייערע צרות. לאָזט!
איך האָב זי אָנגעכאַפּט פאַר אַ פּלייצע, און געוואָלט אָפּשטויסן זי פון טיר. זי האָט זיך ניט געלאָזט. זי איז געשטאַנען, און, מיט וואַכעדיקע אויגן, אָפּגעהיט מיין יעדערן ריר און קער. איך האָב געפילט, ווי אַ כעס צינדט אָן אין מיר אַ יעדן גליד. איך האָב געהאַט אַ גוואַלדיקן פאַרלאַנג צו טאָן איר שלעכטס. איך האָב פשוט גע־וואָלט אָנכאַפּן זי פאַרן גאָרגל, אָפּשליידערן זי פון טיר, אָן וועלכע עס איז צערעמאָניעס. איך האָב שוין אפנים געמאַכט אַ דראָעטדיקע באַוועגונג, ווייל זי האָט זיך פּלוצלונג אַ באַוועג געטאָן קעגן מיר און איז געפאַלן מיר אויפ'ן ברוסט, שטאַרק אַרומכאַפּנדיק מיין

האַלז פון הינטן און מיט צונויפגעשלאָסענע הענט, געבליבן היינגען אויף מיר מיט איר גאַנצער שווערקייט;

— איר וועט ניט אַוועקגיין!

— ניין, איך וועל אַוועקגיין!

איך האָב דאָס געזאָגט, און אַ ריס געטאָן זיך פון אירע אָרעמס. זי האָט זיך אַ וואַקל געטאָן. אירע פינגער אויף מיין נאַקן האָבן זיך אויף אַ ווײַלע אָפּגעשלאָסן פון שטאַרקן שטויס, אָבער בלויז אויף אַ ווײַלע. זי האָט זיי זייער פלינק ווידער צונויפגעשלאָסן, און זיך שטאַרקער אָנגעהאַנגען אויף מיר, צודריקנדיק איר פולע הייסע ברוסט צו מיין אויפגערעגטער ברוסט. אירע שטאַרקע פיס האָבן זיך געשטויסן אין מיינע קני און געפּלאָנטערט זיך צווישן מיינע פיס. זי האָט נאָך עטלאַכע מאָל, האַלב־ווילד, אויסגעשריען:

— כוועל ניט לאָזן! כוועל ניט לאָזן!

איך האָב אויף אַ רגע אַ קוק געטאָן איר אין די אויגן אַריין. זיי האָבן געברענט ווי פייערן, אָבער פאַר מיר זיינען זיי געווען, ווי פינצטערע אָפּגרונטן. איך האָב מיט שרעק געמוזט אָפּקערן פון זיי מיין בליק. איצט האָב איך געהאַט איין פאַרלאַנג, איין אומבאַזיגבאַרן פאַרלאַנג — אָנצונעמען זי מיט ביידע הענט ביים גאָרגל, און אַזוי ווי זי איז געהאַנגען אויף מיר, דערשטיקן זי, ווי מען דערשטיקט אַ גיפטיקע שלאַנג, און אָפּוואַרפן זי אין אַ פינצטערן ווינקל, — עס איז געווען די ביטערסטע רגע פון קאַמף. איך האָב שוין ניט געקאָנט רעדן, ניט געקאָנט אַרויסזאָגן אַן איינציקן וואָרט. איך האָב קוים, מיט מאַטערניש, אַרויסגעזאָגט דאָס איינציקע וואָרט, וואָס האָט זיך אַרויסגעריסן פון מיין ברוסט, ניט דערוואַרטעט פאַר זיך אַליין:

— שלאַנג!

און ווי איך האָב דאָס אַרויסגערעדט, זיינען שוין די פינגער אַליין געקראָכן צו איר אויסגעצויגענעם האַלז מיט דער פאַרוואָר־פענעם קאָפּ.

זי האָט אָפּנים דערפילט די בייזע רגע. האָט זיך אָפּגעריסן פון מיר און איז נאָך אַמאָל צוגעפאַלן מיטן רוקן צום טיר און ברייט פאַרשפּרייט אירע אָרעמס:

— איר וועט ניט גיין!

אירע אויגן זיינען געווען גרויס און אָפן איבער די ווייסלען, ביז די רויטע אָדערן. זי האָט אויסגעקוקט ווילד, מיט די ברייט־צועפנטע אויגן און צעשויבערטע האָר. איר קלייד האָט זיך אַראָפּ־גערוקט פון איין פּלייצע און האָט אַנטבלויזט אַ ברוסט, וואָס האָט געשריען מיט רעגונג און ווייסקייט. איך בין געשטאַנען אין אַ פּאַרלעגנהייט. עס האָט געדויערט אַ גאַנצע רגע, און איך האָב ניט געקאָנט געפינען קיין אויסדרוק פאַר מיין בייזקייט. איך ווייס נאָך ביז איצט ניט אויף וואָס פאַר אַן אופן איך וואָלט אויסגעדריקט מיין אויפרעגונג, ווען עס וואָלט ניט פּאַסירט דאָס אומדערוואַר־טעטע. איך האָב פלוצלונג באַמערקט, ווי אירע פיס האָבן זיך, ביסלאַכווייז גענומען אונטערבויגן, אירע הענט האָבן זיך מאַכטלאָז אַראָפּגעלאָזן און זי האָט מיט דעם גאַנצן קערפּער גענומען זינקען, זינקען, ביז זי איז אַראָפּגעזונקען צו דער ערד, שטאַרק אָפּקלאַפּנדיק דעם קאָפּ אָן שאַרפן ברעג פון שוועל.

זי האָט אפנים גלייך פאַרלאָרן דעם באַוואוסטזיין. זי האָט אפילו ניט אַ געשריי געטאָן. אירע אויגן זיינען געווען האַלב־אָפן, און די ברוסט האָט זיך זייער שוואַך געהויבן, און נאָר די הענט, וואָס זיינען געלעגן אויסגעצויגן איבער דער לענג פון קערפּער, האָבן עטוואָס באַוועגט און געצוקט מיט די בלייכע פינגער.

דער קאַמף איז איצט געווען פאַרלאָרן. איך האָב אפילו אַוועק־גיין ניט געקאָנט, איך וואָלט פשוט געקאָנט אריבערשפּאַנען איבער איר קערפּער און ארויסגיין. אָבער — איך געדענק עס גענוי — איך האָב אינגאַנצן ניט געהאַט קיין פאַרלאַנג אַוועקצוגיין, נאָך מער — מיין מארך איז איצט געווען פאַרזאָרגט מיט דער פרוי: מען האָט זי באַדאַרפט ברענגען צו זיך. דערצו זיינען נאָך די לאָדן ניט געווען צוגעמאַכט, און — ווער ווייסט? — אפשר האָט אַ פרעמד אויג געקאָנט אַריינקוקן, און דערזען, וואָס האָט פּאַסירט אין הויז.

איך האָב פלינק צוגעמאַכט די לאָדן, און גלייך זיך גענומען צו דער פרוי: געבראַכט וואַסער, אַוועקגעשטעלט זיך איבער איר אויף די קני, גענעצט איר דעם שטערן מיטן וואַסער, איינגעריבן

די אויפגעפלאָמטע שלייפן, די הענט, און אַזוי, שטייענדיק אויף די קני, ניט אויפגעהערט צו טאָן אַלץ, וואָס עס ווערט געוויינלאַך געטאָן אין אַ פאַל פון חלשות, לאַנג און געדולדיק, און אַליין ניט באַמערקט, ווי עס איז פאַריבער דער כעס און ווי עס איז, אַנשטאַט דעם, געוואַקסן אין ברוסט רחמנות, אַ גרויס רחמנות צו דער אומ־גליקלאַכער פרוי. און דאָס מערקווירדיקסטע דערביי איז אפשר געווען דאָס, וואָס איך האָב זיך אינגאַנצן ניט געקאָנט אָפּגעבן קיין חשבון פון דעם, וואָס עס איז מיט עטלאַכע מינוטן צוריק פאָרגעקומען. איך האָב אויך ניט געהאַט קיין מורא פאַר אַ פּלוצ־לונגער באַגעגעניש מיטן מאַן, וועלכער האָט דאָך יעדע מינוט געקאָנט אַריינקומען. מיינע געדאַנקען האָבן אפנים ניט באַנומען, ווי עס באַדאַרף צו זיין, מיין לאַגע דעמאָלט אין הייזל. איך געדיינק אָבער, אַז איך בין געשטאַנען איבער איר אויף די קני, און ווי אַ ברודער, הייליק געטאָן די אַרבעט פון ברענגען זי צום באַוואוסטזיין.

אין פינף מינוטן אַרום האָט זי שוין געעפנט אירע אויגן. זיי האָבן זיך געעפנט, און ווידער צוגעמאַכט. אַזוי עטלאַכע מאָל. אָבער יעדעס מאָל, וואָס זיי האָבן זיך געעפנט איז זייער בליק געווען מילד און פול מיט דאַנקבאַרקייט. און אַז זי האָט אינגאַנצן געקראָגן דאָס באַוואוסטזיין האָבן זיך אירע אויגן אָנגעפילט מיט טרערן. עס איז געווען, ווי עס וואָלט אַ וואונדער געשען. אַזוי איז אַלץ געווען אומגעוויינלאַך.

איך האָב מסתמא אויך גערעדט צו איר גוטע, טרייסטנדיקע רייד. מיין האַרץ איז מיר געווען פול. איך האָב זי פּאָרזיכטיק אויפגעהויבן, און מיר זיינען, אַרומגענומענע, וואַרים צוגעדריקטע איינער צום אַנדערן, צוגעגאַנגען צו דער קאַנאַפּע. זי האָט זיך אויף איר אויסגעצויגן מיטן פּנים צום באַלקן, און איז אינגאַנצן געווען ווי אַ שולדיקע.

זי איז געלעגן, און איך בין לעבן איר געזעסן, געקוקט איר אין די אויגן, געגלעט איר גרויסן שיינעם שטערן, אירע האָר, און אין האַרצן איז געווען אַזאַ שטילער צער, אַזאַ גוטער געפיל צו איר, אַזוי ווי איך וואָלט געזעסן לעבן מיין קראַנקער געליבטער.

אַלץ איז געווען בלויז חלום. עס איז ניט געווען קיין וואָר. דאָס טונקל ליכט. די אָרימקייט אַרום. דאָס הייזל אויפ'ן שפּיץ באַרג. די מאָדנע פרוי און איך אַליין. איך אַליין בין זיך געווען אַ פרעמדער, אַן אומפאַרשטענדלאַכער. בין איך דאָס טאַקע געווען איך אַליין? אָדער דאָס איז געווען בלויז חלום.

דער קאָפּ איז אַרומגעשוואומען אין אַ נעפּל. ווי אין אַ לייכ־טער פאַרשיכורונג. די געדאַנקען — אָפּגעריסענע, אומקלאָרע, און בלויז דאָס האַרץ איז פול געווען מיט גרעניצלאָזער גוטסקייט, מיט ליבע. אַלץ וואָלט איך שוין איצט געטאָן און אַוועקגעגעבן פאַר דער פרוי. איך וואָלט מיין האַרץ פון ברוסט אַרויסגעריסן, אויב זי וואָלט דאָס פאַרלאַנגט, — זי זאָל נאָר מוחל זיין מיין עקשנות, מיין בייזע אויפרעגונג, דעם ווייטיק, וואָס איך האָב איר געגעבן.

איך האָב ניט געקאָנט רעדן. איך האָב אפּנים יע אַרויסגערעדט עפּעס ענלאַכס צו —

— פאַרגיב מיר.

אָבער דאָס האָב איך געזאָגט מער צוליב זיך, ווי צוליב איר. געוואָלט לייכטער מאַכן מיין אייגן האַרץ. זי האָט אָבער מיינע ווערטער דערהערט, ווייל זי האָט אַראָפּגעשלונגען די טרערן און האָט גענומען ריידן:

— אך, גאָט, אַלע ווילן מיך פאַרלאָזן. אַלע האָבן מיך פיינט, ווי אַ שלאַנג, האָבן מיך אַלע פיינט. — אַז איך בין געווען אַ קינד האָבן מיך פאַרלאָזן מיינע עלטערן. פאַר דער צייט פאַרלאָזן. אַ יתומה'לע געבליבן, אַ ביטערע, אויף דער וועלט. געמוטשעט זיך צווישן פרעמדע. און אַז איך בין פופצן יאָר געוואָרן און האָב זיך צום ערשטן מאָל פאַרליבט, האָט מיך דער געליבטער אויס־גענוצט, ווי מען נוצט אויס אַ חפץ, און האָט מיך פּשוט גענומען און אַוועקגעוואָרפן. מען האָט זיך מיט מיר אַלע מאָל געוואָרפן, קיינער האָט מיך ניט באַדאַרפט אויף שטענדיק. נאָר אויף אַ ווײַלע. און איצט — דער מאַן. ער אויך, דער שיכור, האָט מיך געלאָזן אַליין. איך וויל ניט זיין אַליין! איר הערט: איך וויל ניט זיין אַליין! איך קאָן ניט!

זי האָט אָנגעכאַפּט מיינעביידע הענט, און מיט אַ היסטערישן כליפּן, גענומען דריקן זיי צום האַרצן:

— גייט ניט אוועק, גייט ניט אוועק! —

עס איז געווען אַזוי פיל מענטשלאַכעס אין איר באַנעמונג. אַזוי פיל מענטשלאַכער טראַגיק האָב איך ניט באַגעגנט בײַ אינ־טעליגענטע, ראַפינירטע מענטשן. איך בין געווען גערירט ביז טרערן. איך בין שטום געזעסן און געגלעט אירע הענט, איר שטערן אירע האָר. און זי האָט לאַנג און ביטער געוויינט, ווי אַ קליין באַליידיקט קינד. עס האָט זיך גערדוכט, אַז איר געוויין וועט זיך גאָר קיינמאָל ניט ענדיקן, און אַז זי האָט זיך באַרואיקט, איז זי געווען שוואַך און אינגאַנצן צעשרויפט. אַרום איר איז געווען צער, אומטרייסטבאַרער צער, און ניט מער. איז מיין האַרץ געווען מיט איר.

עס איז שוין געווען נאָך עלף. זי האָט באַדאַרפט רו. איך האָב געזאָגט:

— איר דאַרפט רוען. גייט, לייגט זיך שלאָפן. און איך וועל דאָ זיצן ביז טאָג. איר זאָלט זיך ניט זאָרגן. איך וועל ניט פאַר־לאָזן אייער הויז ביז איר וועט זיך אינגאַנצן באַרואיקן.

זי האָט מיט דאַנקבאַרקייט אַ קוק געטאָן מיר אין די אויגן:

— און איר וועט מיך טאַקע ניט פאַרלאָזן?

— ניין. גייט, לייגט זיך שלאָפן, און שלאָפט רואיק.

זי האָט זיך ניט גערירט פון אָרט, זי האָט בלויז צוגעמאַכט אירע אויגן און דורך די עטוואָס אָפענע ליפּן, אַרויסגעמורמלט:

— יע. איך דאַרף רו, דריי נעכט מיט קיין אויג ניט צוגע־מאַכט. אַך, שלאָפן, שלאָפן.

און זי איז אַנשווייגן געוואָרן. איר מויל איז געווען עטוואָס אָפן, און מיר האָט זיך גערדאַכט, אַז זי האָט גענומען איינדרעמלען. אַ וואַרימער אָטעם האָט זיך געשפּרייט אויף מיינע הענט און פּנים. פון דער גאַנצער פון איר האָט זיך געטראָגן אַ וואַרימקייט, אַ נאָענטקייט. אירע אויגן האָבן זיך ביסלאַכווייז, ביסלאַכווייז גענומען קלעפּן, ביז זיי האָבן זיך אינגאַנצן צוגעמאַכט.

איך בין געזעסן און ניט געקאָנט אַראָפּנעמען מיינע אויגן פון איר פּנים. זי איז געווען זייער שיין. איר פּנים האָט אַביסל געפלאַמט און די אָפענע ליפּן זיינען געווען רויט, האָבן געציטערט פון אַ פאַרבאָרגענער רעגונג. איר ברוסט האָט זיך שטאַרק געהויבן. מיר האָט זיך גענומען דוכטן, אַז זי האָט געקראָגן אַ שטאַרקן צופלוס פון פיבער. איך האָב זיך גענומען שרעקן פאַר איר געזונט. כהאָב זיך אָבער געפרייט וואָס זי איז איינגעשלאָפן. בין איך געזעסן און ניט אַראָפּגענומען מיין בליק פון איר. יע. עס איז טאַקע געווען אַזוי, ווי איך וואָלט אָפּגעהיט דעם שלאָף פון מיין קראַנקער געליבטער.

אַזוי האָט געדויערט ניט מער פון אַ פערטל שעה. איך בין געווען זיכער, אַז זי שלאָפט, און אין הארצן געדאַנקט גאָט פאַר איר רואיקן שלאָף. אין אַ ווײַלע אַרום האָב איך אָבער באַמערקט, ווי אירע אויגן עפענען זיך בגנבה און מאַכען זיך ווידער צו, און פּלוצלונג האָב איך זיך באַגעגנט מיט איר אָפענעם בליק. זי האָט מיך אַזוי מאָדנע אָנגעקוקט, פונקט ווי זי וואָלט מיך צום ערשטן מאָל געזען און וואָלט זיך געוואונדערט, וואָס איך בין לעבען איר.

כהאָב אַ פרעג געטאָן.

— ווי פילט איר זיך?

זי האָט ניט געענטפערט. איין רגע, און זי איז געוואָרן אַ פרעמדע, האָט זיך ווי באַהאַלטן אין זיך. איר בליק איז געוואָרן פינצטער און סודותדיק, ווי מיט אַ נאַכט פריער, ווען זי איז געזעסן מיט צונויפגעלייגטע הענט, און געוואַרט דער מאַן זאָל קומען מיט אַ שטעקן. אָבער דאָס מאָל האָט עס געדויערט אַ קורצע רגע. זי האָט איינמאָל אַ קוק געטאָן אין די אויגן און נאָך אַמאָל. נאָכדעם געזאָגט:

— קוקט ניט אויף מיר אַזוי. איך בין ניט קיין געפאַלענע. איר הערט? דער מאַן האָט מיך פאַרלאָזן, אָבער איך בין ניט קיין געפאַלענע. איר הערט?

אין איר קול איז געווען אי כעס, אי באַליידיקונג. איך האָב עס ניט דערוואַרטעט. עס האָט מיר פאַרדראָסן:

— איך האָב פאַר אייך בלויז גוטע געפילן, און איך ווייס ניט פאַרוואָס איר פאַרדעכטיגט — — —

— קוקט ניט אַזוי, אָט וואָס!

און זי האָט זיך פון מיר אָפּגעקערט. אפנים, אַז אַ גוטער בליק האָט איר דערמאַנט בלויז פון באַהאַלטענע, נידעריקע געפילן. זי האָט מיין גוטסקייט צו איר שלעכט אויסגעטייטשט, און מיר האָט ווי געטאָן דאָס האַרץ. איך האָב געשוויגן. און זי האָט אויך אַזוי ניט ארויסגערעדט קיין וואָרט. בלויז פאַרבאָרגן געשוויגן.

זי איז אַזוי לאַנג געלעגן מיטן פּנים צום וואַנט און מיט אָפענע אויגן, קאַלט און אומבאַוועגלאַך. מיר איז געווען שווער אויפ׳ן האַרצן. נאָך דעם חלום איז אָנגעקומען אַ שווערע ווירקלאַכקייט, וועלכע איז אויך ניט געווען קלאָר. בין איך געזעסן און געטראַכט פון איר, וואָס איז געלעגן, אָן אָפּגעקערטע פון מיר, מיט אַ פאַר־באָרגענע שנאה צו מיר. און ניט פאַרשטאַנען פאַרוואָס זי האָט געטראָגן אין איר האַרצן אַזאַ שנאה. אָט איז זי, דאַכט זיך, געווען אַ נאָענטע, און אָט איז זי שוין ווידער אַ ווייטע און אַ פרעמדע, און איך האָב ניט פאַרשטאַנען פאַרוואָס דאָס איז אַזוי געווען.

אַזוי איז פאַריבער אַ שעה. זי האָט נאָך אַלץ ניט צוגעמאַכט מיט קיין אויג. איך האָב מער איר שווייגן ניט געקאָנט פאַרטראָגן. כ׳האָב געזאָגט:

— איר זייט זייער מיד. פאָלגט מיך, גייט לייגט זיך שלאָפן, און איך וועל שוין זיצן ביז אינדערפרי.

זי האָט ניט געענטפערט. האָב איך נאָך אַמאָל געזאָגט:

— איר דאַרפט רו. איר זייט אויסגעמאַטערט. איך זאָג אייך, איך וועל אייך אָפּהיטן די גאַנצע נאַכט, אָט דאָ, אויף דעם אָרט וועל איך זיצן, און וועל זיך אפילו פון אָרט ניט רירן.

זי האָט נאָך אַ ווײַלע געטראַכט, און זיך לאַנגזאַם אויפגעהויבן, ניט קוקנדיק אויף מיר, פונקט ווי איך וואָלט דאָ אינגאַנצן ניט געווען. לעבן טיר פון איר שלאָפצימער האָט זי זיך אָפּגעשטעלט און אַ קער געטאָן זיך צו מיר:

— וועט איר, הייסט עס בלייבן זיצן?

— יע. איך וועל בלייבן זיצן.

— און פאַר דעם מאַן זאָלסט איר ניט מורא האָבן. ער וועט אייך קיין שלעכטס ניט טאָן, זייט רואיק. איך וועל אים אַלץ אין צוויי ווערטער דערקלערן. ער וועט פאַרשטיין.

— איר דיינקט נאָך אַלץ, אַז ער וועט קומען?

— ווי דען זשע? איר קאָנט אים ניט — צווייפלט איר. אָ, איך קאָן אים!

און זי איז מיט וואַקלענדיקע טריט אַריין אין שלאָפצימער, וואָס איז געווען הינטער אַ הילצערנער ווענטל, צונויפגעשלאָגן פון דינע ברעטער. אין ווענטל איז געווען אַ פשוטער אויסשניט. אָנשטאָט אַ טיר, איז געהאַנגען אַן אַלט ציצן פאָרהאַנגל. איך האָב געהערט ווי זי האָט זיך אויסגעטאָן. כ'האָב געפיל טיעדע באַוועגונג פון איר קערפער. און ניט קוקנדיק אויף איר פרעמדקייט, איז דאָך עפּעס געווען אַזוי ווי אַ נאָענטער מענטש וואָלט דאָרט, הינטערן ווענטל, זיך אויסגעטאָן און געגאַנגען שלאָפן.

זי איז אַפּנים באַלד איינגעשלאָפן. איך האָב געהערט איר רואיקן אָטעם. איר שלאָף האָט מיך באַרואיקט. איך האָב זיך געפרייט מיט איר שלאָף, ווי אַ מאַמע וואָס שלעפערט איין אַ קראַנק צעלאָזן קינד. איך האָב זיך מורא געהאַט אַ באַוועג צו טאָן. איך אַליין בין אויך געווען זייער מיד. באַלד האָבן זיך אויך מיינע אויגן גענומען שליסן. איך האָב זיך געראַנגלט מיטן שלאָף. ניט געוואָלט אונטערגעבן זיך.

די שעהען זיינען לאַנגזאַם געקראָכן און האָבן זיך גאָר ניט געוואָלט ענדיקן. און איך ווייס ניט ווען דאָס האָט פּאַסירט, עס איז שוין מסתמא געווען ווייט נאָך צוויי אַזייגער, ווען איך בין אַריינגעפאַלן אין אַ שלאָף. איך בין איינגעשלאָפן זיצנדיק, אַ צוגעשפאַרטער מיטן רוקן צו דער וואַנט. איך בין אַפּנים געשלאָפן שטאַרק. איך האָב אַרום זיך קיין זאַך ניט געהערט. עס איז אפילו ניט געווען די אומרואיקייט פון אַ מענטשן, וואָס האָט שוין איינגעשלאָפן, און וואָס איז נאָך אַלץ ניט רואיק און כאַפּט זיך אויף יעדע רגע אין שרעק פאַר אָט דער אומרואיקייט.

איך האָב זיך אויפגעכאַפּט פּלוצלונג. איך בין געווען אַביסל

דערשראָקן און צעמישט. לעבן מיר איז געשטאַנען די פרוי אין א דין־העלן קלייד און האָט ברייט געשמייכלט.

איך האָב זיך ארומגעקוקט. די לאָדן זיינען געווען אָפן. אין הויז איז געווען ליכטיק. אויפ'ן דיל זיינען געווען אויסגעלייגט זוניקע פלעקן. עס איז שוין געווען גרויסער טאָג. די פרוי האָט נאָך אַלץ געשמייכלט און האָט געזאָגט:

— אַי זייט איר א שלאָפער! ניט געקאָנט אייך פאַנאַנדער־וועקן. אזא שלאָפער!

זי איז געווען פריש און אויסגערוט. כ'האָב געזאָגט:

— גוט מאָרגן!

— גוט מאָרגן. די זון איז שוין אויפגעגאַנגען. שוין צייט אויפצושטיין.

— יע, צייט. און ווי פילט איר זיך?

— גוט. אויסגעשלאָפן זיך. און איר?

— אויך אויסגעשלאָפן זיך.

— און איך האָב אייך גערופן און גערופן... איר האָט ניט געהערט. נאָך פון שלאָף־צימער האָב איך אייך גערופן. כ'האָב געמיינט, אז איר זייט אוועק. — בין איך אויפגעשטאַנען, און אייך אויפגעוועקט. א שטאַרקער שלאָפער!

אירע אויגן האָבן מאָדנע געשמייכלט, פונקט ווי זי וואָלט פון מיר באַהאַלטן א סוד.

זי איז געשטאַנען לעבן מיר א פרישע און אן אויסגערוטע. פון איר האָט געווייט א געזונטע פרימאָרגנדיקע ווארימקייט. מיינע נאָזלעכער האָט געררייצט א דינער ריח פון פרויען לייב. זי איז אַפּנים ערשט ארויס פון שלאָף־צימער, און האָט נאָך אין זיך געטראָגן די ווארימקייט פון בעט. און פלוצלונג האָב איך באַמערקט, אז דאָס העלע קלייד אירס איז געווען אָנגעטאָן אויפן הוילן לייב, ווייל דאָרט, וואו די זון האָט געוואָרפן אויף איר א ליכטיקן פלעק האָט דאָס הוילע לייב ארויסגעקוקט, ווי מיט אויגן.

איך בין נאָך אַלץ געזעסן אויף דער קאַנאַפע. מיינע גלידער האָבן זיך פויל געצויגן. עס איז געווען גוט, וואָס ס'איז געווען טאָג. ס'איז געווען גוט, וואָס דער מאַן איז אויך היינט ניט געקומען, און

עס איז געווען גוט, וואָס זי איז היינט געווען אַ שמייכלענדיקע, אַ זוניקע. האָב איך זיך אויפגעהויבן און געשטעלט זיך אויף מיינע פיס:

— אָט בין איך שוין אויך אויפגעשטאַנען — — —

זי האָט נאָך ברייטער אַ שמייכל געטאָן, און האָט מיר טיף אַריינגעקוקט אין די אויגן. אַזאַ אָפענער בליק איז דאָס געווען, אַזאַ פאַרשטענדלאַכער, אַז איך האָב זיך גאָר ניט געוואונדערט, ווען זי האָט באַלד נאָך דעם, פּלוצלונג אַרומגעכאַפּט, גאָר כמעט ווי נעכטן, מיין האַלז מיט הוילע וואַרימע הענט, צונויפגעשלאָסן די פינגער אויף מיין נאַקן און צוגעדריקט זיך צו מיר מיט איר גאַנצן פלאַמנדיקן קערפּער. איין רגע — און זי האָט שוין מיך געצויגן צו דער קאַנאַפּע.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

נאָכדעם, אַז איך האָב זיך געקליבן אַוועקגיין, האָט זי מיך צוגעפירט ביז צו דער טיר, און געזאָגט:

— גייט און קומט קיינמאָל ניט צוריק. מיין מאַן וועט זיבער קומען. ער איז אַ געפערלאַכער מענטש. אַז ער זאָל זיך דערוויסן וועט אונז ביידן זיין דער טויט. ער איז אַ מערדער... פאַרגעסט אַלץ. צווישן אונז איז קיין זאַך ניט פאַרגעקומען. איר הערט?

זי האָט געהיימניספול אַ קוק געטאָן מיר אין די אויגן אַריין. און נאָך אַמאָל צוגעגעבן:

— וועט איר געדיינקן, וואָס איך זאָג אייך?

זי האָט נאָך אַמאָל אַריינגעקוקט מיר אין די אויגן, אָבער איצט איז אין איר בליק ניט געווען קיין געהיימנים, נאָר שרעק און ערנסט. און ניט מער.

— איר הערט: — קיינמאָל זאָלט איר מיך ניט וועלן זען.

איך האָב איר צוגעזאָגט.

איך בין געגאַנגען אַראָפּ פון באַרג מיט לאַנגזאַמע טריט. אפשר האָב איך געטראַכט פון די צוויי איבערגעלעבטע נעכט און אפשר האָב איך פון קיין זאַך ניט געטראַכט. אין קאָפּ איז געווען אַ נעפּל. איך בין נאָך אַמאָל געגאַנגען מיט דעם געדרייטן שטעגל. דער וועג איז שוין מיר איצט געווען באַקאַנט. דאָס שטעגל האָט

גלייך געפירט צום שליאַך ,וואָס האָט זיך געצויגן ביז אין שטאָט אריין. אפשר האָט טאקע קיינער, א חוץ דעם פּאָר פאָלק, ניט געטראָטן דורך די פינף יאָר פון זייער פארהייראט לעבן, איבער אָט דעם שטעגל. אפשר האָבן מאַן און פרוי, די ערשטע, דורכגע־טראָטן א וועג צו זייער שטיבל, און איך, דער פרעמדער, בין איצט געגאַנגען איבער אים און מיטגעטראָגן א סוד טיף אין מיין לעבן אריין.

און אזוי טראַכטענדיק האָב איך גאָר ניט באמערקט, ווי עס איז מיר אנטקעגן געקומען א מאַן פון די מיטעלע יאָרן. ער איז געווען אָנגעטאָן אין שטארק אָפּגעטראָגענע קליידער. איז געווען ארומגע־וואקסן מיט א באָרד. ער האָט אריינגעקוקט אין מיינע אויגן מיט א פּאָר גרויע מידע אויגן, האָט זיך מיט דער פּלייצע שטארק א שאר געטאָן אָן מיר, אָפּגעגאַנגען עטלאַכע טריט און זיך אָפּגע־שטעלט. איך האָב זיך אינסטינקטיוו א קער געטאָן צו אים, און אונזערע אויגן האָבן זיך באגעגנט. א שווערער אומאנגענעמער בליק האָט דורכגענומען מיך ביז אין דער נשמה אריין, מיר זיינען א לאַנגע רגע געשטאַנען, ווי צוגעשמידטע צום פּלאַץ. איך האָב זיך שוין א ריר געטאָן צו גיין, אָבער ער איז נאָך געבליבן שטיין און האָט מיט א בייזן פארדעכטיקן בליק, א שווייגנדיקער, באגלייט מיינע טריט.

— דער מאַן.

איך האָב עס, דאכט זיך, אויפ׳ן קול ארויסגעזאָגט, אזוי זיכער בין איך געווען, אַז דאָס איז געווען טאקע דער מאַן. מיין הארץ האָט אין מיר שטארק געקלאפּט פון טיפן שרעק. איך האָב קיין זאך ניט געפילט, א חוץ דעם שרעק. אין אלע מיינע גלידער האָט געשריען דער שרעק און איך קאָן נאָך ביז היינטיקן טאָג ניט פארשטיין, פארוואָס איך האָב אזוי וויניק מורא געהאַט פאר אים, ווען איך בין גאַנצע צוויי נעכט געזעסן און געוואַרט אויף זיין קומען, און פארוואָס איך בין איצט געווען אזוי מוראדיק דערשראָקן.

מיר איז געוואָרן קלאָר, אַז ער האָט מיך געקאָנט באמערקן נאָך פון וווייטן, ווען איך האָב ערשט געהאַט פארלאָזן זיין הויז. ער האָט מיך אפשר נאָכגעפאָלגט די גאַנצע צייט, וואָס איך בין

געגאַנגען איבערן שטעגל, איבער זיין שטעגל, און איך האָב גאָר פון דעם ניט געוואוסט.

איך בין געגאַנגען מיט שנעלע טריט. נאָך מיר האָט זיך געיאָגט בלויז דער שרעק. ער האָט זיך געפּלאָנטערט אונטער מיינע טריט און ניט געלאָזט מאַכן אַ ריכטיקן טראָט. עפּעס אַזוי ווי דער מאַן וואָלט מיך נאָכגעפּאָלגט. אַז איך בין שוין געווען גאַנץ ווייט, האָב איך אַ קער געטאָן מיין קאָפּ אויף הינטער. ער איז נאָך אַלץ געשטאַנען און נאָכגעפּאָלגט מיך מיט זיין פאַרדעכטיקן בליק. איצט האָט זיך מיר שטאַרק געוואָלט זען אים. זען אים גוט. איך האָב געהאַט אַ גוואַלדיקן פאַרלאַנג אָפּצושטעלן זיך און מיט אַ לאַנגן בליק באַקוקן אים, דערקענען אים, אויפזוכן אין אים דאָס, וואָס זיין פרוי האָט פאַר מיר אויסגעמאָלן. איך האָב זיך טאַקע אָפּגע־שטעלט. אָבער ער איז שוין איצט מיט וואַקלענדיקע טריט געגאַנגען אַרויף צום באַרג. ניט אומקוקנדיק זיך אויף מיר.

און איך בין נאָך לאַנג געשטאַנען און געקוקט אַרויף צום באַרג, וואוהין דער אומבאַקאַנטער איז מיט וואַקלענדיקע, אָבער פאַר־עקשנטע טריט געגאַנגען. אין אַ פּאָר מינוט האָט ער זיך שוין דערנענטערט צום שטיבל. איך האָב אָפּגעוואַרט ביז ער איז אַריין.

איצט האָט זיך מיין האַרץ געשראָקן בלויז פאַר איר. איך האָב פּלוצלונג דערפילט די געפאַר, אין וועלכער זי האָט זיך געפונען. מיין האַרץ האָט אין מיר געשריען פון ווייטיק. פּונקט, ווי אַ נאָענ־טער, אַ טייערער, וואָלט געווען אין אַ שרעקלאַכער געפאַר. און איין רגע האָט זיך מיר שטאַרק געוואָלט אומקערן צוריק צום שטיבל. איך האָב זיך ניט געקאָנט רירן פון פּלאַץ. געשטאַנען, ווי אַ צוגע־שמידטער.

איך האָב זיך דערמאַנט, אַז דער מאַן האָט ניט געהאַט אין האַנט קיין שטעקן, און אַז ער איז, ווייזט אויס, געווען שיכור, און איך האָב אַ טראַכט געטאָן:

ער וועט זי שוין ניט דערהרגענען. אָבער צו זייער שנאה וועט איצט צוקומען אַביסל ביטערניש: — די דריי פאַראַנגענע נעכט.

איך בין אוועק, אָבער איך האָב לאַנג מיין צוזאָג ניט געקאָנט האַלטן. איך האָב ניט געקאָנט רואיק לעבן ביז אין האָב, אין אַ

פאַרנאַכט, זיי געזעצן איינמאָל גייענדיק איבערן שטעגל. זי איז געגאַנגען פאָרויס און ער — פון הינטן.

און עס איז געווען אפּנים אַזוי ווי אַלע מאָל. און וואָס עס איז איינמאָל געשען איז מער ניט געשען. און וואָס עס איז אַלע מאָל געשען איז געשען אַלע מאָל: מאַן און ווייב זיינען געווען אינאיינעם.

# אין ליכט און אין שאָטן

איך בין דאָן געווען איינזאַם און אָרעם. איך האָב געוואוינט אויף אַ זייטיקער גאַס, אין זייער אַן אַלטן פינפשטאָקיגן הויז. מיין צימער איז געווען אין אַ פינצטערן קאָרידאָר, אויף דעם העכסטן שטאָק.

אין קאָרידאָר איז שטענדיק געווען שטיל און פינצטער און שטענדיק האָט געשמעקט מיט טוכלעקייט פון שימל און אַלטע צעפוילטע טעפּיכער. און צייטנווייז האָט זיך געדוכט, אַז דאָס גאַנצע גרויסע הויז, מיט אַלע צימערן אויף אַלע שטאָקן, איז ליידיק. עס האָבן זיך זעלטן דערטראָגן מענטשלאַכע טריט, אָדער מענטש־לאַכע שטימען. און אַז עס פלעגט זיך שוין יאָ אַמאָל דערטראָגן אַ קלאַנג, איז ער געקומען ווי פון אַ טיפקייט, און עס איז שווער געווען צו באַשטימען צי דאָס איז אַ מענטשלאַכער קלאַנג, אָדער אַ קול פון עפּעס אַן אומבאַשטימטער באַשעפעניש.

אין דעם קאָרידאָר זיינען געווען אין איין ריי דריי צימערן. דאָס ערשטע צימער איז געווען ליידיק און אַ לאַנגע צייט האָט אין אים קיינער ניט געוואוינט. די טיר צו אים איז געווען שטענדיק האַלב אָפן און דורך דעם טונקעלן ליכט האָט מען אויף דעם דיק־פאַרשטויבטן דיל געקאָנט זען אַלטע פאַרברוינטע צייטונגען, וואָס האָבן זיך געוואַלגערט אין אומאָרדענונג, שטיקלאַך פון אַ צעפאַלע־נעם שטול און אַנדערע איבערבלייבאַכצן פון אומבאַשטימטער אַלטוואַרג. דאָס צווייטע צימער איז געווען מיינס. און כאָטש איך האָב אין אים אָפּגעוואוינט אַ לאַנגע צייט, האָט עס אויסגעזען זייער עלנט און פאַרלאָזן. דאָס גאַנצע מעבל איז באַשטאַנען פון אַ בעטל מיט איין־איינציקן שטול לעבן אַ קליין טישל. די ווענט זיינען געווען ליידיקע, דער דיל ניט באַדעקט. אויף אַלץ איז היבש־לאַך געלעגן דער שטויב. עטלאַכע ביכער האָבן זיך געוואַלגערט

לעבן טישל, אפֿן דיל, און איך אַליין, צווישן אַט דער אָרעמקייט, האָב זיך געפֿילט זייער עלנט און פֿאַרלאָזן. קיינער איז צו מיר אין יענע צייטן ניט געקומען. און קיינעם האָב איך ניט געקאָנט איינ־לאַדן צו זיך. אַזוי טרייסטלאָז איז געווען מיין אָרעמקייט צווישן מענטשן אין דער גרויסער שטאָט.

אין דעם דריטן צימער, גאָר אין ווינקל, צום וואַנט־צו, האָט געוואוינט אַ האַרבאַטש, אַ האַרבאַטש מיט אַ פֿידל, אַ מאָדנער, אומגעזעלשאַפֿטלאַכער, צוריק־געצויגענער מענטש. מיר האָט זיך אָפֿט געדוכט, אַז ער האָט פֿיינט מענטשן. די שנאה צו מענטשן האָט, דאַכט זיך, אַרויסגעקוקט פֿון זיינע גרויע אויגן. עס האָט פֿון אים געוויים מיט קעלט און אומרו, און עס איז שווער געווען מיט אים צו זיין, ווי מיט אַ בייזן, פֿאַרביטערטן, האָפֿנונגסלאָזן קראַנקען. און דערפֿאַר טאַקע בין איך די גאַנצע צייט געווען מיט אים פֿון דערווייטן. מיר האָבן זיך זעלטן געזען און נאָך זעלטענער גערעדט. ער איז געווען איינגעשלאָסן אין זיין וועלט און איך — אין מיינער.

דערפֿאַר האָט אָבער מיין שכן, דער האַרבאַטש, געקענט וואונ־דערלאַך שפּילן אױף דעם פֿידל. דאָס איז געווען אַ מערקווירדיק שפּילן. עטלאַכע אָוונטן אַ וואָך האָט ער פֿאַרבראַכט בלויז מיט זיין פֿידל. ער פֿלעגט שפּילן, שפּילן, שפּילן, מיט אַ מאָדנער, ליידנ־שאַפֿטלאַכער, פֿאַרעקשנטער פּאַרטיפֿונג אין יעדן קלאַנג, ביז עפּעס אַ מאָדנער פֿאַרגעסונג אין אַ לעצטן מעגלאַכן גענוס. און עס איז געווען קלאָר, אַז נאָר אינם פֿידל האָט דער מענטש געשעפּט דאָס ביסל גליק, וואָס יעדן מענטשן איז באַשערט אױף דער וועלט.

און מאָדנע איז אויך געווען, וואָס דער האַרבאַטש האָט קיינ־מאָל ניט געשפּילט קיין קאָמפּאָזיציעס פֿון וועלט־באַקאַנטע קאָמפּאָ־זיטאָרן. ניט גריג און ניט טשייקאָווסקי, ניט בעטהאָווען און ניט מאָצאַרט, און ניט אפֿילו די גאָר נייסטע, וואָס האָבן שוין אויפֿגע־שטורעמט די מוזיקאַלישע וועלט מיט וואונדערלאַכע קלאַנגען־קאָמבינאַציעס און געעפֿנט נייע מעגלאַכקייטן אין אויסדרוק און פֿאָרם. האָבן קיינמאָל ניט אַראָפּגעקלונגען פֿון די סטרונעס פֿון זיין פֿידל. שטענדיק און מיט אַ מאָדנער פֿאַרעקשנטקייט האָט ער גע־שפּילט זיינע אייגענע משונהדיקע אימפּראָוויזאַציעס. אָן אַ סדר

און אָן אַ מאָס פלעגט ער אַרומבלאָנדזשען אינם געדיכטן וואַלד פון מעלאָדיעס און קלאַנגען, אָט פאַרגייען זיך אינם געננוס פון אַ טרויער־ריקן ניגון, און אָט, פלוצלונג, אַ הייב טאָן זיך, אויפלעבן, אַוועקלויפן אין אַ ווילדן געיעג, אַוועקפליען ביז צו די הויכע הימלען, אָדער דורכקנאַלן און אויסגעלאָשן ווערן, ווי אַ פייערדיקע ראַקעטע, איבער טיפע אָפגרונטן.

ווען איך האָב אים, צום ערשטן מאָל, באַזוכט אין זיין צימער, האָט מיך איבערראַשט די אויסערגעוויינלאַכקייט פון דער אויסשטאַטונג. קיין מעבל איז אין צימער כמעט ניט געווען. לעבן וואַנט איז געשטאַנען אַ גרויסער לאַנגער טיש, ענלאַך צו אַ וואַרשטאַט. אַפן טיש זיינען געשאַנען אין אומאָרדענונג קליינינקע פלעשלאַך מיט פליסיקייטן און אַ צאָל גרעסערע גלעזערנע כלים. אַפן טיש איז אויך געשטאַנען אַ געזאָלין לעמפל, וואָס האָט אַרויסגעגעבן אַ מאָדנע־גרינעם פלאַם. און אָן אַ זייט זיינען געשטאַנען עטלאַכע, מיר אומבאַקאַנטע, פרעפּאַראַטן. אַף די ווענט זיינען געהאַנגען גאָר אין אַ גרויסער צאָל בילדער פון אַ מערקווירדיקער קאָלעקציע, קלענערע און גרעסערע, אין ראַמען און אָן ראַמען, צעהאַנגענע אין אומאָרדענונג, אָן סימעטריע און אָן שיינקייט. יעדעס בילד איז געווען אַ פּראָדוקט פון די נייע, רעוואָלוציאָנערע שטרעמונגען אין דער מאָלעריי. קאָלירן האָבן זיך געמיניעט און געמישט מיט שאָטנדיקע געשטאַלטן און קאָנטורן פון פאַנטאַסטישע געביידעס. קאָנסטרוקציעס געבויטע אין פאַרשידענערליי דימענסיעס, אָן קלאָרער פּראָפּאָרציע און געאָמעטרישקייט. אַפן דיל, אין די ווינקלען, האָבן זיך געוואַלגערט אין אומאָרדענונג סטאַטועטקעס אין האָלץ און אין גיפּס, האַלב־צעבראָכענע געשטאַלטן פון מענטשן און חיות, ניט פאַרענדיקטע, אומגעלומפּערטע געשטאַלטן אָן פּנים און אָן שיינקייט. אַפן וואַנט איז עלנט געהאָנגען אַן אַלטער אָפּגעריבענער פידל, אָן אַ פוטליאַר.

ער אַליין איז געזעסן איינגעבויגן איבערן לעמפל מיט דעם גרינעם פלאַם און געאַרבעט. ער האָט קוים געענטפערט אויף מיין באַגריסונג. עס איז קענטיק געווען, אַז ער האָט געאַרבעט אַף עפּעס אַ דערפינדונג. איך האָב אים טאַקע אַ פרעג געטאָן:

— איר אַרבעט אויף אַ דערפינדונג?

ער האָט קאַלט און ניט גערן געענטפערט:

— איך עקספּערימענטיר. כעמיע אינטערעסירט מיך. אָבער דערפינדן, — ניין. דאָס וויל איך ניט.

— אָבער עקספּערימענטן פירן דאָך סיי ווי סיי צו דערפינדונגען.

ער האָט ווידער קאַלט געענטפערט:

— יע, אָבער איך טו דאָס פאַר זיך. פאַר מיין אייגענעם פאַרגעניגן. קיינער דאַרף פון דעם ניט וויסן. מ'ווייס ניט פון מיר און מ'דאַרף אויך ניט וויסן וואָס איך טו.

ער האָט דאָס געזאָגט, און שוין מער ניט געוואָלט פון דעם ריידן. ווייטער האָט זיך שוין אונזער געשפּרעך ניט געבונדן. ער האָט זיך אוועקגעזעצט אַן אַ זייט און שווער אַנשוויגן געוואָרן. זיין גאַנצע האַלטונג איז געווען אַן אַנגעשטרענגטע. אַ פרעמדע. ער האָט געהאַט אַ פאַרלאַנג איך זאָל וואָס שנעלער אוועקגיין. איך האָב אים געשטערט. איך האָב דאָס אַרויסגעזען פון זיין האַלטונג, פון זיין יעדן קער און דריי. בין איך אוועק.

אַ צווייטן מאָל בין איך צו אים אַריין אין צימער בלויז אויף עטלאַכע מינוט, און אויך דאָס מאָל האָט ער מיך באַגעגנט מיט אָפענער אומצופרידנקייט. ער האָט זיין אומצופרידנקייט אפילו ניט געזוכט צו באַהאַלטן. פאַרקערט, ער האָט זי נאָך מער אונטערשטראָכן מיט זיין בייזער האַלטונג. האָב איך שוין אים מער קיינמאָל ניט באַזוכט. ער איז געווען איינגעשלאָסן אין זיין צימער און איך — אין מיינעם.

איך האָב דאָן זייער פיל געלערנט. ביכער האָבן פאַרנומען דעם פּלאַץ פון מענטשן און מענטשלאַכע טאָג־טעגלאַכע אינטערעסן. אָבער דערפאַר, ווען עס פלעגט אָנקומען דער אָוונט האָב איך שוין ניט געקענט אַרבעטן. איך האָב אפילו ניט געקענט טראַכטן. איך פלעג זיך אויסציען אויפן בעטל, קוקן אויף מיינע ווענט מיט די גרויסע, געל־ברוינע פלעקן, וואָס האָבן געשריען מיט אָרימקייט, אָפּגעלאָזנקייט און הפקרדיקייט פון מיינע טעג אויף גאַטס וועלט, און געוואַרט מיט אומגעדולד אויף די קלאַנגען פון

מיין שכנס פידל. אין די קלאַנגען איז קיין מאָל ניט געווען קיין טרייסט. פאַרקערט, אין יענע קלאַנגען איז שטענדיק געווען אַ ביי־טערער עלנט און אַ צער, וואָס האָבן זיך געצויגן דורך אַלע משונהדיקע מעלאָדיעס, וועלכע מיין שכן האָט אַזוי געקענט אַרויציען פון דער לופט. אין זיי איז געווען אַזאַ שווערער אומעט, וואָס האָט ניט דורכגעלאָזן קיין איין שטראַל פון האָפענונג און גלויבן. די וועלט איז געווען טונקל און שווער. די וועלט איז געווען פינסטער,און פונדעסטוועגן האָב איך אָט די אָוונטן פאַרבראַכט אין דער וועלט פון אָט די קלאַנגען. אונזערע וועלטן זיינען דאָן געווען — איין וועלט. די וואַנט און דער סוף פון זיין לעבן זיינען פאַרשוואונדן. מיר זיינען געווען אין איין וועלט.

און אַזוי האָבן זיך געצויגן טעג נאָך טעג. ביז איין מאָל, אין אַן אינדערפרי, האָב איך דערהערט נייע קלאַנגען הינטער דער וואַנט, אין דעם ליידיקן צימער. דאָרט איז אָנגעגאַנגען אַ פּאַ־רעניש. אימיצער האָט ניט־ריטמיש געקלאַפּט טשוועקעס אין דער וואַנט, געקערט דעם דיל, געשורשעט מיט פּאַפּיר, שנעל געטראָטן איבערן דיל. עס איז קלאָר געווען, אַז אַ נייער מענטש האָט זיך אַריינגעקליבן אין אונזער קאָרידאָר. דער צימער איז שוין געווען צוגעמאַכט, און עס איז שווער געווען צו וויסן, וואָס עס קומט איצט דאָרט פאָר.

ערשט אַרום אָוונט־צייט האָב איך דערהערט אַ שטילן קלאַפּ אין מיין טיר. איך האָב געעפנט. אַפן שוועל איז געשטאַנען אַ יונגע מיידל, אַ בלאָנדע, מיט בלויע לעבעדיקע אויגן. זי האָט געזאָגט:

— איך האָב זיך אַריינגעצויגן דאָ, לעבן אייך, אין צימער. איך האָף, אַז איך האָב אייך ניט צופיל געשטערט מיט מיין קלאַפּן. אָבער דאָס איז בלויז דעם ערשטן טאָג. בין איך געקומען באַקענען זיך. מעג איך?

זי איז אַריינגעגאַנגען אין צימער. אַ ווייל געקוקט אויף מיין אָרעמקייט און אַליין געווען ווי פאַרשעמט מיט דער אויסשטאַ־טונג אין צימער. געזאָגט:

— אוי, וואָס פאַר אַ הוילע ווענט איר האָט! אָבער דאָס

איז שוין באַ אַלע מענער אַזוי. איר זייט דאָך ניט ברוגז פאַר דער באַמערקונג?

אַ ווײַלע אַ טראַכט געטאָן, און געזאָגט:

— איר וועט ניט האָבן געגן, — אָט וועל איך ברענגען עט־לאַכע בילדעלאַך, רעפּראָדוקציעס. איך האָב אַ סך.

זי איז אַרויסגעלאָפן און באַלד צוריק געקומען מיט קאָ־לירטע רעפּראָדוקציעס פון בילדער און זיי מיר צוגעטראָגן:

קלײַבט אויס. איך האָב אַ סך. מיר וועלן באַפּוצן אײַערע ווענט. אָרעמקייט איז ניט קיין שאַנד, אָבער ניט קיין שײַנדל... וועלן מיר זי אַביסל פאַרדעקן.

און גלײַך האָט זי זיך גענומען צו דער אַרבעט פון באַפּוצן מײַן צימער. און עס איז געווען אַזוי, ווי עס וואָלט געקומען צו מיר אַ גוטע, ליבע שוועסטער, וואָס איך האָב שוין אַ לאַנגע צײַט ניט געזען, און געבראַכט אין צימער נאָענטקייט, לעבן און פרייד. איך בין איר נאָכגעגאַנגען, געהאָלפן, וואו נאָר געקענט. אָפן האַרצן איז מיר געווען אַנגענעם, כמעט פרײַלאַך. זי האָט זייער פיל גערעדט און דערציילט וועגן זיך און וועגן איר קומען אַהער. און זייער פיל געלאַכט איבער די אַנטוישונגען אירע אין מענטשן פון דער גרויסער שטאָט און איבער אירע האָפענונגען. זי האָט איבערגעלאָזן ערגעץ אין אַן אַנדער שטאָט אירע עלטערן און אַליין געקומען אַהער דערשלאָגן זיך צו אַ קאַריערע. און דאָ איז איר אַלץ אַוועק שלעכט. אָבער דאָס האָט זי ניט אָפּגעשראָקן. זי האָט געזאָגט:

— עס וועט נאָך זײַן גוט. עס מוז זײַן גוט.

דערווײַל איז מײַן צימער געוואָרן אַנדערש. די פלעקן אויף די ווענט זײַנען פאַרדעקט געוואָרן מיט בילדער. דעם טיש האָב איך, אויף איר עצה, איבערגעשטעלט אויף אַן אַנדער אָרט, אויך דאָס בעט. די איבעריקע זאַכן אַביסל צוגעקליבן און אויפגעראַמט, און אין צימער איז געוואָרן יום־טוב.

דאָס מיידל האָט מיך פון דעם ערשטן בליק זייער פאַראינ־טערעסירט. זי איז געווען קלוג און לעבעדיק. אָבער דאָס כאַראַק־טעריסטישע אין איר איז געווען דאָס קינדישע. זי איז געווען מער קינד, ווי דערוואַקסענע. און נאָך מער קינד, ווי פרוי.

מיר האָבן פאַרבראַכט זייער געמיטלאַך, רעדנדיק און דער־ציילנדיק פון אייגענעם לעבן. מיטאַמאָל האָט זיך דערטראָגן דער ערשטער קלאַנג פון פידל, הינטערן וואַנט. דאָס מיידל האָט זיך ארומגעקוקט און אַ פרעג געטאָן:

— ווער שפּילט דאָ פידל?

אַדי האָב איר, אין קורצן, דערציילט וועגן מיין שכן און זיין באַנאַכטיקן שפּילן. דערווייל האָבן זיך די קלאַנגען צעלאָזן איבערן גאַנצן קאָרידאָר, האָבן זיך געהייבן און געפאַלן און ווידער אַמאָל געשטיגן. דאָס מיידל איז געזעסן און צוגעהערט זיך מיט שטייגנ־דיקער פאַרוואונדערונג. זי איז געווען אויפגערעגט. זי האָט כמעט ניט געקענט רעדן. זי איז פּלוצלונג געוואָרן אַן אַנדערע. זי איז עפּעס געוואָרן עלטער. איר פּנים האָט זיך געביטן. געוואָרן ערנסט און טרויעריק. מיט אַמאָל געזאָגט:

— גאָט, וואָס פאַר אַ שפּילן! ווי ער שפּילט דאָס! ניין, עס איז שרעקלאַך! עס איז אוממעגלאַך!

זי איז זיך, אַן אויפגערעגטע, דורכגעגאַנגען איבערן צימער און נאָך אַמאָל פאַרנומען איר פּלאַץ. די קלאַנגען האָבן זיך נאָך אַלץ געשפּרייט איבער די ווענט און איבערן באַלקן פון אונזער געביידע. מיר זיינען געזעסן און געשוויגן. זי — מיט פאַרבראָ־כענע, בלייבע פינגער איבערן קאָפּ און איך, אַ פאַרלאָרענער פון איר פאַרלאָרנקייט, האָב ניט געוואוסט ווי צו האַלטן זיך אין איר געגנוואַרט.

פּלוצלונג האָבן זיך די קלאַנגען איבערגעריסן. זי איז נאָך אַ ווײַלע געזעסן און ווידער געזאָגט:

— אוי, וואָס פאַר אַ שפּילן דאָס איז געווען! איך האָב נאָך אַזאַ שפּילן קיין מאָל ניט געהערט. איך האָב זייער פיל באַרימטע פידלער געהערט. ניין, דאָס איז אָבער גאָר אַנדערש. גאָר ניט דאָס.

זי האָט זיך ווידער אויפגעהויבן פון פּלאַץ און זיך דורכ־געגאַנגען אַזוי, מיט די פאַרבראָכענע פינגער. נאָכדעם האָט זי געזאָגט.

— איך בעט אייך, באַקאַנט מיך מיט אים. איך וויל זיך מיט אים היינט באַקענען. איר הערט? — היינט!

זי האָט געזאָגט קאַפּריזנע, ווי אַ קינד. און ווידער האָט דאָס קינדישע אין איר אויפגעלעבט.

איך האָב איר געמוזט נאָכגעבן. מיר האָבן באַדאַרפט עט־לאָכע מאָל אָנקלאַפּן אין זיין טיר, איידער ער האָט אונז געענט־פערט. ער האָט אונז באַגעגנט מיט אַ דעמאָנסטראַטיווער גלייכ־גילטיקייט. אין זיין בליק איז געווען קאַלטע, ניט פאַרבאָרגענע בייזקייט. פונקט ווי מיר וואָלטן געווען זיינע שונאים.

ער האָט קאַלט געזאָגט:

— וואָס פאַרלאַנגט איר?

איך האָב געזאָגט:

— מיר האָבן זיך הינטערן וואַנט צוגעהערט צו אייערע אימ־פּראָוויזאַציעס אויפן פידל...

דאָס מיידל האָט מיך אימפּעטיק איבערגעשלאָגן:

— גאָט, איר שפּילט אַזוי... ניין, איך האָב נאָך אַזאַ שפּילן קיין מאָל ניט געהערט. קיינמאָל ניט, קיין מאָל ניט!

זי איז צוגעלאָפן צו אים און לײדנשאַפטלאַך געדריקט זיין האַנט.

ער האָט קאַלט און פרעמד זיך אָפּגערופן אויף איר באַגייס־טערונג. ער האָט אָפּגעוואַרט ביז זי וועט פון אים אָפּטרעטן און נאָכדעם געזאָגט:

— איך שפּיל פאַר זיך אַליין.

נאָכדעם איז ער אָפּגעטראָטן צו אַ שטול, וואָס איז געשטאַ־נען הארט לעבן וואַנט, און האָט זיך אין אים אַריינגעזעצט. און עס האָט זיך אויסגעדוכט, אַז אַ בייזער קליינער אינגעלע מיט אַלטע קנייטשן אָפּן פּנים האָט זיך אין אים אַוועקגעזעצט. אַזוי קליין און דאַר איז ער געווען. ערשט נאָכדעם ווי ער האָט זיך אַליין גוט אַריינגעזעצט אין שטול האָט ער אויך אונז געבעטן זיצן:

— זעצט זיך. אָט דאָרט איז דאָ פּלאַץ.

מיר האָבן זיך אַוועקגעזעצט. ניט געוואוסט פון וואָס צו ריידן. געוואַרט ביז ער וועט עפּעס זאָגן. אָבער ער איז געזעסן אַזוי, ווי מיר וואָלטן אינגאַנצן דאָ ניט געווען. דאָס מיידל האָט געקוקט אויף די ווענט, וואָס זיינען געווען, פון אויבן ביז אַראָפּ, אין אומ־

אָרדענונג, באַהאַנגען מיט די מאָדנע בילדער און רעפּראָדוקציעס. אָבער דאָס האָט געדויערט ניט לאַנג. זי האָט ווידער ניט געקענט איינהאַלטן איר באַגייסטערונג. זי האָט זיך האַסטיק אויפגעהייבן פון פּלאַץ און צוגעלאָפן דאָס צו איין וואַנט און דאָס צו אַן אַנדערער:

— וואָס פאַר אַ אינטערעסאַנטע בילדער איר פאַרמאָגט! וועט איר מיר זאָגן ווער עס האָט זיי געמאָלן? איך קען קיין איין נאָמען ניט איבערלייענען. איך וועל אייך פרעגן וועגן יעדן בילד באַזונדער און איר זייט אַזוי גוט און ענטפערט מיר. איך וויל וויסן, ער האָט קאַלט געזאָגט:

— איר ווילט וויסן ווער עס האָט זיי געמאָלן. ניט אַנדערש?

— יע, איך וויל וויסן. קענט איר מיר ניט זאָגן?

— ניין. איך ווייס אַליין ניט. איך ווייס ניט!

זי האָט אַ קוק געטאָן אויף אים פאַרשנדיק:

— איר ווייסט ניט ווער עס האָט זיי געמאָלן?

— ניין. צו וואָס דאַרף איך עס דען וויסן?

זי האָט ווידער אַ קוק געטאָן אויף אים מיט פאַרוואונדערונג:

— און אַז איר האָט זיי געקויפט, האָט איר אויך ניט גע־וואוסט ווער עס האָט זיי געמאָלן?

— ניין. איך האָב ניט געפרעגט. די פאַרקויפער האָבן מיר געזאָגט, אָבער איך האָב גלייך פאַרגעסן. ס'האָט מיך אינגאַנצן ניט אינטערעסירט.

דאָס מיידל האָט אַ ווײַלע געקוקט אויף אים פאַרוואונדערט, קינדיש־פאַרוואונדערט. זי האָט אַ טראַכט געטאָן און עפּעס גע־וואָלט זאָגן. מיר האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז זי האָט געוואָלט זאָגן דאָס וואָרט: „מאָדנע“, און האָט זיך פּלוצלונג אָפּגעהאַלטן. ער האָט אָפּנים אויך באַמערקט איר פאַרוואונדערונג, ווײַל ער האָט מיט אַ פאַרבאָרגענעם שמייכל געזאָגט:

— איך האָב זיי געקויפט פאַר זיך...

דאָס מיידל האָט שוין איצט מער ניט געקענט גלײַכגילטיק ריידן און פרעגן. אירע אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן. איר פּנים האָט אויפגעפלאַמט מיט אויפרעגונג. זי האָט געזאָגט:

— אָבער בילדער זיינען ווי מענטשן. זיי ווילן אַז מען זאָל זיי קענען, וויסן זייער יחוס, ווען זיי קומען צו אייך אין הויז. איר קאָנט ניט זיין נאָענט מיט בילדער, ווען איר ווייסט ניט ווער עס האָט זיי געשאַפן, פון וואַנען זיי קומען און פון וועלכער שול זיי זיינען אַ פּראָדוקט.

זי האָט גערעדט ווי אַ גרויס, אַנטוויקלט קינד, מיט היץ און איבערצייגונג. דאָס האָט ענדלאַך אַרויסגערופן אַ שמייכל אויף זיינע ליפּן:

— איר האָט אָפּנים זייער שטאַרק ליב קונסט...

זי האָט ווי אויף דעם געוואַרט:

— קונסט איז — מיין לעבן. אָן קונסט וואָלט מיין לעבן געווען פּוסט און גרוי. איך וואָלט ניט געהאַט צוליב וואָס צו לעבן. אַז איך וויל אַז מיין לעבן זאָל זיין אינטערעסאַנט און פאַרביק גיי איך צו קונסט. קונסט איז — יום טוב.

ער האָט ברייט אַ שמייכל געטאָן אויף אירע באַגייסטערטע רייד. אַ ווײַלע אָפּגעוואַרט און געזאָגט:

— און איך האָב פיינט קונסט.

זי האָט אויסגעשריען:

— איר האָט פיינט קונסט ?!

— יע. איך האָב זייער פיינט קונסט. איך וויל זיך שטענדיק באַפרייען פון קונסט און פון איר ווירקונג אויף מיר. איך וויל ניט קומען אין קיין באַרירונג מיט דעם וואָס איר רופט אָן קונסט און מיט וואָס איר צאַצקעט זיך אַזוי אַלע אייערע טעג און יאָרן. איך האָב עס פיינט.

דאָס מיידל האָט זיך הויך פאַנאַדערגעלאַכט:

— אַ שיינער וויץ. איר זייט אַ גרעסערער וויצלינג ווי איר זעט אויס. איר זיצט די גאַנצע צייט און מאַכט שפּאַס מיט מיר. אַ דאַנק. אייער צימער איז פול מיט קונסט. בילדער און סקולפּ־טור און מוזיק און אין די ביכער — מסתמא פּאָעזיע. איר האָט דאָך אייער צימער ממש אָנגעפילט מיט קונסט, און איר ווילט מיך איינשמועסן... ניין, איר זייט אַ וויצלינג!

זי האָט אויף אים אַ קוק געטאָן מיט זיגערישע אויגן. ער האָט זיך אָבער אָפּגעקערט און עפּעס גאָר ווי צו זיך אַליין געזאָגט:

— דאָס איז ניט קונסט. די אַלע, וואָס האָבן געמאָלן די בילדער און געמאַכט די סטאַטועטקעס האָבן אויך פיינט געהאַט קונסט. און אויב זיי לעבן נאָך און אַרבעטן, זיינען זיי מענטשן, וואָס קענען ניט פאַרטראָגן קיין אמתע קונסט. פאַרקערט, זייער גאַנצער זין אין לעבן איז געווען — געפינען אַן אויסוועג פון דער קונסט. זיי האָבן זי געוואָלט אויסמיידן און, וואו מעגלאַך — באַקעמפן. און דערפאַר זיינען אַרויס אַזעלכע בילדער. זיי האָבן געקעמפט מיט קונסט — זיינען אַרויס פאַרזעעניש.

זי האָט געזאָגט:

— גענייאַלע פאַרזעענישן זיינען אויך קונסט. קונסט ווערק. ווי נאָר דער קינסטלער לייגט צו עפּעס צו זיין האַנט פאַרוואַנדלט ער עס אין אַ קונסטווערק.

זי איז געווען זייער אויפגערעגט פון דעם געשפּרעך. אירע אויגן האָבן שנעל געפינטלט. זי האָט אָפּגעוואַרט אַ רגע און האָט צוגעגעבן:

— און אייער שפּילן איז אויך קונסט!

ער האָט ניט געענטפערט. ער האָט בלויז געזאָגט:

— איר זייט אַ גליקלאַכער מענטש. עס וועט אייך זיין גוט אויף דער וועלט. די וועלט איז — אַ קונסטווערק.

ער האָט דאָס געזאָגט, און איך האָב ניט געוואוסט — צי ער זאָגט ערנסט, צי ער שפּאַסט. אַזוי מאָדנע אומקלאָר האָט ער עס אַרויסגעזאָגט.

זי האָט אָבער זיינע ווערטער אויפגעכאַפּט אויף איר אייגענעם שטייגער און האָט ווידער מיט באַגייסטערונג אָנגעהייבן:

— יע. דערפאַר האָב איך אַזוי ליב די וועלט. און דאָס לעבן. איר הערט: איך האָב ליב די וועלט און דאָס לעבן!

ער האָט אַ שמייכל געטאָן:

— איך צווייפל ניט אין דעם. פאַר אייך איז דאָס נאַטירלאַך. איר זייט שיין און קלוג און יונג. שיינע און יונגע האָבן שטענדיק

ליב דאָס לעבן און די וועלט. און קלוגע — פאַרזעען אירע פעלערן. און איך, — איך האָב פיינט די וועלט און דאָס לעבן אויף דער וועלט.

זי האָט שוין אַביסל בייזלאַך אַ זאָג געטאָן:

— ווי קענט איר לעבן, אַז איר האָט פיינט דאָס לעבן?

— איר זייט אַ קלוגע מיידל: זאָגט וואָס האָט אַזאַ מענטש ווי איך געזאָלט טאָן?

זי האָט נאָך קיין צייט ניט געהאַט גוט איבערצוטראַכטן אירע ווערטער און האָט מאָדנע שנעל אַרויסגעזאָגט:

— שטאַרבן.

זי האָט עס געזאָגט און אַליין זיך גלייך דערשראָקן פאַרן וואָרט „שטאַרבן". זי האָט געוואָלט פאַרריכטן, דערקלערן דייטלאַכער, וואָס זי מיינט, אָבער ער האָט שוין בייז און שנאה'דיק געשמייכלט:

— שטאַרבן... יע. איר זייט גערעכט: — שטאַרבן. אַזאַ מענטש ווי איך דאַרף שטאַרבן.

דער געשפּרעך האָט זיך איצט איבערגעריסן. קיינער פון זיי האָט ניט געפונען קיין ווערטער. פאַר מיר, דעם זייטיקן, איז געווען קלאָר איין זאַך:

ביידע זיינען געווען קינדער: — ער אין זיין אומגליק און זי — אין איר גליק. ביידע זיינען געווען דערשראָקענע קינדער: — איינער פאַר פינסטערניש, דער צווייטער — פאַר ליכטיקייט.

אין צימער איז געווען שטיל. דער לאָמפּ האָט טונקל געוואָרפן זיין שיין אויף די מאָדנע בילדער, אויפן קליינעם מענטשן אין שטול, אויף דעם וואַרשטאַט מיט דער גרויסער יצאַל פלעשלאַך, און מיר אַלע זיינען געווען דריי פרעמדע וועלטן אין איין וועלט. ליכט האָט זיך ניט געוואָלט פאַרמישן מיט שאָטן, און שאָטן — מיט ליכט.

זי האָט די ערשטע איבערגעריסן די שטילקייט: צוגעלאָפן צום האָרבאַטש, אָנגעכאַפּט מיט ציטערדיקע הענט זיין האַנט און מיט טרערן אין די אויגן אָנגעהויבן בעטן זיך:

— איך בעט אייך, פאַרגיט מיר. איך ווייס גאָר ניט וואָס איך רעד. איך בעט אייך: — פאַרגיט. אַך, גאָט!

ער האָט קאַלט געזאָגט:

— ניין. פאַרוואָס? אייער פילאָזאָפיע איז אַ קלאָרע און אַן אויסגעהאַלטענע. איר זייט גערעכט: — אַלץ, וואָס איז געזונט האָט ליב קונסט. און דערפאַר טאַקע איז דאָך די וועלט פול מיט קונסט. עס איז דאָך קיין זאַך ניטאָ אויסער קונסט. און אונזער לעבן איז — אַ שטענדיקע באַהעפטונג מיט קונסט. מיר לעבן מיט איר, באַוואוסטזיניק און אומבאַוואוסטזיניק. און דערפאַר קומט אויס אַזוי, אַז די וואָס לעבן צוליב איר באַוואוסטזיניק — זיינען גליקלאַך. און די וואָס לעבן צוליב איר אומבאַוואוסטזיניק — זיי־נען אפשר נאָך גליקלאַכער. און די וואָס ווילן צוליב איר ניט לעבן און האָבן זי, צוליב אָרגאַנישע סיבות, פיינט האָבן דעריבער קיין זין ניט אויף דער וועלט. זיי זיינען איבעריקע. דאָס האָט איר געוואָלט זאָגן?

זי האָט געשוויגן. איך האָב נאָר באַמערקט ווי איר ברוסט האָט זיך זייער שטאַרק געהייבן און געפאַלן. זי איז געשטאַנען אַ פאַרלאָרענע. און ער איז נאָך אַלץ געווען אַ קאַלטער און אַ רואי־קער. און אַז זי האָט נאָך עטלאַכע רגעס ניט געענטפערט האָט ער אַ קוק געטאָן אויף איר מיט זיינע גרויסע אָפענע אויגן און מיר האָט זיך אויסגעדוכט, אַז זיין פּנים האָט זיגעריש געשמייכלט. ער האָט געזאָגט:

— נו, זייט זשע ניט פאַרלאָרן. איך פאַרגיב דאָך אייך. ווייל איר זייט גערעכט. דערצו איז דאָך קונסט ניט מיין געביט. זי קען דאָך ניט זיין קיין געביט פאַר יענעם וואָס האָט זי פיינט. מיין געביט איז כעמיע.

ער האָט דאָס אַ זאָג געטאָן און געוויזן מיט דער האַנט אויפן טיש מיט די אַפּאַראַטן און פלעשלאַך. און מיר האָט זיך ווידער אויסגעוויזן, אַז זיין פּנים האָט געשמייכלט, און נאָכדעם שוין אָנ־שוויגן געוואָרן. געזעסן ווי פריער, אַזאַ קלייניטשקער, ווי אַן איינ־געהויקערטער אַלטיטשקער, און געשוויגן מיט מאָדנעם סודותדיקן שווייגן. זיין פּנים איז געוואָרן עלטער, צוזאַמענגעקנייטשטער און גרויער. זיין קערפּער — קלענער און אומבאַהאָלפענער. און עס איז געווען אַזוי ווי ער וואָלט דאָס אַליין אונטערשטראָכן און אָן ווער־טער געזאָגט: — איר זעט? אָט בין איך אַן אומגליקלאַכער קאַ־

ליקע. א הויקער. איך בין ניט געזונט און ניט שיין און עס עקלט אייך פון מיר. און איך האָב אייך דערפאַר פיינט. און איך וויל, אַז איר זאָלט עס וויסן.

מיר זיינען, שוין אויס העפלאַכקייט בלויז, פאַרבליבן באַ אים אין צימער נאָך א קורצע ווײַלע און זיינען אַרויס אויפגערעגטע און אביסל דערשראָקענע. באַזונדערס אויפגערעגט איז געווען דאָס מיידל. זי האָט ניט געקענט ריידן. אין איר קול זיינען געווען טרערן. לעבן איר צימער האָט זי שטיל א שעפּטשע געטאָן:

— אַך, וואָס איך האָב אָפּגעטאָן! איך האָב א שוואַכן מענטשן גראָב א שטוים געטאָן. איך האָב אַן אומגליקלאַכן — אומגליקלאַ־כער געמאַכט. איך בין אַן אומטאַקטישע. איך האָב זיך פיינט פאַר מיין אומטאַקטישקייט!

זי האָט מיר דערלאַנגט די האַנט. איר האַנט האָט שטאַרק געציטערט. און אַזוי איז זי, אַן אויפגערעגטע, פאַרשוואונדן הינ־טער דער טיר.

איך בין אַריין צו זיך אין צימער. באַ מיר איז געווען אַנ־דערש ווי אַלע מאָל. אין אַלץ איז געווען אַן אַנדער נשמה. אויף אַלע זאַכן איז געווען די האַנט, וואָס האָט זיי באַרירט. אין אַלץ איז געווען אַן אַנדער אָטעם. אירע בילדער אויף די ווענט האָבן אַלץ צוגעגעבן קאָלירן און לעבן. פון דעם איז געווען גוט און אור־מעטיק. טרויעריק און פרייליך. איך האָב לאַנג ניט געקאָנט איינשלאָפן. און שוין אינדערפרי, ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט, איז מיין ערשטער געדאַנק געווען וועגן דעם מיידל הינטערן וואַנט. איך האָב אפילו צו זיך אַליין א זאָג געטאָן אָפן קול:

— א ליכטיק מיידל אַזאַ. א וואונדערלאַך מיידל אַזאַ.

אָבער איך האָב פון איר ניט געהערט דעם גאַנצן טאָג. זי איז אַפּנים ניט געווען אינדערהיים, ווייל אין איר צימער איז געווען שטיל. עס האָט זיך פון דאָרט ניט דערטראָגן קיין איין שאָרך. אין אונזער ווינקל איז דעם גאַנצן טאָג געווען שטיל, ווי אַלע מאָל. ערשט אין אָוונט האָב איך דערהערט אירע שנעלע טריט איבערן קאָרידאָר און דעם קלונג פון איר שלאָס. און גלייך איז געוואָרן היימלאַכער און פרייליכער. און עס האָט זיך שטאַרק געוואָלט

זי זאָל פּלוצלונג, אזוי ווי נעכטן, אריין אין צימער און באַלעבן מיט איר אַנוועזנהייט די שטומע אנגסטיקייט פון מיין לעבן.

אין עטלאכע מינוטן ארום האָב איך טאַקע דערהערט טריט. איך בין צוגעלאָפן צום טיר. די טריט זיינען אָבער געווען ניט צו מיר. זיי זיינען געגאַנגען פארביי מיין טיר גלייך צו דער טיר פון האָרבאטש. איך האָב אויך דערהערט איר קלאַפּן צו אים. מער האָב איך קיין זאַך ניט געהערט. איך האָב אפילו קיין שטימען ניט געהערט, פונקט ווי די צוויי מענטשן וואָלטן גאָר ניט גערעדט. איך בין געזעסן אין מיין צימער אַן אומגעדולדיקער. איך בין געווען אומרואיק. איך ווייס ניט צי דאָס איז געווען פשוטע מענטשלאכע אייפערזוכט, אָדער נייגיר, אָבער איך האָב ניט געקענט פארגעסן איר אַנוועזנהייט ביים האָרבאטש אין צימער. אזוי איז אריבער אַ שעה און צוויי. אַ געהיימער שווייגן האָט געענטפערט אויף אַלע מיינע ספּעקולאַציעס וועגן דעם וואָס עס טוט זיך אין יענעם צימער. שוין גאַנץ שפּעט איז זי פון אים ארויס און איז צוגעגאַנגען צו מיין טיר. איך האָב מער דערפילט, ווי דערהערט איר שטילן קלאַפּן. איך האָב געעפנט און זי אריינגעלאָזן.

זי איז געווען בלייך. איר פּנים איז געווען טרויעריק און פארזאָרגט. איך האָב איר דערלאַנגט אַ שטול. זי האָט זיך אָבער אָפּגעזאָגט צו זיצן. זי איז געווען ערנסט. זי האָט אויסגעקוקט פיל עלטער ווי מיט אַ טאָג צוריק. אזוי ווי אַ שאָטן וואָלט זיך אוועקגעלייגט אויף איר פּנים און ניט געוואָלט אראָפּ. זי האָט מיך אָפּגעפירט צו דער וואַנט פון איר צימער, און שטיל, אז דער האָרבאטש זאָל ניט דערהערן, געזאָגט:

— איך בין בײַ אים געווען. איך בין אַ גאַנצן טאָג ארומגעגאַנגען אַ שולדיקע. איך האָב אים געמוזט זען.

איך האָב אַ פרעג געטאָן:

— ווי האָט ער אייך אויפגענומען?

זי האָט מאָדנע אַ שמייכל געטאָן:

— פרעגט ניט. גלייך ווי איך בין אריינגעקומען האָט ער מיר ביז אַ וואַרף געטאָן אין פּנים אריין: „איר זייט נאָך אַמאָל געקומען אַנקוקן דעם מענטשן, וועמען מ'קאָן באַוואונדערן און אויף

וועמען מ'קאָן רחמנות האָבן?" איך האָב זיך פאַרענטפערט. אָבער ער האָט גאָר ווי ניט געהערט מיינע ווערטער. ער האָט זיך אוועקגעזעצט לעבן דעם וואַרשטאַט און געטאָן זיין אַרבעט. און אויף מיר האָט ער זיך אַפילו ניט אומגעקוקט. האָב איך זיך אוועקגעזעצט אָן אַ זייט און אַזוי געזעסן שווייגנדיק. ער באַזונדער און איך — באַזונדער. אָבער דאָס מאַכט ניט אויס. ער האָט פיינט יעדן געזונטן מענטשן. אָבער מיר מוזן אים העלפן.

איך האָב אַ פרעג געטאָן:

— און וואָס הערט זיך מיט אייך? איר האָט געפונען באַשעפטיקונג?

— דאָס איז ניט וויכטיק. איך וועל שוין עפּעס געפינען. איך קאָן אַרבעטן. איך בין יונג און געזונט. און ער...

זי האָט טרויעריק אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט. און עס איז געוועזן אַזוי ווי אַ שוועסטער וואָלט געדערט פאַרזאָרגט וועגן אַ ברודער, וואָס איז קראַנק און הילפלאָז. און זי האָט צוגעגעבן:

— לאָמיר זיך מיט אים באַפריינדן. מיר וועלן ווערן איין משפּחה. איין מענטש דאַרף העלפן אַ צווייטן. איך וועל זיין זיין שוועסטער און איר — זיין ברודער.

אירע אויגן האָבן אַ גלאַנץ געטאָן. איר פּנים האָט אויפגעפלאַמט און געוואָרן ליכטיק. איך האָב נאָך אַמאָל פאַר זיך דערזען דאָס ליכטיקע מיידל. מיין האַרץ האָט אָנגעהייבן קלאַפּן מיט גלויבן. עפּעס האָט אַ ציטער געטאָן אין מיר און איך האָב שוין נאָכגעזאָגט אירע ווערטער:

— יע. מיר וועלן ווערן איין משפּחה. איר וועט זיין זיין שוועסטער, און איך — זיין ברודער.

און אַזוי האָבן מיר דעם גאַנצן אָוונט פאַרבראַכט אין האַרציקן געשפּרעך וועגן דעם מענטשן היטערן וואַנט. ביז זי איז אוועק.

יענעם אָוונט האָט דער האָרבאַטש ניט געשפּילט אויף זיין פידל.

דעם צווייטן אָוונט זיינען מיר ביידע צוגעגאַנגען צו זיין טיר און אָנגעקלאַפּט. ער האָט, ווי אַלע מאָל, ניט גלייך געענטפערט. מיר האָבן געמוזט אָנקלאַפּן אַ צווייטן מאָל. ערשט דאַן האָט זיך די טיר פאַר אונז געעפנט. דאָס מיידל האָט אים גלייך

באַגעגנט מיט אויפגערעגטע, אַביסל איבערגעטריבענע, אָבער זייער וואַרעמע ווערטער:

— אַנטשולדיגט אונז. מיר ווייסן, אַז איר זייט אַ פאַרנו־מענער מענטש. אָבער מיר זיינען דריי אין אַ פינסטערן ווינקל פון אַ געביידע. אַ וועלט פון דריי... ווילן מיר די לאַנגע אָוונטן זיין אינאיינעם. איך בין אַ פרוי, און אַ פרוי, דאַרפט איר וויסן, האָט פיינט איינזאַמקייט... און מיר ווילן זיין באַפריינדט מיט אייך. נו, און איר זייט אַן אינטערעסאַנטער מענטש....

זי האָט מער ניט געקענט רעדן, אַזאַ אויפרעגונג איז איר צוגעלאָפן פלוצלונג צום האַרצן. און ער איז געשטאַנען אַ גלייב־גילטיקער און אַן ערנסטער, געדולדיק איבערגעוואַרט אירע שנעלע רייד און געזאָגט:

— קומט אַריין. בא מיר איז היינט אַ יום טוב. איך האָב נעכטן באַנאַכט דערפאָלגרייך פאַרענדיקט מיין דערפינדונג. דער ערשטער עקספּערימענט האָט דאָס פולשטענדיק באַשטעטיקט. דאָס איז אַ רעזולטאַט פון צען יאָר אַרבעט.

ער איז דאָס מאָל געווען גאָר אַן אַנדערער. אין זיין קול איז געווען פריינטשאַפט. אין די אויגן איז געווען טריאומף. זיינע באַוועגונגען זיינען געווען שנעלע, אימפּעטיקע. פונקט ווי ער וואָלט אויך, ווי מיר, נאָך פון פריער צוגעגרייט אַ גוטע באַגעגעניש פאַר אונזער זאַרגפולער פריינטשאַפט.

דאָס מיידל האָט זיך ווידער די ערשטע אָפּגערופן:

— אַך, גאָט! ווי דאָס איז וואונדערלאַך!

זי האָט אָנגעכאַפּט זיין האַנט און זי הייס געדריקט. איך האָב אַ פרעג געטאָן:

— אין וואָס באַשטייט אייער דערפינדונג, מעג איך וויסן?

ער איז צוגעגאַנגען צום טיש און האָט זיך פון דאָרט צוריק־געקערט מיט אַ טויטער חיהלע. עס איז שווער געווען צו באַשטימען פון וועלכן מין די חיה איז. אַלע אברים זיינען געווען צוקרימט און שטייף, פונקט ווי אימיצער וואָלט אומיסטן אויסגעקרימט איר יעדן אבר באַזונדער. די האָר זיינען ערטערווייז געווען אָפּגעקראַכן

און עס האָבן אַרויסגעקוקט שוואַרצע פלעקן, פונקט ווי דאָס לייב פון דער חיה וואָלט געווען אָפּגעפאַרבט אויף שוואַרץ.

ער האָט דערקלערט:

— איר זעט? דאָס איז אַ קראָליק. עס איז שווער צו דער־קענען. אָבער בלויז מיט עטלאַכע שעה צוריק איז דאָס געווען אַ פּערפעקט קראָליקל. און איצט איז שווער צו דערקענען, אַזוי האָט ער זיך פאַרענדערט. דער פּראָצעס איז אַ זיכערער און אַ שנעלער. עס ווירקט מאָמענטאַל. קיין גרעסערן דערפאָלג האָב איך גאָר ניט דערוואַרט. אַ פולקאָמענע דערפינדונג. זעט וואָס איין טראָפּן פון דער פליסיקייט קען אויפטאָן מיט אַ לעבעדיקן וועזן אין ווייניקער ווי אַ האַלבע סעקונדע. עס איז צו באַוואונדערן.

איך האָב געזאָגט:

— איר האָט, הייסט עס, דערפונדן אַ טויטלאַכן סם?

ער האָט אונטערגעכאַפּט:

— יע. דעם טויטלאַכסטן פון אַלע ביז איצט דערפונדענע סמען.

און ער האָט גלייך גענומען דערקלערן די ווירקונג פון זיין סם אויף דעם אָרגאַניזם פון אַ לעבעדיקן וועזן. ווי עס ווערן מאָ־מענטאַל צעשטערט אַלע צעלן אינעם קערפּער אויף איין מאָל. ער האָט לאַנג און זיכער גערעדט וועגן יעדער איינצלהייט און אַליין, פון דער זייט, געוואָרפן אויפן מיידל זיינע אויפגעלעבטע בליקן, פונקט ווי ער וואָלט געוואָלט, אַז נאָר זי זאָל הערן זיינע רייד.

איך האָב אַ קוק געטאָן אויף דער מיידל. זי איז געווען זייער בלייך און דערשראָקן. זי האָט געשוויגן און מיט אַ פיינלאַכן אינ־טערעס צוגעהערט זיך צו די מאָדנע קאַלטע רייד וועגן דער צו־שטערונג פון אַ לעבעדיקן אָרגאַניזם און וועגן טויט.

ער האָט פּלוצלונג צוגעשפּאַנט צום טיש און מיט אַ זשעסט פון דער האַנט אונז איינגעלאַדן נענטער צום טיש. מיר זיינען שווייגנדיק צוגעגאַנגען. אין אַלץ איז געווען סוד. עס איז געווען אַזוי ווי מיר וואָלטן בייגעוואוינט אַ כישוף. ווייל ער האָט זיך, אָן ווערטער, איינגעבויגן און פון אונטערן טיש אַרויסבאַקומען אַ שלעפעריקן לעבעדיקן קראָליקל, וואָס האָט מיט שווערקייט גע־

עפנט די אויגן און זיי באַלד צוגעמאַכט. ער האָט ניט געוואָלט קומען צו זיך. דער האָרבאַטש האָט אים מיט געוואַלד פאַנאַנדער־געטרייסלט. דאָס קראָליקל איז אָפּגעשפּרונגען עטלאַכע טריט, צום מיטן פון טיש, און האָט זיך אוועקגעזעצט, שווער פּינטלענדיק מיט די מידע אויגן.

דערווייל האָט דער האָרבאַטש אָנגענומען אין אַ דינעם שטאָ־לענעם שפּריץ־אַפּאַראַט אַ טראָפּן פון אַ ברוינער פליסיקייט.

איצט האָט זיך דאָס מיידל ווי אויפגעכאַפּט פון זי פאַרגלי־ווערונג. זי האָט אים אָנגענומען פאַר דעם אָרעם און גענומען בעטן זיך:

— איך בעט אייך, צו וואָס דאַרפט איר טויטן דאָס קראָ־ליקל? אַך, גאָט, — צו וואָס דאַרפט איר טויטן אַן אומשולדיק קראָליקל?

ער האָט אויף איר אַ קוק געטאָן און קאַלט געזאָגט:

— איר דיינקט אַז צען יאָר אָנגעשטרענגטע אַרבעט פון אַ מענטשן זיינען ניט ווערט דעם פּרייז פון עטלאַכע קראָליקלאַך?

און ניט דערוואַרטנדיק קיין ענטפער האָט ער צוגערוקט צו זיך דאָס אומגליקלאַכע באַשעפעניש און אין אַ מאָמענט האָבן מיר דערזען ווי דער קראָליקל האָט זיך, עפּעס אַליין פון זיך, איבער־געקערט מיט די פיסלאַך אַרויף. זיין קערפּערל האָט זיך אַ צאַפּל געטאָן און, אין דער זעלביקער צייט, האָבן זיך זיינע אַלע גלידער גענומען קרעמפּן, אויסקרימען זיך און שטייף ווערן. און עס איז געווען אַזוי, ווי אַלע זיינע ביינער און מוסקולן וואָלטן, אונטער דער פעל, אָנגעהייבן, אין מוראַדיקער איילעניש, איבערוואַנדערן און בייטן זייערע פּלעצער אין דעם קליינעם קערפּער פון קראָליקל. דער איינדרוק איז געווען אַזאַ שרעקלאַכער. עס איז שווער געווען אַריבערצוטראָגן, אָן אַן אויסדרוק פון פּיין, אָט די נערוועזע אָנשטרענגונג.

אין ווייניקער ווי אַ סעקונדע איז שוין דאָס קראָליקל געווען טויט. און מיר דוכט זיך נאָך איצט, אַז דאָס וואָרט „טויט" דער־קלערט ניט אין פולער מאָס דאָס, וואָס עס האָט פּאַסירט מיט אַ לעבעדיקער באַשעפעניש און אין וואָס זי האָט זיך פאַרוואַנדלט

פֿאַר אונזערע אויגן. עס איז געווען אַזוי ווי מיר וואָלטן געזען, אין מיניאַטור, אַ וועלט־איבערקערעניש.

דער האָרבאַטש האָט געקוקט אַפֿן קראָליקל מיט טריאומף. זיינע אויגן און זיין פּנים האָבן קיין זאַך ניט אויסגעדריקט, אַ חוץ אַט דעם טריאומף. און נאָר מיר ביידע — איך און דאָס מיידל — זיינען געשטאַנען בלייכע און דערשראָקענע. מיר האָבן ניט גע־קענט ריידן. מיר האָבן אַפּילו ניט געקענט אויסדריקן אונזער שרעק. מיר זיינען געווען פֿאַרגליווערט. דאָס מיידל האָט זיך אָבער, די ערשטע, אויפֿגעכאַפּט פֿון אָט דער פֿאַרגליווערונג. זי איז גלייך געוואָרן היסטעריש. זי האָט מיט ביידע הענט אַ שאַר געטאָן אַרויף, איבערן בלייכן שטערן און איבער די צעשויבערטע האָר, אַ טאַמנעם בליק געטאָן אַנטקעגן זיך און מיט אַ ווילדער אימפּעטקייט אָנגעכאַפּט דעם האָרבאַטשס קליידער מיט קרעמ־פּיקע פֿינגער און גענומען אים טרייסלען. זי האָט אים געריסן, געשלעפּט און ניט אויפֿגעהערט צו שרייען ווילד און ספּאַזמאַטיש:

— מערדער! מערדער!! מערדער!!!

זיין קליינער קערפּער האָט זיך געוואָרפֿן אין אירע הענט. ער האָט זיך עטלאַכע מאָל פּרובירט אָנכאַפּן פֿאַרן טיש, פֿאַרן שטול און פֿאַר אירע קליידער. אָבער זיינע אויגן האָבן די גאַנצע צייט ניט אויסגעדריקט ניט קיין פֿאַרוואונדערונג און ניט קיין שרעק. אין זיי איז געווען בלויז בייזע עקשנות און קאַלטער גע־דולד, פּונקט ווי ער האָט באַדאַרפֿט בלויז איבערוואַרטן עפּעס. ניט מער.

און אַזוי פּלוצלונג ווי זי האָט אים אָנגעכאַפּט אַזוי האָט זי אים מיט אַמאָל אָפּגעלאָזן, אַרומגעקוקט זיך אין אַלע זייטן, ווי וועלנדיק באַשליסן וואָס צו טאָן, און אַוועקגעלאָפֿן צום טיר. איך האָב זיך אינסטינקטיוו אַ לאָז געטאָן נאָך איר. זי איז געלאָפֿן אין צימער. דאָרטן איז זי געפֿאַלן מיטן פּנים אויפֿן קישן און איר קערפּער האָט זיך גענומען וואַרפֿן אין אַ ביטערן יאָמער. זי האָט לאַנג געוויינט. ניט געוואָלט אויפֿהערן וויינען, ניט געוואָלט צו־הערן זיך אָדער נעמען אין אַכט מיינע באַרויִקענדיקע רייד. גע־וויינט אַזוי, ווי זי וואָלט באַקלאָגט אַ מענטשן, וואָס איז ערשט

געשטאָרבן און עס זיינען מיט אים אויך געשטאָרבן אויף אייביק די האָפענונגען פון׳ם אייגענעם לעבן. איך בין געזעסן לעבן איר און געוואַרט. ענדלאַך האָט זי אויפגעהייבן איר קאָפּ פון דער נאַסער קישן. זי האָט אויסגעזען זייער אומגליקלאַך. זי האָט מיט שווערקייט געזאָגט:

— אַך, ער איז אַזאַ מערקווירדיקער מענטש. אַזאַ מענטש...

און אין אַ ווײַלע אַרום האָט זי צוגעגעבן:

— איר הערט, — איך מוז זיך פאַר אים אַנטשולדיקן. אַך, וואָס פאַר אַ ווילדע באַשעפעניש איך בין! איך בעט אייך, קומט מיט מיר.

זי איז אויפגעשטאַנען, צורעכט געמאַכט אַף שנעל איר קלייד און אירע האָר, אָפּגעווישט מיט אַ טיכעלע דאָס פּנים, און מיר האָבן זיך געלאָזט גיין צוריק צום האָרבאַטש.

ער איז געזעסן אין אַ שטול, ווען מיר זיינען אַריין. ער האָט זיך אַפילו ניט אַ ריר געטאָן פון אָרט. און, ווי מיט אַ נאַכט צוריק, איז ער געווען קלענער ווי אַלע מאָל און עלטער. און זיין פּנים האָט אויסגעזען גרוי און בייז. עס איז אַף אים ניט געווען קיין סימן פון פריערדיקן טריאומף.

זי איז צוגעגאַנגען צו אים ווי אַ שולדיקע:

— איך בעט אייך, איך האָב ניט געוואוסט וואָס איך האָב געטאָן. איך האָב זיך ניט געקאָנט העלפן. די אַנזיכט פון טויט. אַך, גאָט! עס איז געווען אַזוי שרעקלאַך!

זי האָט זיך נאָך אַמאָל געכאַפּט פאַרן קאָפּ. זי האָט זיך קוים געהאַלטן אַף די פיס. איך האָב איר געגעבן אַ שטול. און מיר אַלע האָבן געשוויגן.

ער האָט אַף אונז אַ קוק געטאָן. ניט איין מאָל, נאָר עפּעס עטלאַכע מאָל, ווי ער וואָלט וועלן און ניט וועלן אָנהייבן צו רעדן. נאָכדעם געזאָגט:

— נאָך וואָס זייט איר געקומען? מיר זיינען איינער דעם אַנדערן קיין זאַך ניט שולדיק. איך ווייס: איר ווילט מיר העלפן. „העלפן“, אַזוי רופט איר דאָך דאָס? נו, מיר האָבן שוין פיל מענטשן געוואָלט „העלפן“. אייגיקע, צוליב דעם, וואָס זיי האָבן

אין מיר דערזען טאַלאַנט, אַנדערע — צוליב רייכקייט אין איבער־ריקן געלט, און נאָך אַנדערע — אפשר צוליב רייכקייט אין גוטע מענטשלאַכע געפילן. אָבער דאָס איז דאָך אַלץ איינס, ווייל אין אַלע דריי פאַלן זיינען פאַרמישט גרויסע דאָזן פון פערזענלאַכער באַפרידיקונג, פון רחמנות און מיטלייד צום שוואַכערן און אומ־גליקלאַכערן. און פאַר מיר איז ניטאָ קיין גרעסערע ביטערקייט פון אָט דער מענטשלאַכער גוטסקייט. איך קען צוליב איר ניט פאַרטראָגן די וועלט. איר הערט: — איך קען פאַרטראָגן מיין איינזאַמקייט, מיין אָרעמקייט און אפילו מיין קראַנקייט, אָן פּראָטעסט און ביטערניש, אָבער איך קען ניט פאַרטראָגן אָט די מענטשלאַכע מיטלייד צו מיר. און זי איז אין יעדן, וואָס קומט מיר אַנטקעגן און וואָס גייט מיר נאָך פון הינטן. זי באַגלייט מיך אויף יעדן שריט און טראַט. זי גנבעט זיך אפילו אריין אין מיין צימער. איך קען זיך פון איר ניט באַפרייען. און דאָ קומט איר צו מיר און ווילט דוקא באַשענקען מיך מיט אייער אָפענער מיט־לייד. איר קומט צו מיר אין מיין צימער און שטאָפּט מיר ממש מיט געוואַלד אין האַלז אריין אייער גוטסקייט. אָט קום איך דאָך ניט צו אייך איינצוטיילן אייך אַביסל פון מיין בייזקייט, פאַר־ביטערונג און שנאה. און איר קומט מיט אייער גוטסקייט. און אין דער אמתן איז דאָך אייער שנאה צו מיר ניט קלענער פון מיינער — צו אייך. דער געזונטער האָט דאָך קיינמאָל ניט וויי־ניקער פיינט דעם קראַנקן, ווי דער קראַנקער — דעם געזונטן. ניין, לאָזט צורו !

ער האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, און געבליבן זיצן אין דער זעלביקער פּאָזע, ווי פריער, אַ קאַלטער, אומבאַוועגלאַכער און סודותדיקער. זי האָט אַ קליינע ווײלע אָפּגעוואַרט. און מיט אַ צעהיצטן פּנים אָנגעהויבן אַרגומענטירן :

— ניין. איר פאַרשטייט פּשוט ניט. מיר קומען ניט אַהער מיט מיטלייד. מיר קומען בלויז דערנענטערן זיך. מיר זיינען אַליין אומגליקלאַך און זוכן נאָענטקייט, פריינטשאַפט. אויב איר גלויבט אין פריינטשאַפט. מיר זיינען דאָ אַליין און איר זייט דאָ אַליין. פאַרוואָס ניט דערנענטערן זיך ?

ער האָט אין זעלביקן טאָן געזאָגט:

— אָבער צו וואָס זוכן די דערנעענטערונג מיט מיר? איר האָט דאָך שוין זיכער געהאַט אַ געלעגנהייט צו איבערצייגן זיך, אַז איך וויל ניט אייער דערנעענטערונג. איך מייד זי אויס. און צו וואָס? — וואָס איך טו וועט אייך ערגערן און רעגן. און וואָס איר וועט טאָן וועט מיך ניט ווייניקער ערגערן און רעגן. מיר קענען זיך ניט פֿאָרן און ניט חברן. איך בין אַ קראַנקער. אַ קאַ־ליקע. איך האָב פֿיינט דאָס לעבן. איך האָב פֿיינט מענטשן און נאָך מער — געזונטע מענטשן. און איך דאַרף דאָס בכלל פֿאַר־ענדיקן. עס איז שוין, דאַכט זיך, גענוג.

זיין קול איז געווען קלאָר און זיכער. עס איז אין אים ניט געווען קיין פֿאַרדראָס און קיין פֿאַרביטערונג. ער איז אַראָפּגע־שפּרונגען פֿון שטול, צוגעגאַנגען צום טיש, וואו עס זיינען נאָך געלעגן די פֿאָרמלאָזע, פֿנימלאָזע קראָליקלאַך און האָט זיי מיט גלייכגילט אַ שליידער געטאָן אין ווינקל. די האַרטע קערפּערס פֿון די טויטע קראָליקלאַך האָבן אַ טעמפּן קלאַפּ געטאָן אויפֿן דיל און זיינען געבליבן ליגן לעבן די פֿאַרשטויבטע סטאַטועטקעס, אליין מאָדנע ענלאַכע צו אָט די טויטע שאַפֿונגען פֿון אַ מענטשנס האַנט. און דער האָרבאַטש האָט זיך צוריקגעקערט צו זיין פּלאַץ, אוועקגעזעצט זיך און אַזוי פֿאַרשטיינערט געוואָרן אין זיין שווייגן. ער האָט שוין אַף אונז ניט געקוקט. אַזוי ווי מיר וואָלטן גאָר ניט געווען אין צימער. זיינען מיר נאָך אַ ווײַלע געזעסן, שווייגנ־דיקע, און אַרויס פֿון זיין צימער מיט אַ געפֿיל פֿון ווייטיק און גרויסער מענטשלאַכער באַליידיקונג.

מיר זיינען אַריין צו מיר אין צימער. איך האָב פֿאַרלאָרן געזוכט אַן אויסדרוק פֿאַר מיין שווערן געפֿיל און ניט געקענט געפֿינען. אָבער זי האָט אים גלייך געפֿונען אין געוויין. זי האָט זיך פֿאַנאַנדערגעוויינט, ווי עס וויינט אַ קליין, באַליידיגט קינד. און אין מיין צימער איז געווען אַ טרויער, ווי עס וואָלט דאָ ערשט מיט עטלאַכע מינוט צוריק געטראָפֿן אַן אומגליק.

עס האָט געדויערט אַ היבשע ווײַלע ביז מיר האָבן געקענט

ריידן צווישן זיך. מיר האָבן די גאַנצע צייט אויסגעמידן צו קוקן איינער דעם אַנדערן אין די אויגן. ענדלאַך האָט זי געזאָגט:

— איר ווייסט איך האָב אַ שרעקלאַכן פאַרדאַכט. איך האָב מורא גאָר אַרויסצוזאָגן. איך ווייס גאָר ניט ווי דאָס אייך צו זאָגן, אַזאַ מאָדנער מענטש איז ער. עס איז אַזוי שרעקלאַך.

איך האָב אָבער גלייך פאַרשטאַנען איר פאַרדאַכט. אַלץ איז שוין געווען אַזוי קלאָר, אַז עס האָט גאָר אַנדערש ניט געקענט זיין. איך האָב געזאָגט:

— איר מיינט, אַז ער וועט זיך פאַרסמען?

— יע. ער וועט זיך פאַרסמען. ער האָט דאָך זיכער ניט ־ערפונדן דעם סם בלויז צוליב דעם, כדי צו עקספּערימענטירן אַף די קראָליקלאַך. אַך, גאָט, ער וועט זיך זיכער נעמען דאָס לעבן, דער שרעקלאַכער מענטש!

זי איז געווען בלייך און דערשראָקן. אָבער אין אַ ווײַלע אַרום האָבן מיר דערהערט די באַקאַנטע קלאַנגען פון זיין פידל, איז אונז אַביסל גרינגער געוואָרן. ווי אַלע מאָל, זיינען די קלאַנ־גען געבאָרן געוואָרן פון אָנהויב שטילע און זיינען, ביסלאַכווייז, געוואָקסן. און אין זיי איז ניט געווען ניט קיין טרייסט און ניט קיין טרייסטלאָזיקייט. זיי זיינען, ווי אַלע מאָל, געווען כאַאָטישע און אומפאַרשטענדלאַכע. ער האָט זיי אויפגעזוכט און אויפגענו־מען פון דערלופטן. ווי פאַרבלאָנדזשעטע נשמות, וואָס האָבן גע־זוכט אַ תיקון און האָבן ניט געפונען. און אַזוי האָט ער לאַנג גע־שפּילט, ביז אין טיפער נאַכט אַריין.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

.... ער האָט אפנים יענע נאַכט באַגאַנגען זיין שרעקלאַכן זעלבסטמאָרד. ווייל שוין אַף מאָרגן האָבן מיר אַ גאַנצן טאָג ניט געהערט קיין אייציקן שאָרך אין זיין צימער. אין אָוונט האָבן מיר ניט געהערט זיין פידל־שפּילן. האָט דאָס שוין נאָך מער באַ־שטעטיקט אונזער פאַרדאַכט. און ווען מיר זיינען, אויף איבער־מאָרגן, אינאיינעם מיט מענטשן, אַריין אין זיין צימער, האָבן מיר אים געפונען ליגנדיק אפן דיל, פאַרמלאָז און פאַרברענט אַף שווארצקייט פון קויל.

### אין ליכט און אין שאָטן

די אונטערזוכונג איז געווען אַ קורצע. מיר האָבן געגוי דער־ציילט אַלץ, וואָס מיר האָבן געוואוסט.

אַזוי איז ער געשטאָרבן מיט זיין אייגענעם טויט. אין דעם זעלביקן טאָג האָבן מיר אויך פאַרלאָזן אונזערע צימערן: — זי האָט זיך איינגעפּאַקט און איז אַוועקגעפאָרן פון דער גרויסער שטאָט צו אירע עלטערן, אין איר פאַרוואָרפן שטעטל. און איך האָב זיך געפונען אַן אַנדער צימער. אָבער אין האַרצן איז אַף אַלע מאָל געבליבן דער אָנדענק פון יענעם מענטשן, וואָס האָט געטראָגן אַ ביטערע שנאה אַף דער וועלט און אַף מענטשן און וואָס האָט נקמה גענומען נאָר פון זיך אַליין.

# מאַטראָסן

.1

די גרויסע אָקעאַנשיע פּראַכט־שיף האָט רואיק געשניטן די וואַסער־בערג, געפּויזעט איבער צעריסענע שטיקער הימל, וואָס האָבן זיך — אַט פאַרוואָלקנטע און אַט קלאָרע — געבאָדן אין די טיפן פון דעם גרויסן אָקעאַן. וואָס האָבן אָפּט צווישן זיך געביטן זייערע קאָלירן: דאָ פלעגט דער הימל אָנטאָן אויף זיך דאָס קלייד פון ים און דאָרט פלעגט דער ים זיך אויספּוצן אין די בונטע קאָלירן פון הימל, באַמאָלן זיך מיט דעם גאָלד פון דער אויפגייענדיקער אָדער פאַרגייענדיקער זון, שפּילן זיך מיט ווייסע לויפנדיקע וואָלקנדלאַך, מיט שפּרינגענדיקע זון־העזעלאַך.

ערשט אויפן אכטן טאָג האָט מען גענומען ארומבויגן די דרום ברעגן, און די שיף האָט גענומען שלייכן אין שטילערע וואַסערן, אינגאַנצן עטלאַכע מייל פון ברעג, אין אנזיכט פון זוניקן, רייך־קאָלירטן לאַנד.

די מאַטראָסן, וואָס האָבן באַזונדערס ליב אָט דעם ליכטיקן ברעג, זיינען שוין באַצייטנס געשטאַנען און ארויסגעקוקט מיט נייגעריקע, פאַרטראַכטע אויגן, אין דערוואַרטונג צו באַטרעטן דעם זוניקן פּאַס לאַנד. און די, וואָס זיינען געווען פאַרנומען אין דעם אינגעווייד פון שיף, זיינען אויך צוגעלאָפן צו די רונדע פענצטער־לאַך פון דער מאַשין־אָפּטיילונג און פון די טרומען, צוגעפאַלן צו זיי מיט פאַרשמירטע, אויליקע פּנימער און געקוקט, געקוקט צום ברעג. און פון זייערע פאַרשוויצטע, שמוציקע, טונקעלע פּנימער האָבן געברענט די אויגן מיט אַ באַזונדער לעבעדיקייט: — לאַנד!

און אַז די קאָנטורן פון ברעג האָבן זיך גענומען בולטער באַווייזן, האָט איינער פון די מאַטראָסן, וואָס איז געשטאַנען הויך,

אויף דעם שטריק־לייטער, אַ געשריי געטאָן צו די חברים, וואָס זיינען געשטאַנען ארום באָרט:

— העי, חברה, לאָמיר אַ שווים טאָן צום ברעג. ס'איז נאָענט, מיט דער האַנט צו דערלאַנגען!

אימיצער האָט זיך אָפּגערופן:

— עך, ס'וואָלט געווען ניט שלעכט!

ספּייק, אַן עלטערער מאַטראָס, האָט אונטערגעכאַפּט דעם געשפּרעך און האָט, מיט דער זיכערקייט פון אַן עלטערן, געזאָגט:

— אַ גוטער שווימער וואָלט אין צוויי שעה צוגעשוואומען צום ברעג.

— אַ־נו, זיי דו אַ כוואַט און באַוויז די קונץ!

— איך וואָלט שוין דיר באַוויזן די קונץ איינס־און־צוויי, זאָל מיר אָבער די קאָמפּאַניע אויסצאָלן אַפּריער מיין געלט.

— נו, דו באַרימסט זיך שוין, ספּייק. אפשר אין אַ שיפל, אָבער אַזוי — ניין ברודער, ס'וועט דיר אויספעלן אָטעם.

— כ'זאָג דיר, איך וואָלט איבערגעשוואומען! איך, ברודער, קאָן שווימען! איך האָב דאָס איינמאָל געטאָן. און נאָך ווי אַזוי! איך בין דאַן געווען אינגער, פיל אינגער. געהאַט אַ געליבטע אין מיאַמי, און אַז איך האָב דערזען דעם פּאַס לאַנד אַזוי נאָענט, האָט עס מיך אַ ברען געטאָן. פאַרביינקט זיך נאָכן מיידעלע נאָך מיינער.. די קאָמפּאַניע איז מיר שולדיק געווען אַוועלכע צוועלף דאָלאַר אינגאַנצן, און די שיף איז מיר דאַן אויך נמאס געוואָרן, האָב איך זיך ארומגעקוקט, אַז קיינער זעט ניט, אַ שפּרונג געטאָן אין ים און אין אַ שעה־אָנדערהאַלבן בין איך שוין געווען אפן ברעג.

טאָם, אויך אַן עלטערער מאַטראָס, האָט קאַלט אַ שפּיי געטאָן אין ים און געזאָגט:

— נו, דאָס איז שוין מאַטראָסישע באַרימעריי! מיר קאָנען דיך.

— כ'שווער! איך האָב נאָך דאַן געהאַט אַ געליבטע אין מיאַמי.

— און דאָס איז אויך אַ ליגן. מאַטראָסן האָבן ניט קיין געליבטע.

אַלע האָבן זיך פאַנאַנדערגעלאַכט, ספּייק האָט אָבער ווייטער דערציילט זיין מעשה:

— איך בין צוגעשוואומען צום ברעג, אויסגעטאָן זיך. אויסגע־שפּרייט די קליידער צום טריקענען. די זון שיינט, און אפן האַרצן איז אַזוי גוט וואָס איך בין אויף דער טריקעניש. אָט נאָך אַ פּאָר שעה, און איך וועל דערזען די געליבטע. און איך גיב אַ קוק — די שיף איז שוין ניטאָ, אוועק! געוועזן אינגער! די בלוטן האָבן געקאָכט, ווי זודיקע קעסלען, אַז איך בין געקומען צו דער געליבטער — נו, איז דאָס געווען אַ באַגעגעניש!

טאָם האָט זיך ווידער מיט בייזער סאַרקאַסטישקייט אָפּגערופן:

— ס'אַ ליגן! ווער וועט עס דיר גלויבן? וואו האָסטו געזען, אַז אַן אונזעריקער, אַ מאַטראָס, זאָל דאָס טאָן צוליב אַ געליבטער? צו דעם דאַרף מען פאַרמאָגן אַ האַרץ, מענטשלאַכקייט. זע בעסער, צי עס האָט דיך, צומאָל, אַ ים־שפּריץ ניט אַראָפּגעשווינקט אין ים אריין. און נאָכדעם ביסטו געקראָכן צוריק, אַ נאַסער, ווי אַן אויס־געווייקטע שמאַטע!

אַלע האָבן זיך פאַנאַנדערגעלאַכט. און ספּייק האָט שוין אַ באַליידיקטער, מיט איינגעהאַלטענעם כעס, אַ זאָג געטאָן:

— כ'שווער, ס'איז אמת!

— ווער וועט דיר דאָס גלויבן? אַ מאַטראָס שווערט זיך!

אַלע האָבן זיך ווידער פאַנאַנדערגעלאַכט. און ספּייק האָט געזאָגט:

— איך זאָג ס'איז אמת. און דו מאַך צו דיין גיפטיקע מויל, אַז ניט — וועל א י ך זי דיר צומאַכן!

— האָסט קורצע הענט. וועסט ניט דערלאַנגען!

— כ'וועל שוין דערלאַנגען!

— פּרואוו!

אין אַ רגע אַרום זיינען שוין די צוויי עלטערע מאַטראָסן גע־שטאַנען איינער קעגן דעם אַנדערן, געקוקט איינער דעם אַנדערן אין די גרויע, האַלב־אויסגעלאָשענע אויגן אריין, געקרימט אין גרימאַסן די פּנימער. די אינגערע האָבן געלאַכט און אונטער־געהיצט:

— גיב אים, ספּייק!

— ווייז אים, טאָם!

און די צוויי זיינען שוין נאָך נענטער געשטאַנען איינער צו דעם אַנדערן, נאָך טיפער ארייננעקוקט אין די אויגן, געשטאַכן ווי מיט שפּיזן, ביז אין דער נשמה אריין. זיי האָבן שווער גע־סאָפּעט. די ברוסטן האָבן זיך אויפגערעגט געהויבן. די פויסטן האָבן זיך געביילט שטייפער און שטייפער, און אין א רגע ארום א לאָז געטאָן זיך, מיט רציחה, אין א ביטערן געשלעג. צום סוף האָט מען זיך איינגעקלאַמערט איינער אין דעם אַנדערן און גענומען זיך קייקלען איבערן דעק. אָט איז איינער געווען אויבן, און אָט — דער צווייטער. די איבעריקע מאַטראָסן זיינען געשטאַנען אין קרייז און האָבן מיט ברענענדיקע אויגן נאָכגעפאָלגט זייערע באַוועגונגען, און ערשט ווען עס האָט זיך, פון דערווייטן, דערהערט דעם קאַפּי־טאַנ'ס פייפל, האָבן זיי זיך א לאָז געטאָן צו די צוויי אַלטע מאַטראָסן און אָנגעהויבן פאַנאַנדערצונעמען. און ווען דער קאַ־פּיטאַן איז צוגעגאַנגען זיינען נאָך די צוויי געשטאַנען איינער קעגן אַנדערן, געוואָרפן זיך מיט גראָבע ווערטער, ווי מיט אָנגעגליטע שטיינער. אָבער אַלץ איז שוין געווען פאַריבער.

דער קאַפּיטאַן איז, אָן אָנגעכמורעטער, געשטאַנען א ווײַלע און מיט א נידעריקער שטים געזאָגט:

— איר וועט ארייננקומען אין אָפּים!

געזאָגט, און אוועק מיט שנעלע טריט. די צוויי האָבן זיך א לאָז געטאָן נאָך אים, געהאַלטן זיך אויף א שטרעקע איינער פון דעם אַנדערן, און נאָך אַלץ געבורטשעט גראָבע, באַליידיקנדיקע רייד. די איבעריקע מאַטראָסן האָבן זיי פון הינטן נאָכגעכיכיקעט, און נאָך לאַנג געשמועסט ארום באָרט וועגן דעם, ווער עס האָט וועמען בעסער געגעבן, און נאָר די שיף איז, א רואיקע, געשוואומען, געשוואומען פאַרביי דעם ברעג, געקראָכן איבער וואַסערדיקע בערג.

.2

די שיף האָט נאָך באַדאַרפט שווימען גאַנצע דריי שעה אַרום דעם ברעג, נאָכדעם פאַרנעמען זיך לינקס און ווענדן איר גאַנג, ווידער אַמאָל, צום ברייטען ים.

ביים ברעג, ווי ווייט דאָס אויג האָט געקאָנט זען, איז געווען אַ טויטקייט. פונקט ווי קיין לעבעדיקער ווען וואָלט דאָרט קיינ־מאָל ניט געלעבט. ניט געווען קיין לעבן. אַלץ איז געווען פאַרזונקען אין שווייגן. פוסטקייט און שווייגן. די בערגלאַך האָבן ניט גע־אָטעמט. האָבן זיך אויסגעלייגט, ווי געקוילעטע אָקסן, מיט אויפ־געבלאָזענע בייכער אַרויף, און געוואַרט, ביז עס וועט זיך פון ים אויפהויבן אַ שטורעם, אָראָפּשינדן פון זיי די פעל און לאָזן זיי, מיטן נאַקעטן פלייש, ליגן קעגן הימל.

די יבשה איז געווען טויט, נאָר דער ים האָט געלעבט. האָט אייביק געלעבט מיט יעדן טראָפּן פון זיינע וואַסערן, מיט יעדן מילב, מיט יעדן פיש. דאָס לעבן אין אים איז עגווען שטענדיק שטורמדיק. האָט זיך קיינמאָל ניט אָפּגעשטעלט. אין זיינע טיפן האָבן זיך שטענדיק געצויגן פּראָצעסיעס. צווישן וואונדערלאַכע קאָראַלן און ים־גראָזן, ווי צווישן פּאַלאַצן פון פּרעכטיקע שטעט, זיינען די פּראָצעסיעס געגאַנגען. אַלץ האָט געפלאַמט אין קאָלירן פון רעגנבויגן, אין ליכט פון אָט־די שפּילעווודיקע פאַרבן: — אָט פלאַמט אויף אַ פּראָצעסיע אין גרין, און אָט — אין פּורפּור, אין פיאָלעט, אין בלוי און ווידער אין בלאַסן גרין. די קאָלירן בייטן זיך, מישן זיך צונויף, ברייטערן זיך אויס. און די פּראָצעסיעס גייען און גייען אין אַן אייבקין צערעמאָניאַל. ריכטן אָפּ אַן אייביקן ריטואַל — ים לעבן.

יע. אין דער טיפעניש איז געווען יום־טוב.

עס איז געוואָרן שפּעטער נאָכמיטאָג. די זון האָט זיך געזעצט נידעריקער אין ים אַריין. געוואָרפן קרומע שטראַלן אויף בערג און אויף טאָלן. געפאַרבט זיי אין ווייכע אָוונטלאַכע קאָלירן. האָבן זיי

אויסגעזען אזוי, ווי מ׳וואָלט זיי אויסגעשפּרייט מיט ווייכן סאַמעט פון אַלערליי קאָלירן.

און אויך דער ברעג האָט אויפגעלעבט. אָבער ניט אויף לאַנג. ווי נאָר די זון איז אַראָפּגעפאַלן אין ים — זיינען די קאָלירן גלייך פאַרשוואונדן. אַ גרויע טונקלקייט האָט זיך אויסגעלייגט אין די קנייטשן פון דער ערד. איבער בערג און בערגלאָך האָט זיך גענומען שפּרייטן אַ רויכל, פּונקט ווי אין אַלע ריכטונגען וואָלט מען איבער זיי צעלייגט פאַרנאַכטיקע פייערן. די פייערן האָט מען ניט געזען, אָבער דער רויך האָט ארומגעפויזעט און געקראָכן, ווי אַ חיה, ביז ער האָט, ווי אַ נעבל, פאַרוויקלט די ווייטקייט און זיך צונויפגעגאָסן מיטן הימל. ערשט דאַן האָט מען דערפילט, אַז די שיף האָט זיך דערווייטערט פון ברעג, איז זיכער געשוואומען אין ים, אין טיפער נאַכט אריין, אין די ווייטע ווייטקייטן אריין.

קופּער, אַ יונגער מאַטראָס, איז געשטאַנען לעבן באָרט פון שיף און מיט אומעטיקע אויגן באַגלייט די פאַרשווינדנדיקע ערד. ער איז פריי געווען פון ארבעט נאָך גאַנצע צוויי שעה. די שיף און געגאַנגען איר וועג אָן אים. די שווערע פראַכט, און קאַסטנס, איז רואיק געלעגן און געדולדיק געוואַרט, ביז מען וועט אין ערגעץ אָנקומען און מיט הויכע הויב־מאַשינען ארויסלאָדן אַפן ברעג.

קופּערן איז געווען אומעטיק. דריי יאָר איז ער ארומגעפאָרן איבער דער וועלט. אויסגעווען אין אַ סך לענדער און שטעט. און דער דורשט צו רייזן און צו פירן דאָס שווערע לעבן פון אַ מאַטראָס איז נאָך אַלץ געווען — אַ יום־טוב. דאָס האַרץ האָט שטענדיק געקלעמט מיט דערוואַרטונג. עס האָט עפּעס באַדאַרפט פאָרקומען, פּאַסירן, וואָס זאָל דערקלערן, פאַר אים אַליין, דאָס, וואָס ער, אַ איד, איז געווען אַ מאַטראָס, האָט זיך אָנגעשלאָסן אָן אַ גרופּע פרעמדע מענטשן, געלעבט מיט זיי, און אַזוי געטראָגן, מיט זיי אינאיינעם, דעם טונקעלן שיקזאַל פון אַ מאַטראָס אף אַ גרויסער אָקעאַנישער פראַכט־שיף.

עס האָבן זיך דערמאָנט פּאַסירונגען. עס זיינען געקומען און פאַרשוואונדן באַקאַנטע בילדער, האַפן־שטעט. אָט איז ארויסגעשוואומען אין זכרון אַ האַפן, אַ פּאָרט אַפ׳ן שוואַרצן ים. הויכע

בערג, אויסגעלייגטע אין טערראסן. און איבער זיי — קליינע שטיבלאך, יצעשטעלטע איינע איבער דער אנדערער, ווי קארטן־שטיבלאך. און נאך העכער — הויכע טורעמס, פרעכטיקע פאלאצן, איינגעטונקען אין דרומדיקע גרינסן. און עס שווימט ארוים די עקזאטישע ריא־דע־זשאנעירא, פאלמען, אלטע, צעקרומטע געביידעס אף גרויען פעלז. טונקעלע מענטשן. בליציקע פרויען־אויגן. פרעמדע בליקן אף שמאלע גאסן. און נאך און נאך. שטעט מיט הויכע קיפארים, שליאכן מיט לאנגזאם־ציענדיקע קאראוואנען פון קעמלען און אייזלען, אנגעלאדענע מיט וויגנדיקע פעק אף זייערע אנגע־בלאזטע בייכער. די בילדער האבן זיך געמישט, געביטן זיך. אינדיע און דייטשלאנד. שפאניען און יאפאן. כינע און רוסלאנד. און אין יעדן פארט זיינען געווען שטילע טונקעלע וואסערן, מיט רוענדיקע שיפן, וואס זעען אויס אין די נעכט ווי שווארצע טויטע מאנסטערן. און אומעטום — שיפן. און זיין לעבן — א רייך מאטראסיש לעבן, איבער דער לענג און ברייט פון גרויסן ערד־קוגל.

דאס לעבן איז געווען רייצנדיק. די וועלט — גרויס. און דאס גליק איז געווען ערגעץ פארבארגן אין דער ווייטער וועלט. מען האט עס באדארפט אויפזוכן, געפינען. אף דעם איז, אפנים, א מענטשן דאס לעבן געגעבן געווארן. א גאנץ לעבן. און אף דעם איז אויך דאס גליק געגעבן געווארן, — מ'זאל עס זוכן און, אפשר, אויפזוכן. ווייל ווייט אין ים זיינען געלעגן עקזאטישע אינזלען. נאך ווייטער — פרעמדע לענדער. מאדנע מענטשן. רייצנדיקע פרויען. און וויפיל פרויען ער האט געזען אין זיין לעבן — זיינען פארבליבן נאך, און נאך רייצנדיקערע. עס איז ניט געווען קיין סוף צו זייער רעגנדיקער נייקייט. און אלע זיינען זיי געווען — אהינטער ימ'ען. אין ווייטע, פארווארפענע לענדער, און צווישן זיי איז אלע מאל געווען איינע, אן איינציקע. און דאס הארץ האט געביינקט נאך אט דער איינער, נאך דער איין־איינציקער.

דאס לעבן איז געווען טונקל און קלאר. דאס לעבן איז געווען אומעטיק און פריילאך. פאראויס זיינען שטענדיק געווען וועגן. און דערצו האט קופער ליב געהאט נייע פנימער. אזא ליבשאפט געווען צו נייע פנימער. די אויגן האבן געזוכט א ניי פנים, און אין יעדן

פּנים — אַ נייע וועלט. וויפיל פּנימער אַזוי פיל וועלטן. האָט קופּער געוואָלט מער כח צום לעבן, געוואָלט באַגעגענען מער מענטשן און זען מער וועלטן.

און אַז בען קופּער האָט געטראַכט, צום וויפלטן מאָל, אָט די פּשוטע געדאַנקען, איז אים אַליין קלאָר געוואָרן זיין אייגענער שיקזאַל. און ער האָט שוין געוואוסט דעם זין פון זיין לעבן. עס איז ניט געווען און עס האָט ניט געקאָנט זיין קיין אַנדער זין, איז פון דעם געווען גוט און לייכט אַפן האַרצן. ער האָט זיך אויס־געגלייכט און איז מיט שנעלע טריט אַוועק צום מיטן דעק פון שיף, וואו עס איז, אַף אַן אַלטן זאַק, מיטן פּנים צום הימל, געלעגן דער אַלטער מאַטראָס, טאָם. נאָך דעם געשלעג און נאָך די שווערע שטראָף־רייד פון דעם קאַפּיטאַן איז ער געווען אויסגעשעפּט און מעלאַנכאָליש. ער האָט האַלב־געדרעמלט, האַלב — געוואַכט.

בען קופּער איז צוגעגאַנגען צו אים, אַוועקגעזעצט זיך און אַ זאָג געטאָן:

— העי, טאָם, לאָמיר ריידן.

טאָם האָט קאַלט און גלייכגילטיק געענטפערט:

— ריידן? פון וואָס — ריידן? ניטאָ פון וואָס צו ריידן.

— פון פרויען. אַפן ים דאַרף מען ריידן פון פרויען, ווייל זיי זיינען ניטאָ. און זיי פעלן, צו אַלדי שוואַרצע יאָר!

טאָם האָט אָפּגעוואַרט אַ רגע און געזאָגט:

— בע! פון זיי איז ניטאָ וואָס צו ריידן. פרויען! וואָס איז דאָ צו ריידן פון זיי? פּוסטע ליאַלקעס אין קאָלירטע קליידלאַך!

— און וועגן ליבע? וועגן אַ געליבטער?

— וועגן ליבע? וועגן אַ געליבטער? בע! אַ מאַטראָס האָט ליב אַלע פרויען. אַ מאַטראָס, אַז ער וויל אַ פרוי — איז וואו ער קומט, געפינט ער זי. אומעטום אָנגעגרייט. אין יאַפּאַן און כינע. אין דייטשלאַנד און אין אַמעריקע. בע, האָסטו געהערט אַזאַ זאַך? — ליבע!

טאָם האָט אויסגעשפּיגן אָן אַ זייט און גענומען קוקן צום אויסגעשטערנטן הימל. בען קופּער האָט אויך געשוויגן. אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער, ווי צו זיך אַליין, געזאָגט:

— ליבע, ברודער, איז אַ גרויסע זאַך. כ'וויל אַ געליבטע. אַ מענטש דאַרף ערגעץ האָבן אַ געליבטע. עס איז אומעטיק. ניטאָ פון וועמען צו טראַכטן. אַ מאַטראָס דאַרף האָבן וועמען איבערצו־לאָזן, ווען ער לאָזט זיך אַוועק אין ווייטן וועג. דאַרף האָבן צו וועמען צו קומען, ווען ער קערט זיך אום. מ'איז דאָך פאַרוואָגלט.

— אַ מאַטראָס? — אַ מאַטראָס איז אַ פרייער מענטש. אַ מאַטראָס דאַרף קיינעם ניט; די גאַנצע וועלט — אַ פאָטערלאַנד. אַלע פרויען — געליבטע.

קופּער האָט ווידער געשוויגן און ווידער, ווי צו זיך אַליין, געזאָגט:

— ניין. איך דאַרף האָבן אַ געליבטע, אָט וואָס!

— ביסט אַ לעמעשקע!

— ניין. און בריוו? — אָט האָב איך איצט צייט. כ'וואָלט איצט אַוועק אין קאַיוטע און געשריבן אַ בריוו מיין געליבטער. צו אַ געליבטער אַ בריוו — ווייסטו וואָס דאָס איז? און ווען דו ביסט נאָך אַפּ'ן ים, צווישן וואַסער און הימל!

— נו, ביסט אַ לעמעשקע! כ'האָב געמיינט — ביסט אַ מאַטראָס, און דו... כע!

קופּער האָט מיט איבערצייגונג געזאָגט:

— אַ מענטש האָט אַ האַרץ. דאָס האַרץ ווערט פול. ס'בענקט זיך נאָך אַ נאָענטן מענטשן. ס'וואָלט זיך ריידן. דערציילן. טיילן זיך. דו זעסט דאָך עפּעס אַ וועלט, נייע מענטשן. אַז ס'איז דאָ אַ געליבטע, זעצטו זיך, אין אַזוינע מאָמענטן, אַוועק און דו שרייבסט איר אַ בריוו. און ס'איז אַזוי גוט און וואונדערלאַך וואָס דו זיצסט און שרייבסט ערגעץ ווייט פון איר אַף אַ שיף, און זי, וואָס איז אַזוי ווייט פון דיר, וועט דיינע ווערטער איבערלייענען, וועט דערפילן דיין שטימונג, אַזוי ווי זי וואָלט דאָ דערביי געווען. דיינע ווערטער וועלן דערהערט ווערן. פאַרשטאַנען ווערן. עפּעס ווייט און נאָענט. ניין, ס'איז וואונדערלאַך!

טאָם האָט מיט פאַראַכטונג אַ שפּיי געטאָן אין אַ זייט.

— כע. און איך דאַרף קיינעם ניט. אַז מיר וועלן אָנקומען אין פּאָרט, וועט שוין אויך זיין אַ געליבטע. אַלץ איינס: אַלע

זיינען זיי גלייך, די פרויען. טוליעסט זיך צו איר צו — דער־פילסטו אַ וואַרימקייט, אַ נאָענטקייט — אָט איז דיר אַ געליבטע. וועסטו קומען אין אַן אַנדער פּאָרט — ווידער דאָס זעלביקע. אין יעדער פרוי איז דאָ אַ וואַרימקייט פאַר דיר, און נאָענטקייט. יעדע פרוי האָט געגוג פרייד פאַר דיר. און דו — נעם. די פרוי טראָגט אַלע מאָל גענוג פרייד פאַר יעדן מאַן. נעם די פרייד. אָט וואָס. כע. אַ געליבטע! אַ געליבטע!

טאָם האָט ווידער מיט פאַראַכטונג אויסגעשפּיגן. קופּער האָט אַ טראַכט געטאָן, אָפּגעוואַרט אַ רגע, און האָט, ווי פאַרעקשנט, געזאָגט:

— ניין. ס'איז ניט דאָס. די ליבע, וואָס דו זאָגסט, איז אויף אַ ווײַלע. דאָס איז ניט קיין ליבע. און איך וויל אויף אַלע מאָל. אויף אייביק. איינע און אויף אייביק. פאַרשטייסטו? כ'זאָל אַרבעטן און טראַכטן פון איר. זען אַלע מאָל איר פּנים פאַר די אויגן. הערן אירע רייד. און וואָס איך זאָל ניט טאָן, און וואו איך זאָל ניט זיין, זאָל זי זיין מיט מיר. אַ מענטשן איז אומעטיק צו זיין אַליין.

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן. טאָם האָט אויך נישט געזאָגט קיין וואָרט. האָט זיך פאַרטראַכט. געקוקט אין הימל. ניט אַ ריר געטאָן זיך, ווי אַ פאַרשטיינערטער.

דער הימל איז שוין געווען אינגאַנצן אויסגעשטערנט. גע־האַנגען אומבאַוועגלאַך איבערן ים. און ס'איז געווען מאָדנע, וואָס דער ים, וואָס האָט זיך צונויפגעגאָסן פון אַלע זייטן מיטן הימל, האָט זיך אַזוי געוויגט, און דער הימל איז געווען פאַרגליווערט אומבאַוועגלאַך און רואיק. באַטאָג איז געווען אַנדערש. מען שווימט איבערן ים, און עטלאַכע מאָל דורכן טאָג קאָן מען באַמערקן, ווי דער הימל — אָדער ער הויבט זיך אויף הויך, הויך, אָדער ער לאָזט זיך אַראָפּ נידעריק, מיטן האַנט צו דערלאַנגען. אַמאָל הויך, און אַמאָל — נידעריק. עס טרעפט אַפילו, אַז אין איין שעה זאָל ער זיך אויפהויבן, און אַרונטערגעלאָזן זיך.

די מאַטראָסן האָבן אַ היבשע ווײַלע געשוויגן. נאָכדעם האָט קופּער געזאָגט:

— און דו? האָסט דאָך אין דער יוגנט אויך געהאַט א געליבטע.

— געהאַט. כע. געהאַט. וואָס דען? ניט געהאַט? געווען אין די יונגע יאָרן נאַריש, אַזוי ווי דו.

— האָסט מיט איר ניט חתונה געהאַט?

— ניט חתונה געהאַט.

— און וואו איז זי איצט?

— עך! לאָז צורו מיט דיינע געליבטע! האָט זיך צוגע־טשעפּעט: געליבטע, געליבטע. אויך מיר א מאַטראָס. ביסט א לעמעשקע!

אַרום איז געווען ים און נאַכט. אױף דער גאַנצער וועלט איז געווען רו און שטילקייט. נאָר אין די געדערים פון דער שיף האָט ניט אויפגעהערט צו קלאַפּן און ברומען און רוישן. מענטשן האָבן געאַרבעט אַרום די ריזיקע אויוונס. מענטשן האָבן געאַרבעט אַרום די מאַשינען, אַרום שפּייכלערס מיט קוילן, געשלעפּט שווערע שטריק און קאַבעלן, און אויבן, איבער אַלעמען, איז געווען א מענטש, וואָס האָט געהאַלטן וואָך איבער דעם שיקזאַל פון דער שיף, געוויזן איר דעם וועג, געפירט זי איבער די פאַרבאָרגענע וועגן פון גרויסן ים.

טאָם און קופּער זיינען געווען פאַרטאָן אין זייערע געדאַנקען. עס האָט זיך געדוכט, אַז זיי וועלן שוין זייער געשפּרעך ניט באַ־גייען. טאָם האָט אָבער ניט אויסגעהאַלטן. ער האָט זיך א קראַץ געטאָן הינטערן אויער און, ווי א שולדיקער, געזאָגט:

— דו זאָגסט — ליבע. די גאַנצע צרות אונזערע קומען פון ליבע. כע!

— און די פריידן?

— פריידן? כע! פריידן. אָט נעם מיך. דאָס גאַנצע לעבן נאָגט מיר דאָס האַרץ אַרויס. ווי א פאַרברעכער.

— האָסטו זי זייער ליב געהאַט, דיין מיידל?

— ליב געהאַט? יע, זי איז געווען א קעניגן, ניט קיין מיידל. א הייליקער מלאך. כ'האָב זי ליב געהאַט ווי די נשמה מיינע. אזא

מיידל איז דאָס געווען, אַז איך דערמאָן זיך, פּלאַצט מיר מיין האַרץ פון פאַרדראָס.

בען קופער האָט אויפגעלעבט. ער האָט פריילאך אויסגעשריען:

— נו, אָט זעסטו שוין. האָסט אליין אויך געליבט!

טאָם האָט זיך גענומען פאַרענטפערן:

— יע. אָבער זי איז געווען אַן אַנדערע.

— אָ, אַז מ'האָט ליב, ווערן זיי אַלע „אַנדערע". אַך, דו, אַלטער באָק! האָסט זיך צו־זאָט אָנגעגעסן מיט ליבע, און איצט, אַז דער אַפּעטיט איז אַריבער, האָסטו ניט פאַר דער ליבע קיין איינציקן גוטן וואָרט אַפילו. — וואָס? זי האָט דיך אָפּגענאַרט? אַ מאַטראָס האָט זי בא דיר צוגענומען? דערצייל!

— כ'וועל ניט דערציילן.

— פאַרוואָס?

— דערפאַר. ניט דיין עסק. וועסט ניט ווּיסן.

— נו, ווייס איך שוין: — זי האָט דיך אָפּגענאַרט. זי האָט גענומען אימיצן אַנדערש. עס שטייט דיר ניט אָן צוצוגעבן.

— ביסט אַ ליגנער! זי האָט מיך קיינמאָל ניט גענאַרט.

— זעסטו זי אַמאָל?

— כע! ווי קאָן איך זי זען, אַז זי איז געשטאָרבן? פאַרשטייסטו? — טויט.

זיי זיינען אַנטשוויגן געוואָרן.

קופער איז אַ ווײַלע געזעסן, אויפגעהייבן זיך און אַוועק צום באָרט. ס'איז געווען פינצטער. די נאַכט האָט פאַרנומען אַלע ווינקעלאך פון דער וועלט. עס איז געווען גוט צו טראַכטן, אַז די נאַכט וועט זיך נאָך ציען לאַנג און אַז אָט באַלד וועט מען רופן צו דער ראַרבעט, און מען וועט זיין פאַרנומען גאַנצע פיר שעה אָן אָפּרו. פון דעם האָבן גענאָגט די מוסקולן אויף די הענט מיט אַזאַ אַנגענעמער נאָגעניש, פונקט ווי זיי וואָלטן געבעטן אַרבעט. ער איז אַ ווײַלע געשטאַנען, אומגעקערט זיך צוריק צו טאָמען, אַוועקגעזעצט זיך לעבן אים, אַפן זעלביגן אָרט, און געשוויגן. אָבער זיין שווייגן איז געווען אַ שווערער. ער האָט זיך אויפגערעגט, געדרייט

אפן זאק און עפעס בייז געבורטשעט. ענדלאך האט ער בייז א זאג געטאן:

— עך, זיינען מיר, מאטראסן, הינט! ניטא קיין ערגערע מענטשן פאר אונז, פארשאלטענע. א חזיר האט מער הארץ פאר אונז! כע!

וואס איז? אנטקעגן וואס זאגסטו דאס פלוצים?

—אט טאקע אלץ אנטקעגן דעם, וואס איך אליין האב אזוי נאריש מיין לעבן פארשפילט. אט אזוי ווי מיט די אייגענע הענט דערשטיקט מיין בעסטע מיידל. און פרעג — פארוואס? גענומען און אומגעבראכט זי פון דער וועלט, און פארטיק.

— דערצייל, אז דו האסט שוין אנגעהייבן.

טאם האט א שפיי געטאן, אוועקגעזעצט זיך קעגן קופערן און, מיט ביטערקייט אין זיין קול, אנגעהייבן:

— דו קענסט דאך אונז, מאטראסן, אז מיר קומען אין פארט אריין, ווערן מיר ווי ווילדע בעסטיעס. לאנגע וואכן אפן וואסער, אז מיר גיבן א שטעל א פוס אף דער טריקעניש, ווילט זיך אונז די גאנצע וועלט איינשלינגען. עמערס מיט בראנפן — ניט גענוג! אלע פרויען פון דער וועלט — ניט גענוג! ניטא פאר אונז קיין גרעניץ. — איך בין געקומען איין מאל פון א ווייטער רייזע אין דרום אמעריקע. אין שטאט איז געווען א מיידל אזא, העלען האט מען זי גערופן. געוואוינט מיט אן אלטער מאמען, אן אלמנה. איך פלעג צו זיי אריינקומען. געוויינטלאך,ביידע האבן געמיינט, אז איך וועל מיט העלענען חתונה האבן. האט מען מיך, ווי אן אייגענעם, אויפגענומען. איך האב בא זיי אפילו גענעסן. נו, און איין אוונט האב איך זי ארויסגענומען אין א פארק. פון אנהייב האב איך זיך נאך אויפגעפירט ווי עס באדארף צו זיין, געקויפט איר גוטע זאכן, ארומגעפירט זיך מיט איר אויף אלע קארוסעלן. אבער שפעטער, אז מיר זיינען אוועק איבערן פארק שפאצירן, בין איך צו איר צוגעשטאנען, זי זאל זיך מיר אוועקגעבן. כע! דו פארשטייסט? פריער זיך אויסגעוואלגערט אין אלע פארטן מיט אלערליי פראסטיטוטקעס, און נאכדעם פארוואלט, אף דעם זעלביקן אופן, מיט איר. און זי, פארשטייט זיך, האט זיך גע־

נומען בעטן און וויינען, איך זאָל זי ניט טשעפּען. אַלץ געטענה'ט: „ניין, טאַמי, ניט איצט, אַז מיר וועלן חתונה האָבן...״ אַ הייליקע מיידל געווען. און איך האָב געוואָלט אויספּירן מיינס. פאַרשטייט זיך — פריער — אַ ראַנגלעניש און נאָכדעם — אַ קריגעריי. איך האָב אַ שפּיי געטאָן און בין פון איר אוועק. איבערגעלאָזן זי אין פּאַרק אַליין, ביינאַכט, אַ וויינענדיקע. איך בין פון איר אוועק, פאַרשטייט זיך, צו אַ פּראָסטיטוטקע, אַ גאַסן־פרוי געווען אין שטאָט. כע! איך פלעג זיך צו איר גאַנץ אָפט אריינכאַפּן, די מאַטראָסישע הינטישקייט שטילן. נו, געשיכור'ט אַ גאַנצע נאַכט און אַזוי ווייטער. און נאָכדעם איז שוין געקומען די אמת'ע שיכרות אויף מיר. צוויי וואָכן האָב איך זיך ארומגעוואַלגערט אין פּאָרט, ווי אַן אויסוואורף. פאַרשיכור'ט דאָס גאַנצע געלט, אויס־פאַרקויפט אַלץ, געבליבן הויל און נאַקעט, ווי די מאַמע האָט מיך געהאַט. כע! און העלען, מיינסט זי פלעגט מיך ניט אויפזוכן? — אַזאַ מיידל געווען. פלעגט מיך שוין געפינען. בייטאָג האָט זי געאַרבעט אין אַ שאָפּ, באַדאַרפט מאַכן אַ לעבן פאַר זיך און פאַר דער מוטער. און אין אָוונט פלעגט זי מיך אויפזוכן. פלעגט דער־זען, אַז איך שלעפּ זיך ארום מיט אַ גאַסן־פרוי, און אָפּטרעטן — ניט געקאָנט פאַרטראָגן, וואָס איך בין מיט אַזאַ פרוי. כע! אָבער איינמאָל איז זי צו מיר דאָך צוגעגאַנגען. אוועקגעשטעלט זיך, רעדט עפּעס צו מיר, אין די אויגן פינקלען טרערן. און קוקן קוקט זי ניט אויף מיר, נאָר אויף דער גאַסן־פרוי, אַזוי ווי זי וואָלט זיך באַ יענער געבעטן: „לאָז אָפּ טאָמען״. כע! און איך האָב גענומען יענע פרוי פאַר דער טאַליע און בין אוועק. איבערגעלאָזט זי אויף דער גאַס און פאַרטיק! אָט אַזאַ הונט בין איך געווען. וועסט ניט גלויבן.

אין טאָמס לעצטע ווערטער האָט זיך געהערט אַ כריפּ, אַזוי ווי עפּעס וואָלט זיך אָפּגעשטעלט אין זיין האַלז. ער איז אַנשוויגן געוואָרן. בען קופער האָט אָפּגעוואַרט אַ רגע, געזען, אַז יענער הויבט ניט אָן צו ריידן, האָט ער געזאָגט:

— נו, און דו האָסט זי פון דעמאָלט אָן ניט געזען?

טאָם האָט זיך ווי אויפגעכאַפּט פון פאַרגעסונג:

— געזען, געזען. וואָס דען? — ניט געזען? בעסער וואָלט שוין געווען זי אײביק ניט צו זען. כע! איך האָב אַ האַלב יאָר אפשר ארומגעדרייזט און בין ווידער געקומען. אָפּגעוואַרט זי לעבן שאָפּ. אַך, ווי זי האָט זיך מיט מיר דאַן דערפרייט! האָט זיך אַזש צעוויינט פון פרייד. כע! נו, און איך בין יענעם אָוונט געווען ניכטער. און עס איז אַלץ געווען גוט. אפשר צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן האָב איך צו איר דערפילט אַזאַ ליבע. איך ווייס ניט ווי דיר דאָס צו דערקלערן. אַזאַ געפיל איז דאָס געווען, ווי גאָר קיין אַנדערע פרויען וואָלטן ניט געווען אויף דער וועלט, און נאָר זי וואָלט געווען פאַר מיר. ניין, דו וועסט עס קיינמאָל ניט פאַר־שטיין!

ער האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און אַנשוויגן גע־וואָרן. זיין שווייגן איז געווען שווער און שולדיק. עס איז אים געווען ענג. האָט ער זיך אָוועקגעדרייט פון קופערן, פאַררויכערט די ליולקע און גענומען לאָזן וואָלקנס רויך, אַזוי ווי קיינער וואָלט לעבן אים ניט געווען. קופּער איז געווען נייגעריק צו וויסן:

— נו, האָסטו מיט איר חתונה געהאַט?

— חתונה געהאַט? ניין. דאָס ניט. אויף מאָרגן בין איך צו איר געקומען אַ שיכור'ער. און דער טייוול ווייס, וואָס מיט מיר איז דאַן געווען; צי איר מזל איז געווען אַזאַ: איך בין געווען פרעך צו איר, צוגעשטאַנען צו איר. זי בעט זיך בײַ מיר דורך טרערן, און איך מיינס: „האָסטו מיך ניט ליב“, זאָג איך צו איר. אַזאַ ליגנער געווען, כע! און זי דריקט זיך צו מיר, שווערט מיט איר לעבן, נאַטירלאַך, אַלץ צו איבערצייגן. אָבער אין מיר האָבן זיך די הינטישע בלוטן פאַנאַנדערגעשפּילט. כ'בין געוואָרן פרעכער און פרעכער. כע! אַ מאַטראָס, אַ קלאָג אונז אין די ביי־נער! זי האָט זיך פון אָנהייב געווערט, געוויינט און געבעטן זיך. און איך האָב זי געסטראַשעט, אַז כ'וועל אַוועקפאָרן און צו איר מער קיינמאָל ניט קומען. האָט זי זיך מיר אַוועקגעגעבן. כע!

נאָך אַמאָל אַנשוויגן געוואָרן.

— נו, און דו האָסט זי שוין ניט געזען?

— נאָך איין מאָל האָב איך זי געזען. מיין שיף האָט דאַן באַדאַרפט ארומבויגן דעם אַטלאַנטישן ברעג, אריין אין פּאַסיפישן אָקעאַן דורך דעם פּאַנאַמאַ קאַנאַל, אַפן וועג קיין יאַקאַהאַמאַ. נו, דו ווייסט דאָך, ווי לאַנג אַזאַ רייזע נעמט. און איך האָב איר צוגעזאָגט צו קומען באַלד און חתונה האָבן. כע! און אַז איך בין אַוועקגעפאָרן, האָב איך איר אפילו קיין בריוול ניט אָנגעשריבן. נאָך פּאַר אַלעמען אַף דער שיף זיך באַרימט און פון איר ריינקייט אָפּגעשפּאָט פאַר די אייגענע חברים. ווי פון אַ וועלכער־ס'איז גאַסן־פרוי אָפּגעשפּאָט. און זי איז דאָרט ארומגעגאַנגען מיט מיין נאָמען אַף די ליפּן.

— און דו האָסט איר ניט געשריבן?

— ניין, זאָג איך דיר. כ'האָב ניט געשריבן, און פּאַרטיק! איך בין ערשט אין אַ יאָר אַרום צו איר געקומען. אָך, איז דאָס אַ באַגעגעניש געווען! אַז זי האָט מיך דערזען, איז זי בלייך געוואָרן, אַזוי ווי זי וואָלט אַ טויטן דערזען. אַ וואָרט ניט געקאָנט אויסריידן. געפאַלן מיר אַפן האַלז און ניט געקאָנט איינהאַלטן דעם יאָמער. און איך האָב זיך אויך אַביסל דורכגעוויינט. אירע טרערן האָבן אפילו אַ שטיין געקאָנט רירן. כע! און דאַן האָב איך דערזען, ווי מאָדנע זי האָט זיך פאַרענדערט. זי איז אינגאַנצן געוואָרן אַן אַנדערע. טרויעריקע אויגן און אַ בלייכקייט, פּונקט ווי פון אַ קראַנקהייט וואָלט זי זיך ערשט אויפגעהויבן. און אַלץ געוויינט. און דו ווייסט, איך האָב אַלע מאָל ווייניק געהאַלטן פון פרויען־טרערן. מאַטראָסן, וואָס זעען מיר? — פאַלשע טרערן און אפשר אַ פאַלשן געלעכטער. און דאָ האָב איך צום ערשטן מאָל דערזען אָט די וואונדערלאַכע טרערן. ניין, דו וועסט עס נישט פאַרשטיין!

טאָם האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט. געשוויגן. קופּער איז געווען אומגעדולדיק:

— כע. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז זי האָט אַ סוד פאַר מיר. עפּעס איז זי געווען אַן אַנדערע, גאָר אַן אַנדערע. און אַזוי איז עס טאַקע געווען. זי איז ארייַנגעלאָפן אין צווייטן צימער און אַף די הענט ארויסגעטראָגן אַ קליין נפש'ל, אַזאַ קליין אינגעלע:

„זע, טאַמי, דאָס איז אונזער אינגעלע, — דיינער און מיינער". פאַרשטייסטו דאָס, האַ? איך פרעג, קענסטו דאָס פאַרשטיין?! וויפיל מאָל קאָן דאָס פּאַסירן אין מענטשנס לעבן, האַ? כ'בין מיט זיי פּאַרבליבן גאַנצע פינף וואָכן. אָך, איז מיר גוט געווען! דערפילט זיך ווי אַ מענטש. אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דאָס מאַטראָ־סישע. געהאַט אַ היים. זי מיט איר מאַמען האָבן מיך אויף די הענט אומגעטראָגן. און פון אַלץ איז מיר געווען גוט: פון דעם, וואָס איך האָב געהאַט אַ פרוי און אַ קליין אינגעלע און אַ היים. אָבער וואָס איז אַ היים פאַר אונזערע ברידער? ווי לאַנג, פרעג איך, קאָן אַ וואָלף זיין צופרידן מיט אַ שטייג? — עס האָט מיך באַדל גענומען ציען צום ים, צו חברים, צו אַ פרייען לעבן. און צו וואָס ניט? מיט איין וואָרט, כ'האָב געקראָגן אַרבעט אַף אַ שיף און אין וועג אַריין! כע! און ביז היינטיקן טאָג!

טאָם איז שולדיק אַנטשוויגן געוואָרן. קופּער איז אויפגע־שפּרונגען אין גרויסער אופּרעגונג:

— דו ביסט אָדער אַ ליגנער, אָדער דער גרעסטער אויס־וואָרף, וואָס איך האָב ווען געטראָפן צווישן מאַטראָסן!

טאָם האָט ביטער געזאָגט:

— יע. אַן אויסוואורף בין איך און דער גרעסטער, אויב איך האָב דאָס געקאָנט טאָן צו מיין העלען. כ'בין...

ער האָט געזאָגט אַ גראָב וואָרט, און איז ווידער אַנטשוויגן געוואָרן.

קופּער האָט אַ ווײַלע אַ טראַכט געטאָן, און, שוין אַביסל גלייכגילטיקער, געזאָגט:

— האָסט זי ניט ליב געהאַט. ווען דו וואָלסט זי ליב געהאַט, וואָלסטו דאָס ניט געקאָנט טאָן. אַז מ'האָט ליב, איז מען אַ בעס־ערער מענטש.

— ביסט אַ נאַר! איך האָב זי ניט ליב געהאַט? איך?

— טאָ פאַרוואָס האָסטו אַזוי געהאַנדלט?

— ווייל אַ מאַטראָס! ווייל אין יעדן פּאָרט וואַרטן אַף דיר אַ סך אַנדערע פרויען, און ווייל מיר זיינען אויסוואורפן! און דו ביסט אויך ניט בעסער.

— ניין. דו האסט זי ניט ליב געהאט!

— שווייג! וואס ווייסטו פון די זאכן? דו ביסט א...

און ווידער האט טאם ארויסגערעדט א גראבן ווארט. קופער האט שוין נאך קעלטער געזאגט:

— ניין, ברודער, ליב האבן דארף מען קאנען. און דו, ניין, דו האסט ניט ליב געהאט.

טאם איז אויפגעשפרונגען און איז מיט די פויסטן געשטאנען קעגן קופערן. עס האט דער גאנצער קערפער בא אים געציטערט פון באלידייקונג. ער האט שווער געאטעמט:

— אט זאג נאך איין מאל, וועל איך דיר איבערברעכן האלדז און נאקן!

בען קופער האט דערזען פאר זיך זיינע ברענענדיקע אויגן, דערפילט זיין אויפגערעגטן אטעם. א טראכט געטאן און געזאגט:

— לאז אראפ דיינע פויסטן. איך בין דיר ניט ספייק. און אז דו ווילסט שטארק, וועל איך דיך אפפארטיקן אין א רגע, וועסט אפילו ניט וויסן ווען עס איז דיר געקומען. און דו ווייסט דאס. אז מ׳זאגט דיר — האסט געהאנדלט ווי אן אויסוואורף, נעם עס, ווי א מאטראס, און שווייג!

טאם האט פארשוויגן. אראפגעלאזן די פויסטן אין פארלעגנהייט און מיט אן אנדער קול, ארויסגערעדט:

— קום, בען, מיט מיר. אז דו גלויבסט ניט א מאטראס אויף זיין ערלאך ווארט.

ער האט אנגעכאפט קופערן פאר א האנט און האט אים גענומען שלעפן נאך זיך.

— וואוהין שלעפסטו מיך?

— קום, איך וועל דיר עפעס ווייזן.

טאם איז געגאנגען פאראויס און קופער נאך אים. זיי זיינען געקראכן דורך אנגעצויגענע דראטן און קאבעלן, אראפ, איבערן שטאלענעם לייטער, אין דער מאשין־אפטיילונג. דארטן, אין א פינצטערן ווינקל, האט טאם א שאר געטאן מיט דער האנט איבער א הילצערנעם שטאנג און געזאגט:

— גיב מיר דיין האנט. קענסט לייענען מיט די הענט?

קופּער האָט זיך גענומען פאַנאַנדערקלייבן אין די איינגע־שניטענע בוכשטאַבן, און פאַרוואונדערט געזאָגט

— „העלען" — וואָס מיינט דאָס?

— בע! אָט דאָס מיינט דאָס — העלען!

ער האָט ווידער אָנגענומען קופּערן פאַר א האַנט און ווידער גענומען שלעפּן. איצט זיינען זיי אַריין אין טאָמס קאַיוטע. דאָרט זיינען געווען פיר בעטן. איינע איבער די אַנדערע. אויף איינער איז געשלאָפן א מאַטראָס. טאָם האָט געגעבן א צייכן, אַז קופּער זאָל זיין שטיל, אויפגעהייבן דעם מאַטראַץ פון זיין בעטל, באַם צוקאָפּנס, און אָנגעוויזן אַף אַן אָרט, וואו עס איז, אין דעם אייזן, געווען איינגעקריצט דער נאָמען „העלען". און אַזוי האָט ער אַרומגעפירט קופּערן איבער אַלע פאַרבאָרגענע ווינקעלאַך פון שיף און געוויזן וואו ער האָט אויסגעקריצט דעם נאָמען פון זיין גע־ליבטער. און עס איז געווען אַזוי ווי צוויי מענטשן וואָלטן אַרומ־געגאַנגען, געהיימניספולע, מיט א גרויסן סוד, וואָלטן זיך אויס־געבאַהאַלטן פון מענטשלאַכע אויגן און וואָלטן, אין דער פינצ־טערניש פון דער נאַכט, געטאָן עפּעס אומפאַרשטענדלאַכעס און סודות'דיגס.

אַז זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט האָט קופּער א פרעג געטאָן:

— צו וואָס קריצסטו אויס איר נאָמען? און פאַרוואָס אין אַזעלכע באַהאַלטענע פּלעצער?

— אָ, דאָס באַהאַלט איך זיך אויס פון חברים. ווייסט דאָך. — מאַטראָסן. זיי וואָלטן זייער געלאַכט. זיי לאַכן דאָך אויס אַלצדינג. און דו ביסט אַן אַנדערער. דו וועסט ניט אָפּלאַכן. וואָס עס איז הייליק, איז הייליק.

נאָכדעם האָט ער, מיט ביטערקייט אין קול, געזאָגט:

— און איצט איז זי ניטאָ. געשטאָרבן.

— וואָס? מסתמא באַגאַנגען זעלבסטמאָרד? און דאָס קינד?

— יע. דאָס קינד איז נאָך פריער געשטאָרבן. און זי — דאָס קינד פאַרלאָרן, מיך — פאַרלאָרן, האָט זי גענומען און געמאַכט א סוף צו זיך. פאַרסם'ט זיך. אַז איך בין געקומען, אין א יאָר אַרום, איז זי שוין ניט געווען. מיין העלען. צו שפּעט. עך, האָט עס מיך

דאַן אַ קלאַפּ געטאָן אין קאָפּ. איך האָב געדיינקט — עס איז גע־קומען אַ סוף צו מיין הינטישן לעבן. כ'פלעג וויינען און יאָמערן. און אַז חברים האָבן געפרעגט און איך האָב זיך אויסגערעדט, אַז מיין ווייב איז געשטאָרבן. נו, האָבן זיי פון מיר געלאַכט: „ווייניק ווייבער זיינען דיר פאַרבליבן אויף דער וועלט?" כע! נאָכדעם האָב איך גענומען שיכורן. און נאָך שפּעטער — ווידער אין וויטן וועג!

געשטאַנען אַ ווײַלע מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און צוגעגעבן:

— און דו, אַז דו וועסט דערזען ערגעץ אין אַ פּאָרט אַ בוים, אַ טיש, אָדער אַ באַנק מיט אַן אויסגעקריצטן נאָמען „העלען", זאָלסטו וויסן — ס'איז מיין אַרבעט.

קופּער האָט, אַ פּאַרטראַכטער, געזאָגט:

— אַ סך מענטשן האָבן ליב צו קריצן זייערע נעמען. איך האָב אַלע מאָל געטראַכט — ס'איז נאַריש. ס'איז מאָדנע. מ'קאָן ניט וויסן.

— יע, מ'קאָן ניט וויסן. געוויינטלאַך, האָבן מאַטראָסן ליב צו קריצן זייערע נעמען אויף דער יבשה. און איך האָב געקריצט נאָר איר נאָמען. כע! אומעטום. וועסט ניט גלויבן, אָבער ווען איך קום אין אַ פּאָרט, איז די ערשטע זאַך — איך גיי און געפין איר נאָמען, וואָס איך האָב מיט יאָרן צוריק אויסגעקריצט. און אַז איך געפין, איז אַזוי ווי אַ נאָענטן וואָלט איך אין דעם וויטן לאַנד אָנגעטראָפן: „העלען". נאָר דער נאָמען איז פאַרבליבן און אַז איך דערזע אָט דעם נאָמען ערגעץ אין אַ וויטן ווינקל פון דער ערד — פריי איך זיך. אָט וועלן מיר באַלד אָנקומען אין קובא. כ'וועל דיר ווייזן דאָרט אויך. כע! כ'וואָלט שוין אפשר קיין מאַטראָס ניט געווען, ווען ניט איר נאָמען, און וואוהין איך קום, — אין קובא, אין יאַמייקע, אין יאַפּאַן, אין כינע, אין דרום אַפריקע — אומעטום איר נאָמען. איך פאָר אַרום איבער גאַנץ וועלט און זוך איר נאָמען און איך פריי זיך — העלען! אין לימאַ האָב איך אין אַ בוים אַריינגעקלאַפּט טשוועקעס און זייערע קעפּלאַך פאָרמירן איר נאָמען. אין ריאָ־דע־זשאַנעירא — איינגע־

קריצט אין אַ פעלז. אַזאַ פעלז איז דאָרט דאָ. כ'וועל דיר ווען עס איז ווייזן.

ער האָט אָפּגעוואַרט און, שווין מיט אַן אַנדער טאָן, ווידער אָנגעהייבן:

— און דאָס, וואָס איך האָב פריער געזאָגט, אַז אַלע פרויען זיינען גלייך, איז אַ ליגן. איך האָב פון אייפערזוכט און בייזקייט דאָס געזאָגט. עס איז ניטאָ, ברודער, קיין סך ליבעס. ס'איז דאָ איין ליבע. איינע — איין איינציקע. און אַלע אַנדערע — זיינען אַ ליגן. און אַז מיר ליבן צוויי מאָל —איז עס אַלץ מיטן כח פון דער ערשטער ליבע. מיר פלאַמען און וואַרימען זיך אייביק אין דער וואַרעמקייט פון דער ערשטער און איינציקער ליבע. און אַז מיר באַטריגן אימיצן איז עס ניט אונזערע געליבטע. זיך אַליין באַטריגן מיר. זיך אַליין. און, אפשר, די נייע געליבטע אונזערע, אָבער ניט די אמת'ע ליבע. יענע געטריישאַפט אונזערע איז אַן אייביקע. איין ליבע. איין טויט. איין בינדנדיקע ליבע און איין באַפרייענדיקער טויט.

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן. ביידע האָבן געשוויגן פאַר־טראַכטע —ניט פאַרטראַכטע. דער הימל האָט שטום געפינקלט מיט די שטערן. דער ים האָט גערוישט, אָט מיט אַ ווייטן גערויש און אָט — מיט אַ נאָענטן. אָט זיינען די כוואַליעס אָפּגעטראָטן און אָט זיינען זיי באַפאַלן די שיף פון אַלע זייטן, געלאָפן אויף איר מיט אַ ווילד ברומען. אָבער די שיף איז געגאַנגען זיכער, גע־רודערט און געקראָכן איבער וואַסערדיקע בערג, פאָראויס, פאָראויס.

אין דעם אינגעווייד פון שיף האָבן אַרבעטער געטאָן אַן אָנגעשטרענקטע אַרבעט. אַלע — איין אַרבעט. געפאָלגט איין ווילן. מענטשן האָבן געטאָן שווערע אַרבעט. מ'האָט געקלאַפּט מיט שווערע טירן, מיט אייזערנע לאָפּאַטעס, געשלעפּט שטריק, גע־שאַרט קוילן. יעדער האָט געטאָן זיין אַרבעט, און דאָך איז דאָס געווען אַן אַלגעמיינע אַרבעט. טאַם און קופּער זיינען נאָך גע־שטאַנען און אינגאַנצן פאַרגעסן, אַז הענט, חבר'שע הענט, האָבן פון דער מאַשין־אָפּטיילונג, פון די טרומען, באַטריבן די ריזיקע

שיף, אַז חבר׳שע הענט האָבן באַצייכנט איר וועג, געגעבן איר כח און זיכערקייט און ציל. די געדאַנקען זייערע זיינען געווען ווייט און פאַרנעפּלט.

אָבער באַלד האָט זיך דערהערט אַ קורצער, דרייפאַכער בלאָז פון דער סירענע. דאָס האָט מען גערופן די פרייע מאַטראָסן צו דער אַרבעט. די, וואָס האָבן געאַרבעט, האָבן איצט באַדאַרפט רוען.

פיר שעה אַרבעט און פיר שעה רו.

טאַם האָט פריילאַך אַ קלאַפּ געטאָן קופּערן איבערן פּלייצע און געזאָגט:

— און איצט, ברודער, צו דער אַרבעט! אונזער ריי!

קופּער האָט שטיל געענטפערט:

— יע. אונזער ריי!

ער איז געגאַנגען אין דער מאַשין־אָפּטיילונג. אַ זיסע אומעטיקע רעגונג האָט גערעגט דאָס האַרץ. ס׳איז געווען אומעטיק און גוט. פּאַראַויס זיינען נאָך געווען אַ סך לענדער. און ערגעץ האָט נאָך געוואַרט אויף אים, אַן אָפּעררדיקע, די ליבע.

און די שיף האָט געשניטן, געשניטן די כוואַליעס.

4.

מ׳איז צוגעשוואומען צו סאַן־פראַנציסקאָ.

ס׳איז געשטאַנען דער גרויער, סאַן־פראַנציסקאָער אויגוסט. אינדערפרי, ביז אַרום איינס אַזייגער — געדיכטע טומאַנען. קעלט. און דעם גאַנצן נאָכמיטאָג — זונשיין. די זון גרעסער, ווי אומעטום. מילד און שפּילעווודיק. צעוואָרפט שטראַלן איבער דער ים׳יקער און בערגיקער שטאָט. שפּילט זיך מיט לויפּנדיקע העזעלאַך אין די וואַסערן פון בעי.

ס׳איז נאָך געווען ווייט, און עס האָבן זיך שוין געטראָגן די ספּעציפישע ריחות פון שטאָט. יעדער פּאָרט האָט געהאַט זיין ריח. און נאָר די מאַטראָסן האָבן געקאָנט אונטערשיידן. עס האָט געשטעקט מיט פעך און אַלטע פרעזענטן. דאָ איז געווען אַנדערש,

ווי אין אַנדערע פּאָרטן, פון וואַנען מ'איז געקומען. דאָ איז געווען — היים. מאַטראָסישע הערצער האָבן, דערפרייטע, געקלאַפּט שטאַרקער. די פיס האָבן געבענקט נאָך באָדן. ס'האָט זיך געוואָלט וואָס שנעלער אַריינגיין אין שטאָט. באַטרעטן די רוישיקע גאַסן, צוזאַמענמישן זיך מיט טויזנטער מענטשן, פאַרלאָרנגיין אין זייער מערהייט און גליקלאַך זיין מיט דער אייגענער פאַרלאָרנקייט.

באַם ברעג, אין פּאָרט, האָבן זיך געשוואַרצט די רוענדיקע שיפן.אייניקע — אויסגעלאָשענע און אייניקע — גרייטע אין ווייטן וועג, האָבן זיך געראָיכערט מיט די שוואַרצע קוימענס. און ווייטער פון שטאָט האָבן זיך געוואַלגערט די איבערגעקערטע שיפּ־לאַך, מיט אויסגעפּעכטע בייכער קעגן דער זון. אין וואַסער, באַם ברעג, האָבן זיך לייכט געהוידעט די קליינע שיפעלאַך, צוגעבונ־דענע אַף שטריק. אַזאַ היימישקייט געווען אַף אַלץ.

און איבער אַלץ שרייט די שטאָט. שרייט און שריים. רוישט מיט אַרבעט. און אַרבעט־הענט באַלעבן מיט אַרבעט און מי, מיט קלאַנג און מיט טומל. נאָך און נאָך. גיסן אין איר אַריין פול־סירנדיקע בלוטן, גיבן איר לעבן און באַוועגונג. און די שטאָט פרייט זיך. די שטאָט לעבט.

עס זעען זיך שוין די גאַסן, וואו מען שפּייכלערט פלייש. און גרויסע ים־פישן, גרינס און פרוכט. גאַנצע בערג מיט מעלאָ־נען דערהייבן זיך, ווי פּיראַמידן, און עס האָט זיך געוואָלט וואָס שנעלער איינבייסן זיך מיט די ציין אין זייער זאַפטיקייט אַריין. און ווייטער — קעסטלאַך מיט מאַראַנצן, מיט וויינטרויבן, פער־סיקעס, פלוימען... אַלץ האָט געמייצט די נאָזלעכער מיט געשמאַקן, זעטיקן ריח.

מ'איז אַראָפּ פון שיף שוין אָוונטלאַך. עס האָט גענומען לענגער, ווי מ'האָט דערוואַרט. די מאַטראָסן האָבן, אויפגעלעבט, געאיילט. יעדער האָט געהאַט וועמען צו טרעפן אין דער גרויסער שטאָט. איינער — אַן אַלטן באַקאַנטן, דער צווייטער — אַ פריינט. אַנדערע — זייערע געליבטע. בייגאַכט האָט מען באַשטימט צו טרעפן זיך אין דעם גרויסן פּאָרט־שענק. דאָרטן האָט געשפּילט מוזיק. דאָרטן איז געווען שטענדיק טומלדיק און פריילאַך. ניט

אַלע האָבן געקאָנט קומען אין דער באַשטימטער צייט. פונדעסט־וועגן האָט מען צוגעזאָגט. ווייל ס'איז געווען אַ פרייד צו טרעפן זיך אויף דער טריקעניש. ניט דאָס וואָס אויף דער שיף: דאָ איז געווען יום־טוב. גאָר אַנדערש. טריקעניש.

בען קופער האָט קיינעם אין שטאָט ניט געהאַט. פונדעסט־וועגן האָט ער אויך געאײַלט. די שטאָט האָט גערופן. ער איז אַרומגעגאַנגען איבער די גאַסן, באַטראַכט די גרויסע געשעפטן. און דאָס לעבן אויף דער טריקעניש איז געווען שיין. אומעטום איז דאָס לעבן שיין. און פון דעם איז געווען גוט און לייכט. שוין שפּעט האָט ער זיך אומגעקערט אין פּאָרט און אַריין אין שענק. וועגן דעם שענק האָט ער זיך אָנגעהערט פון חברים רייצנדיקע מעשיות: וועגן געשלעגן, מהומות און ווילדע פּאַסירונגען.

דער שענק איז פול געווען מיט מענטשן. מאַטראָסן פון אַלע עקן פון דער וועלט האָבן זיך דאָ געפילט היימיש. די לופט איז פול געווען מיט מענטשלאַכע דאַמפּן און רויך פון רויכערער. די לאָמפּן האָבן זיך געוויגט איבער די קעפּ מיט זייער טונקעלן, בלינדן ליכט, ווי שטערן אין נעפּלדיקע נעכט, און ניט געקאָנט קלאָר מאַכן דאָס אויג. די ווענט אין שענק זיינען געווען געלבלאַך־גרויע, אַלטע, אויסגעשיילטע פון דער צייט. דער באַלקן — צעשפּאָלטן און פאַר־ברוינט פון טאַבאַק־רויך. די שווערע טישן זיינען געשטאַנען אין אומאָרדנונג. זייער פלאָך איז געווען אויסגעקאַרבט, צעקריצט און צעדראַפּעט פון מאַטראָסישע אויפשריפטן. מאַטראָסן האָבן ליב צו קריצן זייערע נעמען אויף וואָס עס מאַכט זיך. האָבן זיי נאָר אַ מעסער, אַ שפּיזל אָדער עפּעס אַנדערש, ווילן זיי שוין ניט דורכ־לאָזן די געלעגנהייט פאַרצייכענען עפּעס. אייניקע פאַרצייכענען זייער האָס צו אימיצן. קריצן אויס ביטערע ווערטער. פאַראַכטונג און בייזע רעגונג. אַנדערע — רכילות און פאַררעטערישקייט. און נאָך אַנדערע — סטראַשונקעס. אָבער אָפטער קריצט מען איין די אייגענע נעמען, אָדער די נעמען פון געליבטע.

קופער האָט זיך דערמאָנט אָן טאָמ'ען. האָט אינסטינקטיוו גענומען זוכן דעם נאָמען העלען. פון דעם טומל איז זיין געמיט געווען אַביסל פאַרטונקלט, ווי פון לייכטער פאַרשיכורונג. ער איז

געזעסן און מיט אומעטיקע אויגן געקוקט אויף דעם באַוועגנדיקן עולם. געוואָלט באַגעגענען אימיצן פון די אייגענע שיף־ברידער.

א שטאַרק־אָנגעפּאַרבטע מיידל האָט זיך באַגעגנט מיט זיינע אויגן, האָט א טראַכט געטאָן א ווילע און איז שוין מיט זיכערע טריט צוגעגאַנגען צו זיין טיש. אַליין צוגערוקט א שטול און אוועקגעזעצט זיך:

— מאַטראָסל, וועסט דערלויבן אוועקזעצן זיך נעבן דיר?

קופּער האָט אויף איר א קוק געטאָן. זי איז ניט געווען קיין מיאוסע. זי האָט זאָגאַר געהאַט א סך חן. האָט ער לייכט א בויג געטאָן דעם קאָפּ: און זי האָט גלייך, ווי צו אַן אַלטן באַקאַנטן, אָנגעהויבן צו ריידן:

— אַך, איז מיר נמאס געוואָרן אונזער פּריסקאָ! כ׳וועל אוועקפאָרן פון פּריסקאָ. גוד־באַי פּריסקאָ! גוד־באַי מאַטראָסיק־לאַך! איר וועט מיך מער דאָ ניט זען. און דו, וואָס זיצסטו מיט אַזוינע טרויעריקע אויגן? מסתמא א געליבטע איבערגעלאָזן ערגעץ אין א פּאָרט. עך, מאַטראָסן, איר מאַטראָסן! הער, וואָס איז דיין נאָמען?

— בען קופּער.

— מיסטער קופּער, באַשטעל עפּעס ביים קעלנער. איך בין זייער הונגעריק.

זי האָט א בליץ געטאָן מיט די אויגן, קאָקעטיש אויסגעדרייט דעם פּנים און שוין אַזוי געבליבן אין דער פּאָזע א האַלבע מינוט. קופּער האָט צוגעשטימט מיט א נויג פון קאָפּ. ער האָט שוין אַזעלכע פרויען באַגעגנט אין פּאָרטן. זייער ווייניק געהאַלטן פון זייערע רייד און פון זייער באַקאַנטשאַפט, אָבער די איז אים באַיסל געפעלן גע־וואָרן. ער האָט זיך מיט איר צורעדט וועגן איין זאַך און א צווייטער. און זי האָט באַלד צוגערופן דעם קעלנער, באַשטעלט פאַר זיך און פאַרקופּערן. געווען ווי אַן אייגענער מענטש מיט אים, האָט זיך צוגערוקט נענטער, געקוקט היימיש און נאָענט אין זיינע אויגן, פאַרריכט מיט גוטע פרויען־פינגער זיין נאַכלעסיק צעבונדן מאַטראָסן־שניפּס און גערעדט אַזוינע נאָענטע רייד.

בען קופּער האָט זיך אויך גענומען פילן היימיש מיט איר. ער איז מונטערער געוואָרן, דערפילט, ווי אין זיינע בלוטן הייבן אָן פולסירן די רעגנדיקע בלוטן פון דער מאַסע, וואָס האָט אָנגעפילט דעם שענק. דערפילט אַ נאָענטקייט צו דער פרעמדער מיידל. זי איז געווען זיינע. ער וואָלט זי איצט קיינעם ניט אוועקגעגעבן. און אַז זי איז שפּעטער צוגעגאַנגען צו אים, אוועקגעזעצט זיך בא אים אויף די קני און ארומגענומען מיט דעם הוילן וואַרימען אָרעם זיין האַלז, איז עס שוין פאַר אים געווען נאַטירלאך. זי האָט אריינגע־קוקט אים אין די אויגן, ווי אַ פאַרליבטע. איר ברוסט האָט זיך עט־וואָס געהייבן פון לייכטער אויפרעגונג און פון איר האָט געטראָגן אַ וואַרעמקייט, וואָס האָט גערעגט זיינע בלוטן.

אים איז געווען לייכט אפן הארצן און גוט, גוט פון דער וואַרעמקייט אירער, פון איר ניט אויפריכטיקן פלאַפּלען, פון די ליגנערישע רייד. עס איז געווען אַלץ איינס, אמתע רייד זיינען ניט אַלעמאָל שענער. און מיט איר איז געווען גוט. ער האָט פיל געלאַכט און געוויצלט זיך אויף איר חשבון און געפילט אַז מיט יעדער רגע ווערט זי אים נעענטער און נעענטער. און עס האָט אים ניט געאַרט. זי איז איצט געווען זיין מיידל.

פלוצלינג האָט אַ שטאַרקע האַנט אַראָפּגעריסן זי פון זיין שויס. דאָס מיידל איז מיט אַ לייכטן קוויטש אויפגעשפּרונגען און פאַרלאָרן געקוקט, דאָ אויף קופּערן און דאָ — אויף אַ הויכן מאַטראָס מיט רויטע האָר און אויפגעפלאַמטע אויגן. דער רויטער מאַטראָס האָט זי, אויף אַ גראָבן אופן, באַשאָטן מיט באַליידיקנדיקע ווערטער. דער עולם האָט ארומגערינגלט די דריי, אין אַ קרייז, און מיט אַ שמייכל זיך צוגעהערט צו די זידלערייען. דאָס מיידל איז געשטאַנען און האָט נאָר געפינטלט מיט די אויגן, אַ פאַרלאָרענע.

בען קופּער האָט איין רגע געשוויגן און גלייך דערפילט, ווי עס צינדן זיך אין אים רעגעדיק די בלוטן. יעדעס וואָרט, וואָס איז געפאַלן אפן מיידל האָט אים געברענט, ווי אַ פערזענלאַכע באַליי־דיגונג. ער איז אויפגעשטאַנען און שווער אַ זאָג געטאָן:

— מאַך צו ס׳מויל!

דער רויטער האָט אים אָפּגעמאָסטן מיט די אויפגעפלאַמטע אויגן:

— און דו לאָז אָפּ דאָס מיידל, אז ניט — וועל איך דיין האַלז און נאַקן איבערברעכן!

קופּער האָט דערפילט אַזוי, ווי אימיצער וואָלט אים, באַליי־דיקנדיק, אַ נאַסע שמוציקע שמאַטע אַ שליידער געטאָן אין פּנים אַריין. דער שענק מיט אַלע מענטשן האָט זיך אַ שטאַרקן וויג געטאָן, און אין אַ רגע אַרום האָט ער זיך דערפילט אין דעם ווירבל פון גע־שלעג. און אַז דער רויטער מאַטראָס איז געלעגן אַ צעבלוטיקטער, באַ די פיס פון עולם, ניט קענענדיק אויפהויבן דעם רויטן קאָפּ, האָט קופּער דערהערט אַ באַקאַנט קול. דאָס איז געווען טאָם, וועל־כער איז אַריין אין שענק, זיך מיט די עלנבויגנס דורכגעשטופּט דורך דעם געדיכטן עולם און צוגעהערט זיך צום הייסן אינצידענט:

— אָט אַזוי, בען! אָט אַזוי! גוט געגעבן! ביסט אַ פיינער מאַטראָס, בען. אַ מאַטראָס דאַרף האָבן אַ מיידל. און אָט האָסטו זי! נעם זי און לאָמיר פון דאַנען אַוועקגיין, נו, וואָס זשע שטייסטו? זי איז איצט דיין מיידל.

בען קופּער האָט גענומען דאָס מיידל אונטערן אָרעם און אַלע דריי זיינען אַרויס פון שענק.

אין דרויסן איז געווען אַ שפּעטע שעה. עס האָבן זיך אַרומ־געוואַקלט אויף די טראָטואַרן די לעצטע שיכורלאַכע און מידע מענטשן. די שטאָט האָט זיך געריסן צום שלאָף. די גרעסערע גע־שעפטן האָבן שוין גענומען אויסלעשן זייערע שילדן. מויערן האָבן זיך געטוליעט אין שוואַרצקייט, אָנגעשפּאַרט זיך איינע אָן די אַנדערע, פּלייצע צו פּלייצע, אַוועקגעלייגט די מידע קעפּ איינער דעם אַנדערן אויפן אַקסל, געדרעמלט אומרואיק און שווער.

די דריי זיינען צוגעקומען צום ראָג. האָבן זיך אָפּגעשטעלט. טאָם האָט דער ערשטער אַ זאָג געטאָן:

— נו, קינדערלאַך, איך גיי צו דער שיף. מיינע אַלטע ביינער ווילן רו. די שטאָט האָט היינט היבשלאַך אַ טרייסל געטאָן מיינע אַלטע ביינער. גענוג, מאָרגן איז נאָך אַ טאָג. אַ גוטע נאַכט. כע!

די צוויי זיינען געבליבן. האָבן זיך נאָך אַמאָל אָנגעקוקט, ווי בא דער ערשטער באַקאַנטשאַפט. דערפילט אַ נאָנטקייט איינער צום צווייטן. אַזאַ מאָרנע קרובה'שאַפט האָט זיך געריסן פון האַרצן, וואָס האָט באַרואיקט און געשראָקן.

זי האָט געזאָגט:

— האָט ער דיר ערגעץ ווי געטאָן, טייערער?

ער האָט נאָכלעסיק געענטפערט:

— ע, ס'איז גאָרניט!

אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט. אַ קרומען שמייכל געטאָן און געבליבן אַזוי שטיין מיטן שמייכל, וועלכן זי האָט אין דער פינצ־טערניש ניט באַמערקט.

זי האָט אים אָנגעכאַפּט באַם אַרבל און צוגעשלעפּט צום גאַסיקן גאַז־לאָמפּ. געוואָלט אומבאַדינגט אָנקוקן נאָך אַמאָל זיין פּנים, זיינע אויגן, זען צי יענער האָט ניט איבערגעלאָזן אַ בייל, אַ קראַץ, אָדער אַן אַנדער סימן פון געשלעג. דאָס טונקעלע ליכט האָט זיך געלבלאַך־בלאַס אַוועקגעלייגט אויף קופּערס פּנים און האָט זיך צונויפגעגאָסן מיט זיין שמייכל. זי האָט אַרומגעקוקט, אַרומגעטאַפּט אים, צערטלאַך געגלעט די אַביסל אויפגעפּלאָמטע באַקן זיינע, פאַר־ריכט מיט אַ וואַרימער האַנט דעם צעדרייטן שניפּס און די האָר בא די שלייפן. געזאָגט:

— ביסט אַרויס אַ גאַנצינקער. אוי, קענסטו זיך שלאָגן! כ'האָב געוואוסט, אַז דו וועסט אים געבן. כ'האָב געוואוסט! איך וויל דיך אַ קוש טאָן דערפאַר. נו, בויג זיך איין אַביסל, דו גרויסער!

זי האָט מיט ביידע הענט צוגעצויגן זיין קאָפּ און אַ קוש געטאָן אין די ליפּן. זיינע בלוטן האָבן זיך פלוצלינג אָנגעצונדן. ער האָט זי אריינגעכאַפּט אין אַ שטאַרקער אומאַרמונג און זיי האָבן זיך אַוועקגעגעבן איינער דעם אַנדערן אין לאַנגן פּיינלאַכן קוש.

נאָכדעם איז מען שוין, געאַרמטע, געגאַנגען איבער די גאַסן און גערעדט, ווי אייגענע. מען האָט הילכיק און פרייליאַך געלאַכט און געהאַט צו דערציילן אַ סך שיינע און פּיקאַנטע זאַכן.

די גרויסע ליכטיקע סאַן פראַנציסקאָר מאַרקעט סטריט איז די איינציקע געווען מונטער און לעבעדיק. דאָ זיינען נאָך געווען אַ סך

מענטשן. דאָ האָבן נאָך ליכטיק געברענט שילדן און לאָמפּן. דאָ איז געווען הילכיק דער טראָט און קלינגענדיק די שטימען. מענטשן האָבן געשטראָמט צום האַפן, צו די פּערים. מענטשן האָבן גע־שטראָמט צו דעם גרויסן סיוויק סענטער, צו די ליכטיקע רייכע האָטעלן. אומעטום איז געווען לעבן. די גאַס האָט זיי ארומגענומען און אײַנגעשלונגען, אַוועקגעפירט צום פרייידיקן אָנהייב.

בען קופער האָט געהאַט אַ מיידל.

# אינהאלט: